מײַן ליבן פֿרײַנד,
דעם קולטור-טוער יעקב [illegible]
מיט הערצלעכן גרוס.
אברהם זאַק
2 אויגוסט 1975

אַברהם זאַק

# פֿון אַלע מײַנע יאָרן

אברהם זאַק

# פון אַלע מײַנע יאָרן

(אַנטאָלאָגיע פון מײַנע לידער און פּאָעמעס)

הויפּט־פאַרקויף:
אַלוועלטלעכער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס
אַרגענטינער אָפּטייל
בוענאָס־אײַרעס, 1975

# Fun ale meine joren
# (A través de mis años)

ציכענונג פון דער הילע — **בען** (פּאַריז)

ציכענונג פון מחבר — **הענריק בערלעווי** ע״ה (פּאַריז)

Hecho el Depósito que marca la ley
IMPRESO EN LA ARGENTINA - PRINTED IN ARGENTINA

---

Este libro se terminó de imprimir en el mes de noviembre de 1975,
en los Talleres Gráficos ZLOTOPIORO S.A.C.I.F., Sarmiento 3149, Bs. As.

# פון מחבר

אין דעם ערשטן אָפּטייל — „געזאַנג אין פאַרנאַכט״ — קומען אַרײַן לידער פון די לעצטע עטלעכע יאָר, וועלכע זײַנען נאָך נישט אַרײַן אין קיין בוך. טייל לחלוטין נאָך נישט פאַרעפנטלעכט.

דער צווייטער אָפּטייל — „פון אַלע מײַנע יאָרן״ — איז די אייגנטלעכע אַנטאָלאָגיע, אין וועלכער עס קומט אַרײַן אַן אָפּקלײַב פון אַלע מײַנע צען ביז איצט פאַרעפנטלעכטע לידער־זאַמלונגען: פון יעדער זאַמלונג אַן אָפּקלײַב אונטערן טיטל פון געגעבענעם בוך, מיט אָרט, דאַטע און כראָנאָלאָגישן סדר פון דערשײַנען.

אין צוויי ביכער („יאָרן אין וואַנדער״ און „פון אַלע נע־ונדן״) קומען אַרײַן ציקלען לידער און פּאָעמעס פון בוך „װערבעס בײַם וואַסער״. דאָס זײַנען לידער, וואָס זײַנען געהאַט אַרײַן אין אַ צוגעגרייטער לידער־זאַמלונג אונטערן דאָזיקן נאָמען, וואָס האָט געזאָלט דערשײַנען אין דער סעריע פון יידישן פּען־קלוב אין וואַרשע און איז שוין נישט דערשינען מחמת דעם מלחמה־אויסברוך אין 1939. אונטער די חורבות פון וואַרשע־ווער געטאָ איז, פּונקט ווי די לידער־זאַמלונג, אויך פאַרניכטעט געוואָרן דער מאַנוסקריפּט פון מײַן סצענישן מלחמה־רעפּאָרטאַזש אין 11 בילדער „די ערד אונטער בלוט״.

די לידער פון די ציקלען „װערבעס בײַם וואַסער״ האָב איך נאָך דער מלחמה אָפּגעזוכט אין פאַרשיידענע צײַטשריפטן אין די לענדער פון מײַנע וואַנדערונגען. די נאָך אין ערגעץ ניט־געדרוקטע זײַנען, פאַרשטייט זיך, פאַר מיר פאַרלוירן געגאַנגען, פּונקט ווי דער דערמאָנטער מאַנוסקריפּט פון מײַן סצענישן רעפּאָרטאַזש.

און לסוף — אַ באַמערקונג פון טעכנישן כאַראַקטער:

איך דאַרף מחילה בעטן בײַ מײַנע לידער, וואָס אין די באַגרענעצטע ראַמען פונעם בוך האָב איך זיי נישט געשענקט קיין רחבותדיקן רוים אויף די עמודים, ווי עס פאָדערט די עסטעטישע אויסשטאַטונג פון אַ לידער־בוך: שולדיק דערין איז דער אויפגעשרויפטער ביודזשעט פון אַ בוך אין אונדזער איצטיקער צײַט. בפרט אַז די לאַסט פונעם ביודזשעט פאַלט כמעט תמיד אויפן מחבר גופא...

אַ גרויסן יישר כח מײַן פאַריזער ליבן פרײַנד, דעם גרויסן קינסטלער **בען**, פאַר דער זייער טרעפלעכער הילע־צייכענונג צום בוך.

**א. ז.**

# פּרעלוד

פון אַלע מײַנע יאָרן
וואָס האָב איך אָפּגעשפּאָרט ?
האָב אָפּגעשפּאָרט נאָר לידער,
נאָר דאָס אינטימסטע וואָרט.

האָב אָפּגעשפּאָרט חלומות,
נשמהדיק געזאַנג.
איך בעט בײַ אַלע מוזעס
ס'זאָל בלײַבן כאָטש אויף לאַנג . . .

נאָר וועלן בלײַבן יורשים
פאַר אָט אַזאַ פאַרמעג ?
עס פּײַניקן די ספקות
באַחרית פון די טעג — — —

1975

## ביזן לעצטן טאָג

אַ מוזע מײַנע, נישט פאַרלאָז מיך,
פאַרבלײַב מיט מיר ביז לעצטן טאָג.
אָן דיר — אַ חשכות נעמט אַרום מיך,
כ׳פאַרנעם פון ווינט נאָר אַ געקלאָג.

דו האָסט די טריבסטע יאָרן מײַנע
באַשטראַלט מיט לידער, מיט געזאַנג;
מיט צאַרטן אויפלויכט פון באַגינען,
מיט פורפור פונעם זון־פאַרגאַנג.

אין פרעמדן יאָך פון ווילדער טײַגע —
אויך דאָרט ביסטו מיט מיר געווען.
אין שוואַרצע שעהען פון פאַרצווייפלונג
כ׳האָב דיך דערפילט, האָב דיך דערזען.

און אויך אַצינד, ווען מײַנע וועגן
גענענען שוין צום לעצטן ראַנד —
פאַרזינג מײַן טרויער ביז צום טויער
פון שוואַרצן, שווײַגעוודיקן לאַנד — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1974

## מײַן וועלט

מײַן וועלט קומט מיר אָפט מאָל צו חלום, —
אַ בלויע, אַ לויטערע וועלט!
עס קומען געשטאַלטן פון קברים,
מיט יונגשאַפט פון עבר צעהעלט.

מיט פרייד, מיט געזאַנג, מיט חלומות,
מיט גלויבן אין ליכטיקער צײַט:
(עס איז נאָך געווען פאַרן מבול,
פון בלוטיקן מבול נאָך ווײַט...).

זיי האָבן דערזען אונדזער אמת,
די טריבע, פֿאַרבלוטיקטע ערד...
מען פֿליט טאָקע הויך צו לבֿנה —
דער מענטש אָבער נידריקער ווערט...

דער מענטש דאָך געהאַט אַמאָל פֿליגל,
געשוועבט דאָך אין עתיד אַרײַן...
איצט ווו זײַנע פֿליגל? זײַן גלויבן?
פֿון עתיד דער הייליקער שײַן? — — —

אַנטוישט די געשטאַלטן — זיי אײַלן
צוריק אין דעם קבֿרים־געצעלט:
זיי ווילן נישט זען אַזאַ אמת,
זיי ווילן נישט זען אַזאַ וועלט! — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1973

## טיי־וויי־סיי...

סײַ ווי סײַ שטיי איך אַליין בײַ דעם אָנהייב,
ס׳האָבן יאָרן מיך זאַט נישט געמאַכט, —
גלײַך ווי ערשט כ׳וואָלט דערזען אַלע וווּנדער,
אַלע וווּנדער פֿון טאָג און פֿון נאַכט.

און דער כּישוף פֿון זון און פֿון שטערן
הילט נאָך אײַן מײַן נשמה, מײַן זין.
כ׳ווער באַרוישט אַליין פֿון ערדישער שיינקייט,
כ׳ווער פֿאַרשיכורט פֿון ווײַסן זשאַסמין.

כ׳ווער געפֿאַנגען פֿון פֿרוייִשע רייצן,
פֿון דער ליבשאַפֿט באַרוישט ווי אַמאָל.
אַז עס וועקט מיך אַיעטוועדער פֿרילינג,
יעדע גרינקייט פֿון באַרג און פֿון טאָל.

אַלע וועגן מיך לאָקן אין ווײַטקייט,
אינעם בלויען צעשפּרייטן אין־סוף...
אַז איך שטיי ווי אַמאָל אַלץ בײַם אָנהייב, —
נישט דערמאָנט מיך דעם אייביקן שלאָף — — — —

מאר דעל פּלאַטאַ, 1974

## צו פּרצן

(צו זײַן 60סטן יאָרצײַט)

ווי פיל טײַכן פון בלוט שוין פאַרשוווּמען
זינט דו ביסט נישטאָ!
דײַנע ייִדן אַוועק מיט די רויכן
אין גרויליקער שעה...

איצט נישטאָ שוין דײַן ייִדישע יוגנט
פון ווײַטן אַמאָל, —
וואָס פלעגט שטראָמען צו דיר אין „הזמיר",
צו הערן דײַן קול...

דו פלעגסט צינדן די הערצער די יונגע
מיט הייליקן פלאַם.
שוין נישטאָ יענע יוגנט, דערטרונקען
אין בלוטיקן ים — — —

ווען וואָלסט אויפשטיין פון קבר אַ בליק טאָן
צו וואַרשע — דײַן שטאָט.
אַז גאָר אַנדערע נאַלעווקעס, גזשיבאָוו,
אָן ייִדן, אָן גאָט — — —

איצט געבליבן אויף גענשער בית־עולם
דײַן „אוהל" אַליין...
שוין נישטאָ דאָרט דײַן פאָלק. קיינער קומט נישט
מיט קיין בלימל צוגיין...

דײַנע יורשים צעשפּרייט איבער לענדער,
צעיאָגט אין דער פרעמד...
ס׳ווערט דײַן לשון פון אייגענע ברידער
פאַרלאָזט און פאַרשעמט...

ווען דו קומסט איצט אין מלכות ישראל, —
אָ, נחת אַ סך! —
נאָר עס וואָלט דיך געפּלעפט: ווי פאַרשעמט מען
אַן אייגענע שפּראַך?! — — —

מאָר דעל פּלאַטאַ, 1975

## צוריקגאַנג

ווען דו האָלטסט שוין בײַ פּרשה צוריקגאַנג
אין שפּיל אויף דער זינדיקער ערד;
ווען די שטורעמס שוין ווערן פאַרלאָשן,
די נשמה פון פּײַנען פאַרצערט, —

ווען דאָס הייליקע, שיינע צעטראָטן
דורך משחית פון הפקרער צײַט;
ווען געבליבן נאָר חורבות, נאָר חורבות
פון היים דאָרטן ווײַט, דאָרטן ווײַט... —

ווען דו האָלטסט שוין בײַ פּרשה צוריקגאַנג
עס ווילט זיך פאַרהאַלטן דעם גאַנג:
ס׳קאָן דאָך אפשר נאָך אויפגיין אַ לעבן,
צעקלינגען אַ נײַער געזאַנג...

דאָרטן ווײַט, צווישן חורבות און אַשן
אַ נביא באַווײַזן זיך קען...
ס׳וועלן לעבעדיק ווערן די ביינער
אַזוי ווי אַמאָל שוין געשען — — —

מאָר דעל פּלאַטאַ, 1974

## דער גאַסט דער אומגעבעטענער

דער גאַסט דער אומגעבעטענער,
דוכט, קלאַפּט שוין אין מײַן טיר...
גאַר פּלוצלינגטהאַלבן, חוצפּהדיק
ער יאַוועט זיך צו מיר?!...

איך האָב גאָר איצט קיין צײַט צו אים,
פאַרנומען איצט ביז גאָר.
אין מיטן שרײַבן דאָס און יענץ —
ווער דאַרף אים, דעם שוואַרץ־יאָר?...

ניין, כ׳וועל די טיר נישט עפענען,
איך וויל אים גאָר נישט זען.
נאָר ווײ! אַפילו דורך דער וואַנט
אַרײַנגיין אויך ער קען...

איך אײַל מיך, וויל פאַרענדיקן
כאָטש נאָך, כאָטש נאָך איין ליד...
נאָר „יענער" קלאַפּט, זײַן חלף שאַרפט,
ווערט קיין מאָל זאַט פון שניט — — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1975

## אין אַ טאָג אַ טריבן

אַ גאַנציקן טאָג הײַנט דער הימל פאַרכמאַרעט,
דער דרויסן אַרום אַזוי טרויעריק, טריב, —
דאָך מיך טראָגט דער דמיון אַוועק צו אַ פרילינג,
ווו אַלץ איז צעזוניקט, ווו אַלץ אַזוי ליב...

כ׳צעצינד אין קאַמין מיר דאָס פריילעכע פײַער —
און ס׳שטייט־אויף אַ וועלט, וואָס איז לאַנג שוין נישטאָ...
כ׳זע פּנימער, פּנימער... נאָנטע... באַקאַנטע...
ווי גײַסטער אין שטילער פאַרחלומטער שעה — — —

ס'איז גוט מיר אַזוי מיט די היימישע אַלטע,
די ליבע געשטאַלטן, פון עבר די פרײַנד.
פאַרגעסט אין די רגעס די לאַסט פון די יאָרן,
די אומעטן אַלע, וואָס פרעסן דיך הײַנט.

כ'צעצינד אין קאַמין מיר דאָס פריילעכע פײַער,
עס ווערט אַזוי לײַכט, ווי אַמאָל, ווי שוין לאַנג...
ס'פאַרגעסט זיך אַזוי מיר דער גזר פונעם גורל,
קומט ווידער די יונגשאַפט מיט ליד, מיט געזאַנג — — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1975

## אַ יעטוועדער וועג...

אַ יעטוועדער וועג טוט מיך רייצן און לאָקן,
אַ יעטוועדער וועג איז מיר נײַ, אומבאַקאַנט.
געבוירן בײַ מיר ווערט אַ נײַע דערוואַרטונג,
גלײַך ערב אַ נײַעם געפונענעם לאַנד.

און וויפל שוין לענדער איך האָב דאָך געמאָסטן,
דורך ערדן, דורך בלויקייט פון עטער, דורך ים, —
דאָך ווערט נישט געשטילט אַלץ דער דורשט פון נשמה,
די בענקשאַפט צעגליט איז אַזוי ווי אַ פלאַם.

עס ציט מיך אין ווײַטן, אין ערגעצן ווײַטע,
עס יאָגט מיך די גרויקייט פון וואָכיקע טעג.
גלײַך ערגעץ וואָלט וואַרטן אַ יום־טוב אַ גרויסער,
מען דאַרף צו דעם יום־טוב נאָר טרעפן דעם וועג — — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1974

## אַזוי פיל מאָל...

אַזוי פיל מאָל, אַזוי פיל מאָל שוין, דאַכט זיך, כ׳בין געוועזן
בײַם סאַמע אָפּגרונט, אין מלאך־המוות׳ס לאַנד;
נאָר ס׳האָט צו מיר אויך, ווי אַמאָל בײַ דער עקידה יצחקס,
זיך פּלוצלינג אויסגעשטרעקט אַ גוטן מלאכס האַנט:

אויף שלאַכט־פעלדער... אין דעם שגעון־ווירוואַר פון מלחמה...
מיט בלײַ און טויט געהאָגלט האָט עס איבער מיר.
און שפּעטער — — ווײַסער קאַלטער טויט אין ים פון טיפע שנייען
אין ווילדע טײַגעס פון פאַרוואָרפענעם סיביר... —

און אין דער שוואַרצער היטלער־נאַכט, ווען מ׳האָט מײַן פאָלק געטריבן
צו בראַנדיקער עקידה אין זײַן לעצטן וועג;
ווען אויפגעגאַנגען צו די הימלען זײַנען די יללות
און ים פון בלוט געפלייצט אַריבער יעדן ברעג, —

ס׳האָט אומעטום געוויזן זיך די האַנט פון גוטן מלאך,
וואָס האָט אין צײַט מיך אויסגעלייזט פון חלפס שניט;
פון לאַנגגן פײַן און וואָגל, פון די וויסטע נע־ונדן
אַרויס כ׳בין גאַנץ מיט לײַב־און־לעבן, מיט מײַן ליד.

וועט אויכעט איצטער ווידער אין מײַן אומעטיקן אָסיען
זיך אויסשטרעקן צו מיר דעם גואלס צאַרטע האַנט?
וועט ווײַזן זיך צו מיר דער גוטער מלאך, ווי אַ מאַמע,
ווען כ׳וועל שוין שטיין אַן עלנטער בײַם לעצטן ראַנד? — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1974

## איך בין געבליבן...

איך בין געבליבן ווי אַ קדיש־זאָגער
נאָך אַ פאַרגאַנגען־טויטער וועלט:
אַזוי פיל זינגערס־זאָגערס — פען־חברים —
שוין אויף אַ בית־הקברות־פעלד.

בית־עולמס דאָ, בית־עולמס אין מרחקים
פאַרשלונגען זיי אין סאַמע מיט.
אין סאַמע מיט פון זייערע געזאַנגען
געקומען איז דער טויטן־שניט.

איז שווער דער טריבער גורל פון אַן אָבל
אין פוסט־געוואָרענעם געצעלט.
איז שווער דער עלנט, שווער דער אָבל־קדיש
נאָך דער פאַרגאַנגען־טויטער וועלט.

אַלץ קלענער, איינגעשרומפּענער די מחנה
פון דעם צעזונגענעם פּאַרנאַס.
דאָס ליד דאָס יידישע אַצינד — דער יתום —
קלינגט אָבלדיק אויף אונדזער גאַס — — — —

בוענאָס־איירעס, 1974

## „זאָט אין יאָרן"...

ווער זאָגט עס: „זאָט אין יאָרן"? —
אַז ס'האַרץ איז אַזוי יונג,
(כאָטש, אמת, מער געלאַסן
די טריט, — נישט גרייט צו שפּרונג...).

אַז פריש איז נאָך מיין הונגער
צו אַלץ, וואָס בליט און רייצט;
צום כישוף פונעם פרילינג,
וואָס קוואַלן חדווה פלייצט;

צום פעלד, צום בוים, צום גרעזל,
צום שטילן רויש פון וואַלד;
צום שמעטערלינג, וואָס פלאַטערט,
צום פייגל־כאָר, וואָס שאַלט.

אַז ס'גליט אין מיר אַ הונגער
צו אַלץ, וואָס יונג דערוואַכט, —

ווען זומער ווי אַ יונגפרוי
צעוויקלט זיך אין פּראַכט.

אַז ס׳כישופט גרינער רחבות,
אַז ס׳לאָקן באַרג און טאָל;
אַז ס׳ברענט נאָך האַרץ אין פלאַמען,
אַ בענקען ווי אַמאָל...

אַז כ׳שטיי נאָך, דוכט, ביים אָנהייב,
מיט יונגשאַפט אין געמיט... —
מעג שניי מיין קאָפּ באַדעקן,
אַזוי ביז לעצטן ליד — — —

בוענאָס־איירעס, 1974

## מיין פאָלק איז צעטיילט...

מיין פאָלק איז צעטיילט, איז צעריסן אויף שבטים,
די שבטים צעוואָרפן דאָ־דאָרט איבער ערד.
איעטוועדער שבט מאַכט פאַר־זיך זיין שבת,
און ס׳וואַקסט די מחיצה, אַלץ גרעסער זי ווערט.

אַך, אייביק די שבטים, פון אוראַלטע צייטן —
די אייביקע קללה פאַר עברישן שטאַם.
ווו איז ער, דער נביא, וואָס זאָל זיי באַהעפטן,
צעשטערן דעם גדר, צעברעכן דעם צאַם?

אַך, דער דור־הפלגה, ער דויערט זינט דורות,
צעמישונג פון שפּראַכן, פון קלאָרן געדאַנק.
וואַקסט טיפער דער תהום צווישן שבט און שבט,
און ס׳איז שוין קיין חידוש — מיין אומה איז קראַנק.

צי קאָן נאָך געמאָלט זיין אַן אַחרית הימים?
און קאָן אַ גאולה נאָך קומען אַ מאָל?

אַז ברודער צו ברודער מיט האַרץ זאָל זיך שטרעקן?
פון שופר משיחס זאָל שאַלן דער קול? — — — —

בוענאָס־איירעס, 1974

## ישראל־מאָטיוון

### א. בײַם כותל המערבי

איך האָב נישט פאַרגאָסן קיין טרערן
בײַ דיר אויף די שטיינער די אַלטע.
איך האָב זיך געפרייט מיט דעם װוּנדער
צוזאַמען מיט ייִדן צעשטראַלטע.

געפרייט זיך גלײַך ווי מיט אַ מאַמען,
וואָס האָסט נישט געזען שוין זיבט יאָרן;
וואָס תמיד דו זעסט אין דײַן בענקען
און גייט נישט אַרויס פון זכרון.

איצט איז זי מיט אונדז שוין צוזאַמען,
פאַרנעמט שטום די תפילות, געבעטן;
דערמאָנט אונדז אַמאָליקע גדולה
פון פרי ביז אין אָוונט אין שפּעטן.

עס שטראָמען צו איר אירע קינדער,
מען קושט זי אין הייליקן ציטער.
עס וועט אונדז שוין קיינער צעשיידן,
קיין שונא און קיין שום געוויטער.

עס וועט אונדז שוין קיינער צעשיידן,
אין קדושה און גבורה באַגײַסטער.
אַ פאָלק — אַ בן־חורין געוואָרן,
פון פרעמדשאַפט, פון יאָך אַ באַפרײַטער...

ירושלים, 1972

ב. די צוואה פון קדושים

און האָט שוין מײַן פאָלק אויך דעראָבערט אַ ווינקל
אַ מקלט נאָך ימים פאַרגאָסענעם בלוט, —
אַן אַלטע ירושה פון דורות פון גרויע,
וווּ ס׳האָבן די אָבות פאַרצײַטן גערוט... —

און האָט שוין מײַן אומה געפונען מנוחה,
אַן אייגענעם הימל, אַן אייגענע ערד... —
ווי וועלף ווי צערייצטע די מחנות פון שונאים,
מוז פאָלק אָפּט פאַרבײַטן דעם אַקער אויף שווערד.

ס׳איז ווייניק דער מס פון די זעקס מיליאָן קדושים,
„ענדגילטיקע לייזונג!״ — וויל דווקא דער פײַנט:
עס זאָל פון קיין ייִדן קיין זכר נישט בלײַבן —
אַזוי ווילן שונאים, ווי נעכטן אויך הײַנט.

נאָר ס׳לאָזט זיך מײַן פאָלק מער נישט ווערגן, ניט שעכטן —
די שוואַכע געוואָרן גיבורים, אַן שרעק!
דאָס איז די צוואה פון אונדזערע קדושים,
די צײַט פון די גאַזקאַמערס אין שוין אַוועק — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1974

ג. זייערע מאַמעס

דעם זכר פון די געפאַלענע
צה״ל־העלדן אין דער יום־כיפור־מלחמה.

זייערע מאַמעס אין טרויער אין שוואַרצן
צום כותל־מערבי ווי שאָטנס זיי קומען,
זיי קומען מיט מאַמעשע טרערן פאַרשטיקטע,
מיט פינצטערן צער דערוואָרגענעם, שטומען.

זיי טוליען די שטערנס, צעברענטע פון פּײַנען,
צו שטיינער פון כותל, צו שווײַגיקע, קאַלטע.
עס האָבן שוין אײַנגעזאַפּט טרערן פון דורות
געגנוג שוין, בשפע, די שטיינער די אַלטע.

זיי טענהן זיך אויס מיט די שטיינער בלחש:
„יאָ, אמת, די זין ווי די העלדן געפאַלן
פאַר הייליקער ערד און פאַר אומה געפלאָגטער,
און ס׳וועט זייער זכר אין קדושה צעשטראַלן...

נאָר ווער זשע וועט גאַנץ מאַכן הערצער פון מאַמעס?
די הערצער פון פינצטערער בשורה צעבראָכן?" — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
אַזוי קומען מאַמעס אין שוואַרצן צום כותל
און זוכן נחמה, און זוכן בטחון — — — —

מאר דעל פלאטא, 1973

ד. אַזוי פיל קברים...

אַזוי פיל קברים שוין צעזייט־צעשפרייט אין קליינעם לאַנד,
מצבות ווײַסע נאָך קרבנות דאָ און דאָרט.
פון אַלע גרענעצן דרינגט האַס, דרינגט שנאה נאָך אַנאַנד,
די שונאים לויערן פון יעדן, יעדן אָרט.

דו צאָלסט דעם גרויסן מס פון בלוט בשפע, אָן אַ שיעור,
מיט לעבנס פון די שענסטע, יינגסטע העלדן־זין.
צה״ל — דײַן פעסטונג! ברויזט מיט שוים דמשק, ברויזט קאַיר.
אַ וועלט פון שונאים, ווו לית דיין ולית דין.

און ס׳קוקט זיך צו די וועלט ווי צו אַ „שוישפיל", קוקט און שווײַגט
ווי דאַן, ווען אַ מטורף האָט אַ פאָלק געברענט...
און ס׳גיסט נאָך בוימאייל צו צום פלאַם יענץ לאַנד, וואָס תמיד לײַגט
און גיט אַ מעסער נאָך די רוצחים אין די הענט...

איז הייליק דער געראַנגל פאַר דער אויסגעטרוימטער ערד,
עס לאָקט דער באַחרית הימים אויף דער פאַן —
ווען ס׳וועט אין אַקעראײַזן דאָך פאַרוואַנדלען זיך די שווערד
און ס׳הייבט אַ צײַט פון ליבשאַפט אויף דער ערד זיך אָן — — — —

מאר דעל פלאטא, 1975

## ה. צוויי חברים

(אַ ישׂראל־ראָמאַנס)

(געשריבן אונטער
אַ מעלאָדיע פון לעאָן ווײַנער)

חברים צוויי געווען אין דער מדינה,
אַוועק אין סיני קעמפן זײַנען זיי.
ביידע יונגע סאַברעס, ביידע העלדן,
פלאַמיקע צה״ל־סאָלדאַטן צוויי.

איינעם אַ גראַנאַט האָט שווער פאַרוווּנדעט,
אַ קויל דעם צווייטן האָט געטאָן אַ ברען.
האָט מען זיי די ווונדן פעסט פאַרבונדן,
און ביידע לעבן — ס׳איז אַ נס געשען.

ביידע אין שפּיטאָל זיך דאָן געטראָפן,
בעט לעם בעט, נאָר ביידע צוגעשמידט.
ביידע יונגע סאַברעס, ביידע העלדן,
איעדערן די פרישע ווונד נאָך בריט.

ביידן מיט אַ לעפעלע געקאָרמעט,
מיט אַ שמייכל לינד געמאַכט דעם וויי, —
האָט די שיינע קראַנקן־שוועסטער נעמי,
געגאַרט צו איר האָט איטלעכער פון זיי.

געזונט געוואָרן — און צוריק אין סיני,
וווּ ס׳האַלטן וואַך די העלדן פון צה״ל.
באַגלייט האָט ביידן נעמי מיט איר שמייכל,
געווישט אַ טרער, געפּאַכעט מיטן שאַל.

און קיינער פון זיי ביידן נישט געוווּסט האָט,
אַז נעמיס האַרץ אַן אַנדערן געהערט:
אויך אַ העלד פון סיני, אים דערוואַרט זי,
יענער איז פון לאַנג שוין איר באַשערט.

און דאָרט אין סיני, אונטער קאַלטע שטערן,
געחלומט האָט איעדער שטיל און צאַרט
פון דער ליבער שמייכלדיקער נעמי,
יעדער גלייבט, אַז נאָר אויף אים זי וואַרט...

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1972

## אין די געסלעך פון יהודה הלוי

טאָלעדאָ... ס'האָט אַמאָל געטראָטן אַ פאַרבענקטער
דער שטילער בעל־חלומות דאָ, דער גרויסער ייִד, —
נאָך אידער ר'האָט אין טאָג „דעם ים זיך אָפּגעגעבן"
מיט ליבשאַפט, מיטן הארץ צו ציון אין זײַן ליד...

איך האָב געזוכט זײַן שאָטן דאָ, די וואָגל־שפּורן,
נאָר צלמים האָבן מיך באַגעגנט אומעטום.
און אונטער צלם האָט מען דאָ געברענט מײַן אומה,
אין שײַטערס „שמע ישראל" איז געוואָרן שטום...

געבליבן נאָר אַ סינאַגאָגע אַ פאַרשוועכטע,
מיט קלויסטער־גלאָק דערבײַ, מיט צלם אין דער הויך.
„עפּאָכע גאָלדענע"... גאונים... דיכטערס... דענקערס... —
נישטאָ קיין סימן מער, פאַרשווונדן ווי אַ רויך — — —

טאָלעדאָ, 1972

## כ'האָב ליב דאָס געזאַנג...

כ'האָב ליב דאָס געזאַנג פון צעשטורעמטן ים,
ווען שוימיקע בערגלעך באַפאַלן זײַן פלאַך.
בעטהאָוועו בײַם שרײַבן זײַן „נײַנטע" מסתּם
צעפלאַמט האָט פאַרנומען פון שטורעם די שפּראַך.

כ'האָב ליב דאָס געברויז. דוכט, עס קערט זיך אַ וועלט.
אויף העכסטער אָקטאַווע צעזונגען אַ כאָר.

ס׳רײַסט־מיט די סימפאָניע, אַזש אָטעם פֿאַרפֿעלט.
זינגסט־מיט מיטן שטורעם מיט שטורעמס „מאַזשאָר״.

פֿאַרשעמט דײַן „אַנדאַנטע״, דײַן שטילער געזאַנג
אַנטקעגן צעברויזטן, צעשטורעמטן ים.
שאַ! ס׳ענטפֿערט אויך הימל מיט דונער־געקלאַנג,
צעפֿלאַקערט מיט בליצן, מיט פֿײַער און פֿלאַם — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1973

## אין ראָד

עס יאָגן זיך טעג און עס יאָגן זיך יאָרן,
אַזוי ווי אַ ראָד אין געדריי.
זיי יאָגן מיט זון זיך, מיט שטערן, לבֿנה, —
אין ווירבל צוזאַמען מיט זיי.

עס שווינדלט אין קאָפּ שוין דאָס שוועבן, דאָס יאָגן,
דער אייביקער שטומער געיעג.
ווי קאָנסטו פֿאַרהאַלטן די אײביקע שטערן?
ווי קאָנסטו פֿאַרהאַלטן די טעג?...

וווּהין און ביז וואַנען דאָס פֿליִען, דאָס שוועבן?
פֿאַראַן איז דען ערגעץ אַ ברעג?
דו פֿרעגסט — נאָר עס שטומען די זון און די שטערן
אין מיטן געלאַף פֿון די טעג.

אומזיסט! די גלגלים אין אייביקן שווײַגן,
זיי בלײַבן ניט שטיין אינעם וועג.
נאָר דו... אָ, בלויז דו האָסט אַ מעטע, אַ גרענעץ,
עס בלײַבן דאָן שטיין דײַנע טעג — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1973

## נישט נעם זיך איבער...

בן־אָדמל! נישט נעם זיך איבער מיט די בידנע יאָרעלעך —
אַז אויך יאָרטויזנטער פאַר אייביקייט אַ רגע בלויז.
די שלעסער דײַנע לופטיקע, דײַן גאַנצער ברען און יאָגעניש —
אַ שפּילכל פון אַ לץ איז נאַר, אַ שפּאַסעלע און — אויס!...

בן־אָדמל פאַרנאַרישטער! סך־הכל איז דײַן וועלטעלע —
אַ שטויבעלע אין חלל צווישן שטויבעלעך אַ שלל.
מיליאָסן שטויבעלעך אַזוי אין ראַשן פלי אין אייביקן,
אַ שפּיל־געיעג אַן אייביקער, אַ וויסטער כף־הקל.

בן־אָדמל — דו פליגעלע! דו פליגעלע צוויי־פיסיקע!
דײַן גאַנצע טרוימעניש אַ נישטעלע, אַ פּוסטער נול.
אַז ס׳גאַנצע ערדעלע איז בלויז אַ פּינטעלע אַ שוועבעדיקס,
אַ וועלטל מיקראָסקאָפּישע, וואָס איז געוואָרן דול...

צעקריגט, צעפלאַמט די פליגעלעך אין ראַנגלעניש, אין שטעכעניש
און טרינקען זיך אין ימעלעך, אין ימעלעך פון בלוט...
און ס׳קײַכט דער לץ דער קאָסמישער, דער לץ פון גרויער אייביקייט,
ער קײַכט פון שפּאַס פון אייגענעם און זאָגט: „כי טוב, ס׳איז גוט“ ———

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1973

## אין אַ פאַרטאָגיקן שטורעם

דער אָקעאַן אַ כעסיקער האָט הײַנט פאַר טאָג דערוואַכט,
ווי נאָך אַ בייזן, וויסטן חלום אין דער בלינדער נאַכט.

ער וואַרפט זיך מיט אַ צאָרן שוימיקן צום שטילן ברעג.
די כוואַליעס ברויזן, שטורעמען אין ווילדן קריג־געיעג.

עס האָט צעשפּילט, צעפלאַקערט זיך אַן אמתדיקע שלאַכט,
און ס׳ליגט אַן אונטערטעניקע די בידנע ערד אַן מאַכט.

צי איז עס קעגן בריאת עולם פלוצלינג אַ פאַרמעסט?
צי קעגן מענטש דעם חוטא? קעגן פויגל אינעם נעסט?

ס׳האָט גאָט דאָך צוגעזאָגט, אַז „ס׳וועט קיין מבול מער נישט זײַן״...
חרטה גאָר? און אפשר נעמט ער צו אויך זונענשײַן?...

ווײַל כמאַרעס שווערע, שוואַרצע פינצטערן מיט גרויל אַרום, —
צי האַלט עס שוין בײַם לעצטן אונטערגאַנג פאַר כל היקום?...

צי ווידער מעשה־סדום? צי איבערפולט די ערד מיט זינד?
קומט איצט נקמה פאַרן בלוט פון זקן און פון קינד? — — —

נאָר, גאָט! געפינסטו נישט קיין צדיק מער אין נײַעם סדום?
דער הימל שטומט, נאָר אָקעאַן ער ברומט — אַ וויסטער תהום! — — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1973

## פּאַריזער מאָטיוון

### 1. אין ביט־שאָמאָן

אין ביט־שאָמאָן עס שווימען רחבותדיק די ווײַסע שוואַנען
אין טיפן גרינעם טאָל אויף דין געקנייטשטער וואַסערפלאַך.
אין פּאַרק געבערגלטן זיך שפּרייט אַ גאָט־געבענטשטע שטילקייט,
אַן אינדזל פאַר בעלי־חלומות פונעם אַלטן כרך.

אַרויף־אַראָפּ. בוים אַריבער בוים. דאָ זון, דאָ שאָטן.
דער מענטש פון זאָרג מנוחה דאָ געפינט פאַר זײַן געמיט.
פאַר זקן, קינד — פאַר אַלעמען איז דער גן־עדן גרינער.
ס׳באַרוישט אַ דינער אַראָמאַט ווען פרילינג גרין צעבליט.

און ווער עס זוכט אַ מאָל התבודדות אין דער שטאָט צערוישטער,
ווער לויפן וויל פון אַלעמען און אויך פון זיך אַליין —
דער ביט־שאָמאָן נעמט וואַרעם אויף מיט גאַסטפרײַנדשאַפט און ברכה
אויף זײַנע גרינע טעפּיכער: „קומט, קומט צו מיר צוגייך״...

פּאַריז, 1972

II. אויף פּער לאַשעז

אויף פּער לאַשעז פֿאַרבלאַסט איז איצט די וואַנט פֿון קאָמונאַרן
לגבי אַלע דענקמעלער אַנטקעגן אין אַליי:
פֿון מאַטהויזן... מײַדאַנעק... אוישוויץ... ס'איז נישט צום פֿאַרגלײַכן
מיט יענעם גרויל פֿון גאַז־קאַמערס, מיט יענעם ווײ־געשריי...

אַט זעסט אין בראָנדז: אַ מענטש — דער קרבן־מענטש — גייט־אויף
אין פֿלאַמען,

און הימל נעמט דעם קדוש אויף מיט גלײַכגילט־קאַלטן בלוי.
און נעבעכדיק געווען די וועלט, פֿאַרקלעמט אין אַ פּחדנות,
ווען ברוינער תליון האָט דערשטיקט דעם קרבנס לעצטן „אוי" — — — —

אויף פּער לאַשעז אין מאַרמאָר־גלאַנץ פֿון קברימשע פּאַלאַצלעך
פֿון ניט־געשטערטער רו געניסן וועלט־באַרימטע לײַט.
ס'איז די ירושה זייערע — מאָראַלישע טראַקטאַטן —
צעטראָטן דורך די קאַניבאַלן פֿון דער „נײַער צײַט"...

נאַיִוו געווען געפֿאַלענע בײַ וואַנט פֿון קאָמונאַרן.
פֿאַרשוועכט ווערט מענטשנס אידעאַל אויף אונטער רויטער פֿאָן...
דער מענטש — דער קדוש־מענטש — גייט־אויף אין פֿלאַם, מיט
אים זײַן גלויבן,
אין נײַער צײַט אַטאָמישער און טויטן דורך „ציקלאָן" — — —

פּאַריז, 1972

# יענע ערד...

יענע ערד פֿלעג איך תּמיד דערמאָנען
מיט אַ בענקען, מיט הייליקן פֿלאַם.
יענעם טאָל פֿלעג איך זען אין מײַן חלום,
צו מיר שטראָמען פֿלעגט ליבשאַפֿט אַ ים.

און אַ ליבשאַפֿט אויך איך פֿלעג דאָרט שיקן
פֿון די פֿרעמדן די קאַלטע אין וועלט.
פֿלעג איך קומען אַהין ווען אַ מידער
אין די טעג ווען אַ טרייסט האָט געפֿעלט.

פלעגט מיך טרייסטן אַ מאַמעשע ברכה,
פלעגט פאַרוויגן דער היימישער וואַלד.
אין פרימאָרגן פלעגט וועקן אַ שוועלבל
ווען דאָס פענצטער אין זון שוין צעשטראַלט.

פלעגט מיר שמעקן דאָס אָרעמע שוואַרצברויט
מיט נאָך וואַרעמער מילך פון דער קו.
דאָס דערלאַנגט האָט אַ מאַמעשע האַנט מיר,
וואָס געשטראָמט מיט נחמה און רו — — —

יענע ערד... איצט איז זי אַ פאַרשווועכטע
נאָכן מבול פון טרערן און בלוט...
שוין נישטאָ דאָרטן ווער ס׳זאָל מיך טרייסטן
אין אַ טריבער, אין שווערער מינוט.

שוין נישטאָ דאָרטן איצטער איז קיינער
פון די נאָנטסטע, פון ליבן אַמאָל...
נאָר די אַשן און שטויבן געבליבן
פון זיי אַלע אין היימישן טאָל.

ס׳איז די ערד איצטער דאָרטן אַ פרעמדע,
ס׳ברענגט דער ווינט, דוכט, פון דאָרט אַ געוויין.
איך פאַרנעם עס אין נעכט אין די שטילע
ווען איך בלײַב מיטן טרויער אַליין — — —

1971

## אַדרעסן

מײַן טאַשן־בלאָקל פול געוואָרן,
פאַרשריבן שוין אַ יעדע זײַט.
קיין חידוש; כ׳האָב עס שוין זינט יאָרן,
זיך אײַנשאַפן אַ נײַס שוין צײַט.

אַ שלל אַדרעסן: פרײַנד... חברים...
צעזייט, צעשפרייט אין יעדן לאַנד.

כ׳נעם איבערשרײַבן טייל אַדרעסן
און כ׳שפּיר אַ ציטער אין מײַן האַנט:

אַזוי פיל שוין איצט מער נישט גילטיק,
שוין איבעריק נישט אײן אַדרעס:
אַזוי פיל פרײַנד שוין איצט נישטאָ מער,
ס׳איז דער און יענער שוין אַ מת...

זיי אַלע האָבן אײן אַדרעס איצט:
עולם האמת... ס׳גרוילט, אַ שרעק!
אין נײַעם בלאָקל איז שוין שיטער —
נישטאָ דאָך די, וואָס שוין אַוועק — — —

כ׳לייג־אָפּ דאָס אַלטע בלאָקל איצטער
צום פּעקל בלאָקלעך אין אַרכיוו...
ס׳איז יעדער בלאָקל — אַ בית־עולם
צעווישן אַלע ליבע בריוו — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1972

## פאַר וועמען?

און וועסטו אַ טראַכט טאָן: פאַר וועמען?
פאַר וועמען דײַן וואָרט און דײַן טרוים?
פאַר וועמען דײַן מי פון אַ לעבן?
פאַר וועמען די פרוכט פון דײַן בוים?

צי וועלן זיך ווײַזן נאָך יורשים,
וואָס ירשענען וועלן דײַן וועלט?
צי עלנט דײַן בוים וועט פאַרבלײַבן?
די פרוכט וועט פאַרדאַרן פון קעלט?

אַז פרעמדע די דורות, וואָס קומען;
אַז פרעמד זיי דײַן חלום, דײַן שפּראַך,
אַז ס׳לאָקן זיי געצן און תרפים,
די פײַערן פרעמדע פון כרך.

אַז אָפּגעפּרעמדט ווערט זי, די יוגנט,
אַ יוגנט מיט קודלעס, מיט בערד...
עס טיילט דיך פון זיי אָפּ אַן אָפּגרונט,
כאָטש טרעטסט אויף דער זעלביקער ערד.

פאַר וועמען דײַן ליד און דײַן חלום?
דײַן וועלט ווערט אַלץ שמעלער און קליין.
עס ווילדעווען הפקרע ווינטן,
וואָס ווייען מיט שרעק פון פאַרגיין — — — —

מאר דעל פלאטא, 1972

## צו מײַנע גבורות

איך מאַך אַ סך־הכל, דעם חשבון־הנפש,
איך חשבון און חשבון מיט סדר די יאָרן.
נאָר כ׳בין מיטן חשבון נישט שווה בשווה,
אַזוי פיל די יאָרן אָן תכלית פאַרלאָרן.

די יאָרן פון פּײַנען, די יאָרן יסורים —
זיי וויל איך אין ספר־החיים נישט ציילן...
מלחמות... פּורעניות... און תפיסה און לאַגער... —
אַ שאַנד גאָר פאַר מענטשלעכן מין צו דערציילן.

אַ קינדהייט אָן פרייד... — צי אויך דאָס קומט אין חשבון?
דער דלות, דער הונגער אין היים אין דער אַלטער.
דער „פּאַלאַץ״ פון דלד על דלד בײַם טאַטן,
דער באַלקן, וואָס, דוכט זיך, אַז אָט־אָט־אָט פאַלט ער.

און פּלאָגן און מחלות. זעסט טויט פאַר די אויגן.
ס׳האָט פינצטערער קבר נישט אויפגעהערט שרעקן...
צי קומען אין חשבון אַזעלכענע יאָרן?
די טרויעריקע שאָטנס? די פינצטערע פלעקן?...

אָ ניין, כ׳בין נישט מסכים, רבונו־של־עולם,
דו מוזסט מיר דעם חשבון גאָר היפּש קאָרעגירן;

דו מוזסט על־פּי יושר מיר צולייגן יאָרן,
איך זאָל נישט גענאַרט זײַן, איך זאָל נישט פאַרלירן...

אין ים אַרײַן וואַרף איך די יאָרן די שוואַרצע,
איך האָף, וועסט דײַן שאַפונג גענאַרן נישט וועלן,
אויב גבורות — דאַן רעכן נאָר ליכטיקע יאָרן,
עס זאָל צו דעם חשבון נישט פעלן, נישט פעלן — — —

מאר דעל פלאטא, 1972

## צווישן בלויקייטן

בלוי פון אויבן, ים פון אונטן,
ס'איז אַ וועלט פון בלוי.
ס'שוועבט מײַן אָדלער, שטאָל געפּאַנצערט,
איבער רוים אַזוי.

יאָגט אַזוי מיט ווילדן אימפּעט
אין דער הויכער הויך,
שלינגט און שפּײַט־אויס קאָנטינענטן,
לאָזט נאָר בלויען רויך.

אונטן ים און אויבן הימל,
אויס מיט מאַמע ערד,
סטײַעס וואָלקנס בלויז ווי שנייען
שוועבן אומגעשטערט.

רוישט ער, ליאַרעמט, וועקט די רוימען,
שטילקייטן צעפּליקט,
קוקן ברוגזע די רוימען,
ווי פון שד באַזיגט.

און דער מענטש אין בויך פון אָדלער
גאַרט גראָד צו דער ערד... —
כאָטש ווי אָפּט אַן אָפּגענאַרטער
אויף דער ערד ער ווערט.

ס׳ווערט אים מיאוס בלויע פוסטקייט,
פוסטע בלויע וועלט,
ס׳גלוסט זיך איבער ערד אַ שפּאַן טאָן,
ערד ווי לופט אים פעלט...

כאָטש איר שיינקייט און איר גרינקייט
אָפט מיט בלוט באַפלעקט...
מאַסן־קברים דאָ און דאָרטן
אונדזער ערד באַדעקט — — —

אין אוויאָן, 1972

## די וויפלטע יוגנט...

די וויפלטע יוגנט איך הייב איצטער אָן?
פאַרגעסן דעם חשבון. איך ווייס נישט אויף קלאָר.
איך ווייס נאָר: לאַ־פּלאַטאַ — אַ נײַער עטאַפּ,
ווו ס׳רוקט זיך פּאַמעלעך אַ יאָר נאָך אַ יאָר.

די פּאַלמעס, ציפּרעסן — זיי רייצן דעם בליק
דאָ־דאָרט בײַ אַ פאַבריקן רײַכן טשאַלעט;
דאָך בטל בשישים עס ווערט ווען דו זעסט
די פוסטקייטן ברייטע, וואָס צווישן די שטעט.

דער דלות, די ראַנטשאָס פון ברעטלעך, צי בלעך
דאָ־דאָרט אויף די פּאַמפּאַס צעזייט און צעשפּרייט.
אין ערגעץ נישטאָ איז בײַ אַלעמען גליק,
אין ערגעץ נישטאָ איז בײַ אַלעמען פרייד...

ווו גאָרטן אין בלומען, צעגרינט און צעבליט,
ווו שטעכיקע סאַבּרעס בײַ זײַטן פון וועג;
ווו זאַטקייט אַ שפע, ווו גלאַנץ איבער מאָס;
ווו הונגער, ווו דלות, ווו פינצטערע טעג — — —

אַזוי דאָס געזעץ איז פאַר אונדזער פּלאַנעט,
אַזוי דאָך פון בראשית געווען מן הסתם...

אַזוי אויך מײַן ליד, וואָס קלינגט עלנט און שטיל
אַנטקעגן דעם מעכטיקן ברויזיקן ים.

געזוכט כ׳האָב אין וואַנדער אַ שטילן געצעלט,
געזוכט און פאַרלוירן אַ יאָר נאָך אַ יאָר...
וואָס גיט מיר די ערד דאָ? אַ לעצטן אַזיל?
אַ פרילינג אַ נײַעם? איך ווייס נישט אויף קלאָר.

די ווײַפלטע יוגנט איך הייב איצטער אָן
אָט דאָ אין דער פרעמד, אין פאַרוואָרפענעם העק?
צי וואַרטן נאָך אַנדערע קרעטשמעס אויף מיר?
צי דאָ איז דער סוף שוין פון וואַנדערשן וועג? — — —

מאַר דעל פּלאַטאַ, 1972

## די יאָרן מײַנע

כ׳ווערט אומעטיק ווען עמעץ ציילט דיר דײַנע יאָרן,
ווען פרײַנד עס ווילן פּראַווען דיר אַ יוביליי.
אַז כ׳וויל פאַרגעסן גאָר, פאַרטויבן דעם זכרון,
די יאָרן... יאָרן... כ׳וויל פאַרגעסן גראָד פון זיי.

איך צייל די פרײַנד, חברים, וואָס שוין לאַנג פאַרלאָרן,
די קברים זייערע, וואָס לאַנג צעזייט, צעשפּרייט;
די שטעט די היימישע, וואָס חרוב לאַנג געוואָרן;
די נאָנטע, וואָס געטיילט מיט זיי האָסט פרייד און לייד — — —

ווער ס׳איז פאַרברענט, פאַרלענדט, אין כּף־הקל פאַרשווונדן,
ווען ס׳האָבן רוצחים „יידן־ריין״ די שטעט געמאַכט.
און אין דײַן נע־ונד געבליבן דיר נאָר וווּנדן,
קאָשמאַרן פּײַניקן ווען ס׳רוקט זיך אָן די נאַכט...

און ס׳טראַכט זיך: כ׳בין געבליבן נאָר ווי אַ באַווײַנער,
אַ קדיש־זאָגער נאָך אַזוי פיל נאָנטע, פרײַנד.
אַז פאַר די אויגן זע איך נאָר אַ טאָל פון ביינער;
די יתומשאַפט מיך קלעמט, מיך בריט נאָך הײַנט, נאָך הײַנט — — —

ס׳וועדט אומעטיק ווען עמעץ ציילט די יאָרן דײַנע, —
ס׳ווערט אויפגעוויקלט אַ מגילה דאַן פון פּײַן.
איז גלײַכער לאָזט צו רו, פאַרגעסט די יאָרן מײַנע,
כ׳בין מוחל אײַך די יובלס אין מײַן טריבן זײַן — — — —

.. בוענאָס־אײַרעס, 1972

# אַמאָל אַ מאָרד...

(צײַט־מאָטיוו)

אַמאָל אַ מאָרד אַ זין געהאַט האָט עפּעס: רעוואָלוציע!
אַ קאַמף פון מענטש פאַר מענטש, פאַר פאָלק, פאַר פרײַהייט אויף דער ערד.
מ׳האָט מיט אַ פאָלקספּײַנט, אַ סאַטראַפּ, אַ תליון זיך צעחשבונט
פאַר בלוטיקע אַכזריותן, טאָרטורן אומדערהערט.

הײַנט מאָרדעט מען אָט סתם אַזוי אין נאָמען פון רציחה,
רציחה איז געוואָרן איצטער אַ באַליבטער ספּאָרט.
די רוצחים רופן זיך מיט שיינע, קלינגענדיקע נעמען,
גאָר נײַע „קעמפּערס" הײַנטיקע! — אַ חילול פאַרן וואָרט.

אין צײַט אַטאָמישער — גאָר אַנדערש, אַנדערש די באַגריפן,
דער מאַסן־טויט געוואָרן איצט אַן „אומשולדיקע שפּיל".
אַ בײַשפּיל ווײַזן די מלוכהלעך, וואָס פריש געבאַקן,
גלײַך שעכטן זיך וואָלט גאָר געווען זייער עיקר־ציל.

און שכנים פון ישראל — אָ, זיי קענען די מלאכה,
די קונסט פון שעכטן גרויס און קליין, סײַ פרויען און סײַ קינד.
זיי האָבן דאָך די „ראַטגעבערס" — די „רויטע" האַטענטאָטן...
אַזוי זעט־אויס דאָס וועלטעלע און די מאָראַל אַצינד — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1974

# ר ש ע י ם

(פראַ דאַמאַ סואַ)

דער רשע לעבט זיך אויס מיט רשעות,
דאָס איז פאַר אים דער בעסטער לוין.
דאָס רשעות איז זײַן בעסטער תענוג,
ער טראָגט עס ווי אַ האַר זײַן קרוין.

ס׳איז פרעמדער צער פאַר אים אַ נחת,
עס פרייט אים ווען זײַן חבר פאַלט;
ווען יענער פּײַניקט זיך אין טרויער —
דער רשע יובלט דאַן און שטראַלט.

און האָט זײַן חבר מיסדערפאָלג ווען —
דעם רשע נעמט־אַרום אַ פרייד.
און ווען זײַן חבר האָט טריומפן —
דער רשע טרויעריק דאַן גייט.

אַיעדער לאָרבער־קראַנץ פון יענעם
עס פרעסט אים ווי אַ וואָרעם טיף.
ס׳פּאַרסמט אים זײַנע טעג און וואָכן,
איר זעט אים ווי אַ בייזן מיף.

איר קריגט אויף אים דאַן אַזש רחמנות,
ער איז פאַר צער אַזש גרין און געל.
כאָטש טראָגט אים אונטער יענעמס פּײַנען —
צו ראַטעווען זײַן שוואַרצע זעל.

ווײַל ער אַליין איז אַ לא יוצלח,
פאַרשטאָפּט בײַ אים דער שאַפונג־קוואַל;
ר׳קאָן פון דער ערד זיך נישט דערהויבן,
קאָן פון דער הויך נישט טאָן קיין שטראַל — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1963

# די שפּאַניערין *)

נישט קיין באַלעראָ טאַנצט זי איצט צעווישן שוימענדיקן ווײַן און לידער,
נישט קאַסטאַניעטן צימבלען לוסטיק צו אין אירע הענט: —
איצט איז זי אויף דער גאַס אַרויס, ווו ס׳קעמפן אירע ברידער,
אַן אַנדער פלאַם אין אירע שוואַרצע אויגן ברענט.

איצט האַלט זי דרייסט אין האַנט אַ ביקס און צילט צום ברוינעם קריגער;
איצט איז זי, די שוואַרצאויגיקע, די העלדין פון מאַדריד;
און דאַרף מען נאָר — מאַרשירט זי שטאָלץ אין ריי פון פרײַהײַט־זיגער,
און דאַרף מען שטאַרבן — שטאַרבט זי מיט אַ העלדן־ליד.

און דאַרף מען שטאַרבן — צי אויף באַריקאַדן, צי אין גריבער,
און דאַרף מען פײַערן צום פײַנט מיט פולווער און מיט בלײַ, —
באַלד גרייט איז זי מיט קערפּער בליציקן: — עס איז איר ליבער
דער טויט פאַר פרײַהייט, איידער ברוינע שקלאַפערײַ — —

וואַרשע, דעצעמבער, 1936

*) דאָס דאָזיקע ליד — געווידמעט די שפּאַנישע קעמפערינס קעגן די פאַשיסטישע האָרדעס אינעם בירגער־קריג פון 1936־7 — געהערט צו אַ ווייטערדיקן ציקל פונעם בוך „יאָרן אין וואַנדער“. עס קומט דאָ אויף דער זײַט מחמת אַ טעכנישער סיבה.

# פון אלע מיינע יארן

(אַנטאָלאָגיע פון מיַינע לידער און פּאָעמעס)

## I

# אַקאָרדן

(גראָדנע, 1918)

## מיין האַרץ איז אַ האַרפּע...

מיַין האַרץ איז אַ האַרפּע מיט סטרונעס מיט צאַרטע,
וואָס קאָנען אי וויַינען, אי לאַכן;
וואָס קאָנען באַקלאָגן די ליליען פאַרדאַרטע,
באַזינגען דעם פרילינגס דערוואַכן.

אין זוניקע טעג, אין דעם יום־טוב דעם גרינעם
פון פאַרבן, פון וואַלד און געטרילער —
אין שלייער פון פּורפּור, אין דורכזיכטיק דינעם,
אַ מלאך קומט דאַן אַ שטילער.

ס'באַרירן די פליגל די וויַיסע, ווי שטראַלן,
די סטרונעס פון האַרפּע, וואָס דרימלען, —
און ס'וועקן אַקאָרדן זיך יונגע, וואָס שאַלן
און שוועבן פון גליק צו די הימלען — —

אין אָסיען־פאַרנאַכטן, אין טריבע פאַרנאַכטן
עס שטומען די סטרונעס פון האַרצן. —
פון הימל פון גרויען, פון הימל פאַרטראַכטן
דאַן נידערט דער דעמאָן אין שוואַרצן.

ער נידערט מיט שאָטנס, פאַרלאָשענע שטערן,
באַרירט קוים די סטרונעס די שטילע... —

און ס'פליסן אַקאָרדן, וואָס וויינען מיט טרערן:
דאָ ראַשע, דאָ שטיל ווי אַ תפילה.

און ס'פליסן אַקאָרדן, באַוויינען מיט טרערן
די שטילע חלומות, וואָס שטאַרבן.
די זוניקע טעג און דעם הימל דעם לערן,
דעם פוסטן אַזוי ווי אַ שאַרבן — — —

מײַן האַרץ איז אַ האַרפע מיט סטרונעס, מיט צאַרטע — — — —

## מײַן גליק

מײַן גליק ווערט געבוירן אַ מאָל אין אַ רגע
און לעשט זיך צוריק.
אַ מונטער דאָס האַרץ באָר, נשמה אַ צאַפּל —
אָט דאָס איז מײַן גליק.

אַ ווונק פון דעם הימל, אַ גרוס פון אַ בלימל,
פון ליבסטער אַ בליק.
נאָר קורצע די פריידן, ווי רויך זיי פאַרווייען —
און אויס מיט מײַן גליק.

מײַן גליק ווערט געבוירן און שווינדט ווי אַ רגע
און טריב ווערט אויף ס'נײַ.
און שפּרייט איך אים אויס נאָר די אָרעמס אַנטקעגן —
עס איז שוין פאַרבײַ.

און ווידער פאַרזינקט די נשמה אין טרויער,
אין שפּינוועבס פון טויט.
און נאָר ווי אַ מעשהלע קלינגט־אָפּ די רגע
פון גליק, וואָס פאַרגייט — — —

## ביים קלאַוויר

אַלץ טונקעלער ווערן די שאָטנס אין צימער,
עס שפּרייט זיך דער שלייער פון נאַכט.
פון אונטער די ציטערדיק ווײַסע קלאַווישן
שטיל טראָגן זיך קלאַנגען פאַרטראַכט.

זי זיצט בײַם קלאַוויר אַ פאַרבענקטע, אַ שטילע.
די פינגער נאָר וויגן זיך שנעל.
און ס׳דוכט זיך: עס רעדט ווער פון בלומען און ליבע,
פון הימלען, וואָס צויבערן העל.

פאַרנאַכטיקע שאָטנס. אַקאָרדן פאַרבענקטע.
און כוואַליעס פון פינצטערע האָר.
איר קאָפּ אָנגעבויגן. עס בלאַנקט שטום איר בלאַסקייט.
די אויגן — ווי טיף און ווי קלאָר!

איך שטיי הינטער איר. ווי עס שמעקן די כוואַליעס!
עס טאַנצן די הענטלעך — ווי גיך.
אַ מיידל! זײַ מוחל די איצטיקע קושן:
בעטהאָווען איז שולדיק, ניט איך...

## אין וואַלס

דו ביסט געווען אין וואַלס אַ ליכטיקע, אין שטראַלן,
און יונג און פלאַטערדיק — אַ צויבער־קינד.
עס האָבן שטאַרקע, ראַשע טענער זיך געריסן —
און דו האָסט זיך געטראָגן ווי אַ ווינט.

עס האָבן דײַנע ווײַסע דעקאָלטירטע הענטלעך
געשלענגלט און געוויקלט זיך אַרום.
די לאָקן שוואַרץ, די בעקלעך בלאַס, די אויגן בליצן.
ס׳האָט אויף דײַן ברוסט געטרויטלט זיך אַ בלום.

דו האָסט געטראָגן זיך אין וויכער פון די קלאַנגען,
עס האָט דײַן זײַדן קלייד מיט דופט געוויט. —
אָט שוועבסטו נאָענט צו מיר און אָט שוין ווײַט און ווײַטער,
גלײַך ווי אַ שיינער חלום, וואָס פאַרגייט.

דו ביסט געווען אין וואָלס אַ ליכטיקע, אין שטראַלן,
אַ ניט־דערגרייכבאַרע — אַ קלאַנג, אַ ליד.
כ׳וואָלט פאַר אַ בליק מײַן שענסטן טרוים דיר אָפּגעגעבן,
כ׳וואָלט לײַכטזיניק געקניט פאַר דײַנע טריט...

## מיין מדינה

כ׳האָב פאַרבלאָנדזשעט צווישן זאַנגען,
כ׳גיי פון שטעגעלע צו שטעג.
אַלע גריסן מיך און זינגען,
כ׳גיי אָן סוף, איך גיי אָן ברעג.

הימל, הימל נאָר און זאַנגען!
אַלע בייגן זיך אַזוי.
און מיר דוכט: איך בין אַ קיניג,
כ׳בין אַ הערשער איבער זיי.

אָ, ווי גרויס איז מײַן מדינה!
ס׳האָט דער גאָלד׳נער ים קיין ברעג.
כ׳שווים אַרום אין ברייטע כוואַליעס,
כ׳שווים פון שטעגעלע צו שטעג.

ניין, עס ווילט זיך נישט אַרויס גאָר,
כ׳בלײַב אַ קיניג דאָ אויף לאַנג:
ביזן גלאַנץ פון בלאַנקע סערפּן,
ביזן שניטערשן געזאַנג — — —

## שפּעטער האַרבסט

(סאָנעט)

איך גיי אַרויס אין פעלד — קיין גרינקייט מער, קיין פאַרבן.
עס וויגן זיך פון ווינט שוין מער קיין גאָלד'נע זאַנגען.
פון וועלדל שאַלן שוין נישט מער קיין פייגל־קלאַנגען.
שוין אָפּגעפירט פון פעלד די לעצטע, לעצטע גאַרבן.

ס'האָט עמעצער אין הימל טרויער אויסגעהאַנגען.
דאָ קוקט אַ פּוסטער שטאָם ווי לעכער פון אַ שאַרבן,
דערציילט פון נאַכט און פוילעניש, דערציילט פון שטאַרבן.
ווי ס'וואָלט די שטאָלצע זון אויף אייביק שוין פאַרגאַנגען.

עס זיפּט אַ טרעריק רעגנדל — נאָר ס'קאָן פון טרערן
די ערד — די קאַלטע ערד — נישט לעב'דיק ווערן.
נאָך פוילער ווערן אַלץ די פלעקן נאַסע, טריבע.

פון ערגעץ פון אַ קירכע טרויער־קלאַנגען קומען. —
און ס'דוכט: עס וויינט ווער ערגעץ נאָך די טויטע בלומען.
און ס'דוכט: עס קלאָגט ווער נאָך דער שטאַרבנדיקער ליבע — —

## אַרום מיין קבר

„ווער ליגט דאָ?" — וועט מען פרעגן
אין יאָרן לאַנג אַרום, —
„דער שטיין שוין איינגעזונקען,
קיין וואָרט, קיין אות נישט — שטום!"

„וואָס איז דאָ?" — וועט מען פרעגן
נאָך שפּעטער מיט אַ דור, —
„ס'איז, דוכט זיך, גאָר קיין קבר,
בלויז ביימעלעך אַ פּאָר".

קיין סימן פון מצבה,
דאָס בערגל שוין פאַרגלייכט;

און ווער עס וועט פאַרבײַגיין,
וועט טרעטן דרייסט און לײַכט.

ס'איז אָבער דאָ געוועזן אויך
אַ בערגעלע, אַ שטיין:
דאָ ליגט דער אַש פון טרוימען,
פון גליק און פון געוויין — — —

## כ'האָב פיינט דעם טאָג...

(סאָנעט)

כ'האָב פײַנט דעם טאָג מיט זײַנע פוסטע קלאַנגען,
עס איז מיר נאָנט די רויִקייט פון נאַכט;
נאָר דאַן דערוואַכט מײַן טרוים אין שענסטער פּראַכט,
און אין דער שטילקייט וועקן זיך געזאַנגען.

כ'האָב ליב די נאַכט, די שטערן, וואָס צעהאַנגען,
עס גלעט די בלויקייט מאַמע־ווייך און זאַכט.
און וואָס פאַרשווונדן לאַנג — קערט אום צוריק, דערוואַכט.
עס ווערן אײַנגעשטילט פון גרויען טאָג די באַנגען.

כ'האָב פײַנט דעם טאָג, זײַן אומעטיקע גרויקייט,
דאָס ווילדע יאָגעניש, דעם טײַוול־רעש...
דאָס אײַזן... שטיין... די נאַקעטקייט פון גאַס...

כ'האָב ליב די נאַכט, איר שטילע רו, איר בלויקייט.
איך ליג — און ס'קושט מיך אַ לבנה־שטראַל.
איך זינג צוזאַמען מיט דער נאַכטיגאַל — — —

## אַ ווינטער־מעשהלע

עס זײַנען דרײַ שנייעלעך ווײַסע געפאַלן
פון הימלישער הויכקייט אַראָפּ האַנט בײַ האַנט.

עס האָט זיי אַ בינטל פון בלאָס־קאַלטע שטראַלן
געצויגן צום נידער, צום ערדישן לאַנד.

זיי האָבן געשוועבט און געחלומט אין לופטן
פון זון, פון מלאכים און געטלעכער פּראַכט.
עס האָבן באַגלייט זיי נאָך הימלישע דופטן
און צערטלעך דעם לופטיקן וועג זיי געמאַכט.

נאָר אומעטיק־טריב האָט די ערד זיי עמפּפאַנגען:
איין שנייעל געפאַלן אויף ערגעץ אַ שטיין;
דער שטיין האָט געהיט דאָרט אַ קבר אַ באַנגען,
געמוזט האָט דאָס שנייעל אין טרערן צעגיין.

דאָס צווייטע געטראָפן דאָס גליק האָט, דאָס שיינע,
וואָס ס׳קען און ס׳פאַרמאָגט נאָר די קאַלט־שוואַרצע ערד:
געפאַלן אויף מיידלשע ליפּעלעך קליינע;
געוואָרן אין קוש אָבער טויט און פאַרצערט.

דאָס דריטע האָט טריבקייט פון לעבן געפונען:
געפאַלן אין קנייטש פון אַ זינדיקער פרוי.
און ס׳איז גלײַך דאָס שנייעל פון ווייטאָג צערונען,
אין זינד האָט פאַרפלעקט זיך זײַן הימלישער טוי.

עס זײַנען דרײַ שנייעלעך ווײַסע געפאַלן — — —

## אַ נאַכט צווישן טויטע

(פון ציקל: „אויף די פעלדער פון טויט“)

צווישן קערפּערס טויטע בין איך שטום געגאַנגען.
עס האָט אַלץ אײַנגעהילט די קאַלטע נאַכט:
דאָ אויגן אָפענע מיט ווײַסלען אויסגעקערטע,
דאָ בריסט צעלעכערטע פון ווילדער שלאַכט.

דאָ הענט צונויפגעקראַמפּט, דאָרט גלײַכע, אויסגעשטרעקטע,
דאָ ווי אַ קבר קוקט אַן אָפן מויל.

ווער ס׳זיצט פֿאַרגליווערט ווי, געלענט שטום אָן אַ ביימל,
ווער אויפגעדרייט פֿון פּײַן, פֿון שוואַרצן גרויל.

ווער אײַנגעגנורעט מיטן קאָפּ אין חברס קערפּער —
ס׳האָט ביידן זיי דער לעצטער קראַמף פֿאַראייניט.
ווער מיט די אויגן זינקענדיק אויף ביידע פּויסטן,
גלײַך ווי ער וואָלט עס זיך אַליין באַוויינט...

ווער מיט אַ לעצטער ברכה אויף די שטאַרע ליפּן,
ווער מיט אַ קאַלטן פֿלוך פֿון גאַל און גיפֿט.
פֿאַרשטאַרט און שטום איז אַלץ. קיין קראַמפּן נישט, קיין כאָרכלען,
די קאַלטע נאַכט מיט טרערנטוי נאָר טריפֿט.

צעווישן קערפּערס טויטע בין איך אומגעגאַנגען.
עס האָט אַלץ אומגעהילט די נאַכט מיט פּײַן... —
און וועט אַ שטיקל בלײַ נישט לעכערן מײַן שאַרבן,
און וועט מײַן אויג נישט אויסגערונען זײַן;

און וועט אַ פּרילינג נאָך אַ מאָל זײַן גלאַנץ מיר ווײַזן.
די בלויע נעכט, זײַן בלומיק קיניגרײַך, —
דאַן וועל איך זען אין פֿאַרב פֿון תּכלתדיקן הימל
נאָר אײַך, אָ, אויגן אָפֿענע, נאָר אײַך!...

דאַן וועל איך זען אין צווײַגן פֿון די גרינע ביימער
נאָר פֿינגער ברוינע קראַמפּיק אויפֿגעדרייט.
אין רויזן וועל איך זען דאָס בלוט פֿון אײַ׳רע ברוסטן,
אין ליליען — אײַער בלאַסקייט פֿונעם טויט...

אין שטילן שאָרך פֿון גראָז, אין אויגן פֿון געליבטע,
אין בעכער ווײַן, ווי אין דעם בלאַנק פֿון שווערד, —
אין אַלץ וועל איך אײַך זען, אָ, שטומע, טויטע שכנים,
ביז ס׳וועט מיך צודעקן די קאַלטע ערד! — — —

II

# רגעס פון טרוים

(טאַנקעס)

(וואַרשע, 1919)

1

ווייסטו וואָס באַדײַט
הימל־כתב אין בלויער פּראַכט? —
כ׳לייען נאָנט און ווײַט
טרוימען גאָלדענע פון נאַכט,
גאָטס מחשבה, וואָס דערוואַכט...

2

ווייסטו, קינד, דעם מיין
ווען אַ שטערן שטאַרבט אַוועק?
אויך אַזוי פאַרגיין
וועלן, קינד מײַנס, טעג נאָך טעג
ביזן שוואַרצן קבר־ברעג...

3

שוואַלבן פליִען אום
אין דער לופטן פראַנק און פרײַ.
ווידער גרינט אַרום! —
קום! אויך דו ברענג, וואָס פאַרבײַ,
גיב חלומות מיר אויף ס׳נײַ!...

4

פרילינג לאַכט און שאַלט.
ס׳גרייט צום יום־טוב זיך די ערד,
ס׳פוצט זיך אויס דער וואַלד. —
קום! עס איז נאָך אונדז באַשערט
בויען טעמפּלען, וואָס צעשטערט...

5

זײַ געזונט, דו שטאָט!
איך פאַרלאָז דיך, כ׳גיי אַוועק
צו דעם פעלדער־גאָט. —
כ׳לויף פון אײַך, איר גרויע טעג,
איינזאַם־וויסטע נעכט אָן ברעג...

6

ס׳שווײַגט די גאַנצע וועלט,
ס׳שלאָפט די ווײַטע, גרויע שטאָט,
ס׳שטומט די זאַנג אין פעלד. —
שווײַג אויך דו! דו וועסט פון גאָט
הערן איצט דעם טיפסטן סוד...

7

ס׳שטאַרבט די זון דאָרט ווײַט,
ס׳פליִיצט איר בלוט אין שקיעה־פּראַכט.
ס׳בלייכט די מערב־זײַט.
ס׳גייען אויס פאַרבענקט, אָן מאַכט
קראַנקע שעהען פון פאַרנאַכט.

8

ס׳שלאָפט דער ברייטער טײַך.
טיף — אַ שטערן־ספינקס, אַ פלאַך... —
וועלן! כ׳קום צו אײַך:

כאָטש אײן שטערן־חלום... אַך,
איר פֿאַרמאָגט זײ דאָך אַ סך...

9

ליליען טרוימען שטום.
ס׳וויגט די נאַכטיגאַל: ליו־ליו...
אַלצדינג שלאָפֿט אַרום. —
איך שליס אויך די אויגן צו,
נאָר די פּײַנען!... ס׳קומט קײן רו...

10

בײדע לאָמיר זײַן
דאָ אין פֿעלד אַלײן, באַנאַנד.
ביסט מײַן נעקטאַר־װײַן:
כ׳טרינק ביז שיכרות נאָכאַנאַנד
און איך שװעב אין געטער־לאַנד!

11

טרוים נישט מער, נישט װאַרט!
ס׳רײצט דער דעמאָן שוין און לאַכט.
ס׳װעלקט אַלץ און פֿאַרדאַרט.
זוך די לעצטע בלומען־פּראַכט
אײדער ס׳קומט די קבר־נאַכט!

12

רויִק איז די ערד.
בלעטער גאָלד׳נע הין און הער.
אַלץ שוין טויט, פֿאַרצערט.
שאַ, קײן גרוס, קײן טרעל שוין מער.
ס׳פֿאַלט פֿון הימל טרער נאָך טרער...

13

וודוי זאָגט דער וואַלד.
גרינקייט, לידער — אַלץ פאַרבײַ.
טריב, און פײַכט, און קאַלט. —
ווינט, אָ, ווינט! אַ קדיש זײַ
נאָך דעם זומער, נאָך דעם מײַ...

14

כ׳גיי אַוועק אַצונד
אין אַ ווײַטן, ווײַטן לאַנד...
בלײַבסטו? — זײַ געזונט!
ווילסטו מיט — טאָ גיב דײַן האַנט!
פרעגסט אַ ברעג? — דער קבר־ראַנד!...

15

ס׳שרעקט מיך נישט די נאַכט, —
יענע נאַכט פון קבר־שלאָף...
כ׳קלער נאָר און איך טראַכט:
נאַריש־אומשולדיקע שאָף
אין אַ כּישוף־קרײַז אָן סוף...

16

ווייִנסט מיט טרערן גאָר?
ווייס: דו קויפסט נישט פאַר דעם פּרײַז
ליבע אויף אַ האָר!
זײַ אַ דעמאָן! כּישוף ווײַז!
זוכסטו רחמים — בין איך אײַז!...

17

ס׳גייט אַ ווײַסער שניי.
זאָגסט, ביסט אויך אַזוי ווי ער.
רייך, צי... יאָ, כ׳פאַרשטיי:

ווי דעם שניי געוויס האָט ווער
דיך צעטראָטן זינדיק־שווער...

18

ניכטער הייסטו זײַן?
ס׳הייסט — קיין טרוים, נאָר וואַרף אַוועק
פּרויען, לידער, ווײַן...
ניין, איך וויל קיין גרויע טעג,
כ׳וויל נישט זען דעם קבר־ברעג!...

19

ביסט אַ געטין, קינד:
פעסט דײַן טראָן און גרויס דײַן מאַכט.
לײַטערסט מיך פון זינד.
ליבע — דײַן גן־עדן־פּראַכט,
האַס — דײַן גיהנום־נאַכט...

20

כ׳קען דיך פון אַמאָל!
פאַר אַ שקלאַף געמאַכט האָסטו.
זיגעריש דײַן קול.
איצט — שוין שפּעט! דאָס האַרץ שוין צו.
איך — דער שטאָלץ, הכנעה — דו...

21

ניין, עס קאָן נישט זײַן!
איצט חרטה? — שפּעט. אומזיסט!
ס׳רירט מיך נישט דײַן פּײַן.
כ׳בין געקומען, כ׳האָב געגריסט,
נאָר מײַן מקדש האָסט פאַרוויסט...

22

כ׳בין הײַנט יונג און שטאַרק.
ווי דער אָדלער שטאָלץ און פעסט

אויפן פעלדזן־קאַרק.
ביסטו שוואַך — פאַרלאָז מײַן נעסט.
ס'איז מײַן ליבע הײַנט די גרעסט'!...

23

לעש נישט אויס דעם פלאַם.
ס'איז דער פלאַם שוין פון פאַרגיין...
קאַלט דײַן גיפט, דײַן סם.
ס'איז מײַן ליבע איצטער שיין —
נישט פאַרפלעק זי דו אַליין...

24

טרוי'ריק ברענען ליכט...
קעפ געזונקען... הייליק־שטום
קוקט איר טויט געזיכט...
כורעים פאַל איך... כ'ליג אַ בלום...
דוכט: אַ מלאך שוועבט דאָ אום...

25

שבט. ס'איז שנייִק־גרוי.
פראָסט. אויף שויבן קווייט אויף קווייט.
אויך אין האַרץ אַזוי:
בלומען — נאָר מיט פראָסט פאַרוויט.
ס'האָט דער טרויער זיי פאַרזייט...

26

ליבע ניסן־זון!
זאָגסט פון ווינטער אָן דעם סוף.
דו דערציילסט דערפון
אַלעמען, און וועקסט פון שלאָף.
לאַכסט צו מיר אויך: „טרוים און האָף!"...

27

כ׳גלייב, איך האָף, איך טרוים!
ס׳פלייצט דער טײַך, דער אײַז — ער קראַכט.
שוואַלבן־שניר אין רוים. —
ס׳קומט מײַן ליבע... גריסט און לאַכט,
ברענגט מיר הויפנס גליק און פּראַכט...

28

קנייטשל, קנייטשל, וואַרט!
נישט צעשנײַד מײַן שטערן צינד:
ס׳טרוימט נאָך ס׳האַרץ און גאַרט.
כ׳פּליק די בלומען, כ׳אײַל געשווינד. —
גליק! איך גיי צו דיר, נישט שווינד!...

29

כ׳נעם אַ שטאָב אין האַנט.
כ׳ווער אַ וואַנד׳רער. ערגעץ ווו
ליגט מײַן טרוימען־לאַנד.
ווי אַ נביא זײַן זאַלסטו
און פֿאַרשילט די טויטע רו...

30

שטערן גייען אויס.
ס׳לאַכט דער מזרח, שיט מיט גלאַנץ.
שחרית זאָגט די רויז.
ס׳פּלעכטן שוואַלבן זיך אין קראַנץ
און אַנטקעגן טאָג — מיט טאַנץ!...

31

שטילע שטאַרבן־אָפּ
רגעס אייביקייט אין נאַכט.
ס׳שווינדט טיק־טאַק, גאַלאָפּ! —

וואָס איך חלום, וואָס איך טראַכט,
ווערט פון שטן אויסגעלאַכט...

32

נאַכט. נאָך שוואַרץ. גלין־גלאָן.
ס׳ווערט צעפליקט מײַן גאָלד׳נער טרוים.
ס׳קלינגט דער טאָג שוין אָן...
כרובים, וואַרט! פאַרדעקט דעם רוים,
זאָל פאַרמאַכט נאָך זײַן מײַן תהום!...

33

חצות. אַ ליכטל ברענט.
ס׳נעמט קיין שלאָף. דער קאָפּ ווי בלײַ.
שאָטנס... קומסט... דערקענט...
ביסט געווען, ביסט פאַרבײַ,
ווי אַ טרוים פון גרינעם מײַ...

34

שטילע מעריב־צײַט.
עמוד־ליכט דער הימל צינדט.
כרובים דאָרט אין ווײַט...
אין אַ מקדש כ׳וואָלט אַצינד
דאַוונען, בעטן ווי אַ קינד...

35

תפילה כ׳טו אַצינד
אין דער שטילער מעריב־שעה.
דוכט: כ׳בין ריין... אַ קינד...
טונקל... שוואַרץ... די שויבן גראָ...
שווײַג, עס איז די שכינה דאָ...

36

ווי אַ שוואַרצע קראָ
פאַלט אַראָפּ די בלינדע נאַכט.

דוכט: פון טויט די שעה...
ליכט און פאַרבן, זון און פּראַכט —
האָט איר נאָר אַ שפּאַס געמאַכט?...

37

שניטער־ליד אין פעלד.
גאַרבן שטייען פול און שווער.
זאַט דער גוף און קוועלט.
נאָר די זעל, זי קלאָגט: ווי לער!
און דאָס פעלד זאַפּט־איין איר טרער...

38

תשרי! כ׳ליב דײַן צער.
ס׳איז דער אומעט פון פאַרגיין.
ביסט מיר נאָנט דערפאַר:
פון מײַן גליק און מײַן געוויין
בלײַבט נאָר אויך אַ גרויער שטיין — — — —

39

כ׳שליס די אויגן צו.
כ׳ווער אַ קינד. נעם וויג מיך אײַן.
גיב אַ ביסל רו!
זאָל אַ מעשהלע נאָר זײַן
סײַ דאָס גליק און סײַ די פּײַן...

40

ס׳איז צו שווער, צו שווער!
אויף מײַן שטערן לייג דײַן האַנט.
נענטער... דאָ... אַהער...
יאָ, איך גלייב... דערצייל פון לאַנד,
וווּ עס גרינט אַלץ נאָכאַנאַנד — — — —

## III

# צווישן פיר ווענט

(וואַרשע, 1920)

## פרעלוד

ווי הימליש־שיין אין זינגען ווערט דער צער,
געהייליקט ווערט די טיפסטע פּײַן.
פֿון ערגעץ ווו דערשײַנט אַ כרובים־שאַר
מיט שטערנקרענץ און געטער־שײַן.

די טריבע איינזאַמקייט, זי ווערט באַשטראַלט,
זי ווערט אַ שלאָס בײַם ראַנד פֿון גליק.
עס איז אַ פּערל יעדע טרער, וואָס פֿאַלט,
עס צינדט אַ שכינה־פֿלאַם דעם בליק.

און מעג אַפֿילו דויערן דאָס זײַן
מינוטן בלויז פֿון גרויער צײַט;
און מעג דאָס שמאָלע קבר־בערגל מײַן
פֿאַרוואַקסן שנעל אין אייביקייט, —

דאָך זײַנען זיי, די רגעס פֿון געזאַנג,
אַ וועלט אָן אָנהייב און אָן סוף...
כ׳וועל יעדע סטרונע, יעדן ליד און קלאַנג,
דוכט, פֿילן אויך אין קבר־שלאָף — — — —

## דײַנע פינגער

דײַנע פינגערלעך דופטיקע, װײַסע
באַרױשן מײַן קאָפּ און מײַן זין.
ס'דוכט: אַ װוּנדערלעך גליקלעכע מעשה
זיך װעבט אין אַ גאָלדן געשפּין...

דײַנע פינגערלעך מאַרמאָרנע, דינע,
זײ עפ'נען פון חלום די טיר, —
עס צעשמײכלען זיך פרילינגן גרינע,
געפלאָכטן אין בלומיקן ציר...

דײַנע פינגערלעך ליכטיקע, קלײנע
באַרירן די נאַקעטע זעל —
שפּילן סטרונעס פאַרבאָרגענע, רײנע
אַ ניגון אַ הײליקן העל — —

## קאָן זײַן, דו ביסט די ערשטע...

קאָן זײַן, דו ביסט די ערשטע אויף מײַן דערנער־װעג,
װאָס האָט אין גאַנצן מיך אַזױ באַהערשט;
און קײן מאָל האָט קײן חלום פון די עבר־טעג
נאָך נישט געבלענדט װי דו, אַזױ װי ערשט...

קאָן זײַן, דו ביסט די לעצטע אויף מײַן דערנער־װעג,
ס'װעט קײנע שױן באַהערשן מיך װי דו;
קאָן זײַן, דו ביסט שױן דער געגאַרטער גרינער ברעג,
װאָס גיט לסוף דעם מידן װאַנד'רער רו — — —

## מתנות

(פאָלקסטימלעך)

געקומען איז דער חתן
גאָר פון אַ װײַטן װעג,

און האָט מיט זיך געבראַכט מיר
מתנות פיל אָן ברעג.

בראַסלעטן, רינגען שיינע
און קרעלן אַלערליי;
און שטאָף, און זייד, און סאַמעט —
ווי שיין כ׳וועל זײַן אין זיי!

יאָ, שיין... דאָך קיין מאָל גליקלעך.
כ׳וועל וויינען אין מײַן פּראַכט.
ווײַל איינס האָט ער פֿאַרגעסן
און האָט מיר נישט געבראַכט.

ווײַל איינס האָט ער פֿאַרגעסן,
ווײַל איינס האָט ער פֿאַרפֿעלט:
אַ טראָפּעלע פֿון ליבע —
דאָס קויפֿט מען נישט פֿאַר געלט...

## אויפֿן ראַנד פֿון דײַן קבר

ווי קאַרג דו ביסט געווען אין דײַן קורצן בליִען,
ווי ווייניק פֿלעגסטו יענע טרוימערס שענקען,
וועד ס׳פֿלעגט נאָך דיר אין שטילקייט־שעהען בענקען, —
ווי קאַרג געווען צו דעם, וועד ס׳פֿלעגט אין ליבע גליִען.

ווי שווער געווען איז דײַנס אַ צערטלעכקייט באַקומען,
עס איז בײַ דיר פֿאַרחתמעט אַלץ געווען,
ווי ס׳וואָלט צו געטער זיך געגרייט דײַן וועזן, —
גלײַך שטענדיק וואָלסטו גאָר אַן אַנדער שטים פֿאַרנומען.

איצט שפּירסטו שוין די שטילע טריט פֿון טויט פֿון קאַלטן.
אָ, וויפֿל בענקשאַפֿט פּערלען דײַנע בליקן
נאָך אַלץ, וואָס דו פֿלעגסט טיף אין האַרץ דערשטיקן, —
נאָך אַלץ, וואָס דו פֿלעגסט נאָר פֿאַר עמעצן באַהאַלטן...

פאַר עמעצן... דאָס איז געווען נאָר אַ לעגענדע,
וואָס ס'האָט דיר אויסגעטראַכט אַ גאָט אַ שלעכטער.
בײַם גליק האָט ער צעשטעלט דיר שטרענגע וועכטער,
וואָס האָבן דיך געהיט ביז איצטער, ביז דײַן ענדע...

איצט שפּירסטו שוין פון ווײַט נירוואַנאַס שטילן קומען,
ווי קאַלט דער אָטעם זײַנער נעמט אַרומעט!
איצט זע איך קלאָר חרטה אין דײַן אומעט...
נאָר ווײ! צו שפּעט! שוין אַלץ, שוין אַלץ פון דיר פאַרשווומען — — — —

## וויסט איז שוין דאָס וועגעלע

(פאָלקסטימלעך)

וויסט איז שוין דײַן וועגעלע,
וואָס כ'בין צו דיר געגאַנגען;
פּוסט איז שוין דאָס שטעגעלע,
קיין פייגעלעך, קיין קלאַנגען.

וויסט איז שוין דײַן שטיבעלע,
וואָס כ'פלעג צו דיר דאָרט קומען;
וווּ דו פלעגסט באַגעגענען
מיט קושן און מיט בלומען.

וויסט איז שוין דײַן פענצטערל, —
מיט ברעטעלעך פאַרשלאָגן, —
וואָס מיר פלעגן זיצן דאָרט
ביז ס'פלעגט שוין נעמען טאָגן.

וויסט איז שוין דײַן גערטעלע,
באַדעקט מיט ווילדע גראָזן.
ביסט אין שוואַרצן גרוב אַראָפּ
און מיך אַליין געלאָזן...

טרויערט שטיל דאָסביימעלע
און טריקנט ביי דיין פענצטער.
טרויערט אויך און דאָרט אַזוי
דיין טײַערסטער, דיין נענטסטער — —

## עס טרעפט אַ מאָל...

עס טרעפט אויך ווען נישט ווען אַ רגע אין דער נאַכט,
ס׳ווערט מיט אַ מאָל פאַרשוויגן און פאַרשטומט די שטאָט —
ווי אַ פאַרברעכער וואָלט אין מיטן זיך פאַרטראַכט
און זיין פאַרפלעקט געוויסן האָט דערמאָנט זיך גאָט...

עס טרעפט אַ מאָל, אַז ס׳קומט דאָ אויף די שטילע רו,
עס צאַנקען פייערלעך אין טונקל ווו־ניט־ווו;
נשמות היבן אָן צו בענקען אין דער שטיל,
ס׳וואַכט־אויף אין זיי פון טיף אַן אַלט און ריין געפיל.

דער טורעם שיקט אין נאַכט אַריין אַ טויב געקלאַנג,
ווי ר׳וואָלט געוועקט צו תשובה איצט די גאַנצע וועלט;
און ווער עס וואַכט אַצינד — פאַרנעמט שטום אַ געזאַנג,
אַ כרובים־שאַר באַוואַכט אַצינד זיין שטיל געצעלט.

עס לייטערט יעדן אויס יענץ רגע אין דער נאַכט,
אַ גרויער זקן ווערט אַ מאָל אויף ס׳ניי אַ קינד — —
ביז וואַן׳ דער בייזער גיהנום ווערט אויף ס׳ניי דערוואַכט
און ס׳קערט זיך אום די ריזן־שטאָט צו רויב, צו זינד — — —

## פאַרגעסנקייט

קיין מענטשן, קיין שאָטנס, קיין גייסטער,
דאָס צימערל פינצטער און קליין.
איך קלער איצט פון קיינעם, פון גאָרנישט,
איך בענק נישט, איך גאָר נישט. — אַליין!

עס רײַסט אַלץ דער רעגן דאָס פּענצטער,
ער קלאַפּט אַלץ און וועקט אָן אַ סוף;
נאָר שטום איז דאָס האַרץ און פאַרשלאָסן,
עס וואַכט קיין דערינערונג אויף.

און כ׳וויס נישט, ס׳איז מעגלעך געקומען
דאָס „שפּעטער", די שעה פון ניט־זײַן.
און ערגעץ ווו גראָבט מען אַ קבר,
די רידלען אַרויס און אַרײַן.

און כ׳וועל אַזוי ליגן אויף „דאָרטן" —
קיין טרוים, קיין געדאַנק, קיין פאַרלאַנג.
דאָרט אויבן וועט קאַפּען דער רעגן
און אונטן וועט זייגן אַ שלאַנג — — — —

## פון ציקל „אויף די פעלדער פון טויט"

### 1. נאָך דער שלאַכט

אויפן פעלד פון טויט בין איך געוועזן,
כ׳האָב געשפּירט די פליגל פונעם טויט.
אונטן — קערפּערס מענטשלעכע פאַרגליווערט,
אויבן איז געווען דער הימל רויט.

ס׳האָבן אויגן ניט געוואָלט זיך שליסן,
אָפן קוקן זיי מיט פאָרוואָרף און מיט שרעק.
שאַ און שטיל. ס׳גייט־אויס ווו אַ נשמה,
ס׳קומט צו לעצטער פּײַן שוין באַלד אַ ברעג.

ס׳איז דער לעצטער זיפץ שוין אָפּגעשטאָרבן,
ס׳שלאָגט שוין נישט, עס פלאַטערט נישט קיין האַרץ...
רויק טראָגט זיך אום דאָס טויטן־וויגליד:
„שלאָפט־אײַן, מײַן נאַכט איז לאַנג, מײַן נאַכט איז שוואַרץ" — — — —

### 2. צו דער קויל

אויב קומען — קום שוין גיכער,
אָ, שלעכטע, קאַלטע קויל!
ווי גרויזאַם איז דאָס וואַרטן,
אַך, טאָג און נאַכט אין גרויל!

איך ווייס: וועסט סוף־סוף טרעפן
און — אויס די גאַנצע וועלט!
מײַן קערפּער וועלן פרעסן
די קראָען אויפן פעלד...

און קיינער וועט נישט וויינען,
זיך רײַסן בײַ די האָר.
עס וועט נאָר זאָגן קדיש
אַ שוואַרצער קראָען־כאָר.

אַ פּראָסטע גרוב אָן ברעטער,
קיין בערגל און קיין שטיין.
ס'וועט שנעל דאָס פעלד פאַרוואַקסן,
דער זכר וועט פאַרגיין — —

און ערגעץ וועלן נאָנטע
אַלץ תּפילה טאָן צו גאָט;
נאָר שטומען וועט דער הימל,
נישט זאָגן זיי דעם סוד — — —

## אָ, וויפל זון!...

אָ, וויפל זון, אָ, וויפל גלאַנץ
איז הײַנט אין בונטן פעלד!
עס ציט מיך אין אַ שיכּרות־טאַנץ
געאָרעמט מיט דער וועלט.

איך האָב זי ליב, די וועלט, וואָס בליט,
וואָס שטאַרבט און לעבט אויף ס'ניי;
וואָס בײַט איר קלייד און איר געמיט
אין ווינטער, האַרבסט און מײַ.

אָ, אייביקייט, אָ, זון, אָ, שײַן!
איך פיל אײַך נאָך אַצינד.
נאָר שפּעטער, ווען כ'וועל שוין נישט זײַן —
מײַן בערגעלע געפינט.

און טרייסט עס מיט אַ ביסל פרייד
און מיט אַ ביסל שײַן.
כ'וועל אפשר פילן טויטערהייט
אַ שטראַל כאָטש אין ניט־זײַן — — — —

## צוקונפט

הינטער בערג פון שאַרבנס באָרגט זי זיך, די צוקונפט,
און ווי צו די, וואָס גלייבן נישט אין איר;
פאַר זיי איז צו פון ליכטיקייט די טיר... —
הינטער בערג פון שאַרבנס...

הינטער בערג פון שאַרבנס באָרגט זי זיך, די צוקונפט...
און ווויל צו די, וואָס גלייבן אין איר צײַט;
פאַר זיי איז אויך די אייביקייט נישט ווײַט... —
הינטער בערג פון שאַרבנס...

## וואָס ציט מיך...*

וואָס ציט מיך אַזוי צו די וויסטע מקדשים,
ווו ס'רוט שוין די שכינה לאַנג ניט?

* דאָס ערשטע געדרוקטע ליד (אין ווילנער זשורנאַל „דער טאָג אויף שבת", אין 1908).

וואָס גלוסט זיך מיר וויינען און מורמלען אַ תפילה? —
ווער ציט מיך, ווער שלעפּט מײַנע טריט?

וואָס ציט מיך אַזוי צו די וועלקיקע בלומען,
וואָס האָבן שוין לאַנג נישט קיין דופט?
וואָס גלוסט זיך מיר פלעכטן? וואָס גלוסט זיך מיר צירן?
ווער ציט מיך צום פעלד און ווער רופט?

וואָס ציט מיך אַזוי צו איר איינזאַמען קבר,
וואָס איז שוין פאַרוואַקסן פון לאַנג?
וואָס שפּרייט זיך מײַן אָרעם? וואָס גלוסט זיך מיר צערטלען? —
ווער ציט מיך, ווער וועקט מײַן פאַרלאַנג?...

## נאַקטיורן

אַקאָרדן געוועבטע פון הייליקע טרערן,
פון לויטערן אומעט און פרייד;
זיי שוועבן צו נאַכט, צו די גאָלדענע שטערן,
דאָ ראָשע און דאָ שטילערהייט.

אין צימער — קיין שימער. דורך ס'אָפענע פענצטער
באַגײַסטערט און שטום קוקט די נאַכט.
אין שאָטנס פאַרהילט שטייען הימל־געשפּענסטער
אין טונקעלן ווינקל פאַרטראַכט.

אַקאָרדן געוועבטע פון הייליקע טרערן.
עס שפּינט זיך אַ מעשהלע צאַרט.
אַט קומט אויך צו שלײַכן אין קראַנצן פון שטערן,
אין נאַכטיקן שלייער — מ אָ צ אַ ר ט...

## פאַראַן אויך רגעס זוניקע...

פאַראַן אויך רגעס זוניקע אין לעבן גרויען,
ווען כ׳דאַרף קיין סך נישט האָבן צו מײַן גליק: —
געננוג איין שמייכל ליכטיקער פון הימל בלויען,
געננוג איין פריידיק־צאַרטער מיידל־בליק.

געננוג איין פעלד באַגאָסענער מיט העלע שטראַלן
כ׳זאָל פאַלן פונעם גליק אין גרינעם שויס.
ס׳קען דאַן פאַרשיכורן פון זילבער־וואָסערפאַלן
דער קלינגעוודיקער, פריידנפולער רויש.

פאַראַן אויך רגעס זוניקע, ווען ס׳ווערט צעשוומען
דער אומעט פינצטערער, טרעט־אָפּ דער פרייד.
צי אפשר, ווײַל ער וויס, אַז ר׳וועט צוריק באַלד קומען
און הערשן אין נשמה שטילערהייט? — — —

## אַ שפּיל

דו ביסט אַ שפּיל אין מזלס הענט,
אַ צופעליקע שפּיל:
ס׳ווערט פלוצלינג אַלץ אויף אַש פאַרברענט
און קברדיק ווערט שטיל.

טאָ זאָל די שפּיל פאַרשיכורן
און זאָל זי פאַרביק זײַן;
אַך, זאָל זי טיף פאַרשיכורן
פון לײַדן און פון פּײַן.

פאַרשיכורן, פאַרשיכורן
פון די ערשטע טעג;
פאַרשיכורן, פאַרשיכורן
ביזן לעצטן ברעג — —

ווער ווייסט: די שפּיל וועט דויערן,
צי איז שוין נאָנט איר סוף?
נאַר — ניין! נאַר — ניין! נישט טרויערן
האַרט ביזן קבר־שלאָף — —
טאָ זאָל די שפּיל פֿאַרשיכורן... אאַז״וו.

אַ שפּיל געמישט מיט טרער און גאַל —
דאָס איז אַ טרויער־שפּיל!
אָ, זאָל זי זײַן מיט פֿאַרב און שטראַל,
מיט העלע זונען פֿיל!
טאָ זאָל די שפּיל פֿאַרשיכורן... אאַז״וו.

אַלץ איינס! עס איז אין חדווה־שײַן
די שפּיל גאַר טאָפּלט שיין!
ווי גוט, ווי גוט, ווי גוט און פֿײַן
אין מיטן טאַנץ פֿאַרגיין! — — —
טאָ זאָל די שפּיל פֿאַרשיכורן... אאַז״וו.

## פֿלאָנטער־איין

פֿלאָנטער־אײַן די דינע פֿינגער
אין מײַנע האָר צעשויבערט ווילד;
ס׳וועט די משא ווערן גרינגער,
דער טרויער ווערן וועט געשטילט.

כ׳וויל פֿאַרגעסן וואָס געוועזן,
איך וויל פֿאַרגעסן וואָס ס׳דערוואַרט.
זאָל פֿאַרכישופֿן מײַן וועזן
דײַן יעדער פֿינגער־גלעט שטיל־צאַרט.

כ׳פֿריר אין ווענט פֿון קאַלטן מויער,
איך קען נישט טראָגן מער מײַן צער.
צאַרטע פֿינגער! פֿליקט מײַן טרויער,
פֿאַרציט אַ גאָלדן טרוימען־שאַר...

פלאָנטער־אײַן די דינע פינגער...
איך וויל נישט זען מער מײַנע טעג.
ס'וועט די משא ווערן גרינגער,
פאַרשווינדן וועט דער לעצטער ברעג — — —

## נאָך מיין טויט

נאָך מײַן טויט וועט קיין זאַך, קיין זאַך אַנדערש גאָר ניט ווערן,
די זעלבע זון וועט זומער שיטן רײַכע גאָלדנפּראַכט;
דער הימל וועט אין מרה־שחורה־האַרבסט אַלץ גיסן טרערן,
און ווײַסע שנייעלעך אין ווינטער וועלן פאַלן זאַכט.

נאָך מײַן טויט וועט קיין זאַך, קיין זאַך אַנדערש גאָר ניט ווערן,
די זעלבע ליבע, הייסע לידער און דער זעלבער ווײַן.
די זעלבע שטומע איינזאַמקייט, די זעלבע שטילע טרערן,
נאָך איך אַליין, נאָר איך אַליין, נאָר איך וועל שוין נישט זײַן...

עס וועלן אַנד'רע אָטעמען דעם דופט פון אַסטרעס, ראָזן
און שיכור זײַן אין נעכט פון קושן און פון זיסן ווײ.
און קיינער וועט דערמאָנען מיך, מײַן בערגעלע אין גראָזן —
ווי ס'וועלן דורות שפּעטערע פאַרגעסן זיך אַן זיי — — —

## לעצטער אַקאָרד

ווען ס'וועט מיך ברענגען שוין מײַן זעגל־שיפל קליינע
צום גרענעץ שווײַגיקן פון יענעם לאַנד —
אָ, דאַן דערשײַן פון ערגעץ ווו, אָ, ערשטע, ריינע!
נעם־אָן מײַן אויסגעשטרעקטע מידע האַנט.

ס'וועט ווי אַ חלום זײַן דאָס ווײַטע רויש פון וועלן
און דו — אַ ווײַסער שוואַן פון מידן טרוים.
און כ'וועל דאַן מיט אַ בליק אַ זוניקן, אַ העלן
באַגעג'נען יענעם שווײַגנדיקן רוים — — —

# ליטע

איך האָב געירשנט פון די פעלדער דײַנע שטילע
דאָס שווײַגן, וואָס עס ליגט צעשפּרייט אויף זיי;
דו האָסט געוועקט אין מיר די ערשטע, ערשטע תּפילה,
דעם ערשטן יונגן צער, דעם ערשטן וויי.

איך האָב פון דײַנע שאָרע, טונקעלע פאַרנאַכטן
טיף אײַנגעזאַפּט דײַן אומעט אין מײַן האַרץ.
פון הימל דײַנעם פון דעם אומעטיק פאַרטראַכטן
געוווּנקען האָט צו מיר מײַן מזל שוואַרץ.

פון דײַנע קלויסטערס הילצערנע האָב איך פאַרנומען
דעם תּמיד לאַנגזאַם־מאָנאָטאָנעם קלאַנג.
באַגינען אויף מײַן בעט פלעגט שטיל דאָס ווײַטע ברומען
אין קינדער־חלום וועקן מײַן פאַרלאַנג.

גלין־גלאָן! גלין־גלאָן! — כ׳מאַך־אויף פון זאַנפטן שלאָף די אויגן. —
אין דרויסן טאָגט; ס׳ווערט ביסלעכווײַז שוין גרוי.
איך קוק צום פענצטער. שטיל און שטום. דאָרט אײַנגעבויגן
נאָך טרוימט דער אַלטער בוים אין טראָפּנס טוי.

איך האָב דערשפּירט אויף דײַנע ברייטע שטומע פעלדער
דעם ערשטן ציטער, וואָגלענדיק אַליין.
ווי ס׳וואָלט די שכינה זיך אַנטפּלעקט פון הינטער וועלדער,
פאַרהילט אין בלאַסן טרויעריקן חן...

און ס׳איז מײַן ליד געבוירן. ס׳האָבן ווײַסע טרוימען
פון פעלדער שטומע זיך אין ליד פאַרשפּינט.
און שטיל איז עס און פרום, ווי שטיל דעם ווינטלס רוימען,
ווי פרום דײַן לײַן, בשעת עס בליט און גרינט.

דו האָסט דעם ערשטן ליבע־פלאַם טיף אין מײַן האַרצן
געצונדן פאַרזיכטיק און הייליק שטיל.
עס האָט אַ טאָכטער דײַנע מיט אַ קאָפּ אַ שוואַרצן
געוועקט מײַן ציטערדיק און הייס געפיל.

פאַרקלערט געווען איז זי... פלעגט טרוימען שטיל און שווײַגן
אין נעכט פאַרחלומטע, אין נעכט פון מײַ.
עס פלעגן דופטן בלומען, ס׳פלעגן דרימלען צווײַגן,
עס פלעגן רגעס גאָלד׳נע גיין פאַרבײַ.

אַ שעמעוודיק גרויס קינד... די שוואַרצע טונק׳לע ברעמען
פאַרהילן פלעגן יעדן קורצן בליק.
פלעגט קושן צאַרט, געטרײַ, פלעגט קושן און זיך שעמען,
זי פלעגט זיך שעמען פאַר איר אייגן גליק...

— — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב פאַרליבט זיך אין די סאָזלקעס די שטילע,
אין זאַנג פון קאָרן, גריקע און פון ווייץ;
אין דײַנע שורות ווערבעס — ווי פאַרטיפט אין תפילה, —
אין דײַנע פאַרבן בלייכע אָן אַ רייץ.

פאַרמעגסט אויך בערג — דאָס זײַנען טויטע שטומע עדות
פון בלוט און קאַמפן אויף דײַן מאָגער ערד.
עס ליגן שאַרבנס טיף אין זיי פון אַלטע זיידעס,
פאַרשטומט שוין לאַנג די טריט פון חיילס פערד.

אַלץ רויק שוין און שטיל, ווי לײַדנשאַפט געשטילטע,
באַרוט און טיף דער זאַמד, וואָס אויפן וועג.
עס קוקן פויערים אין סערמיגעס פאַרהילטע
שטיל טרויעריק ווי דײַנע בלייכע טעג.

עס ציִען זיך די ברייטע אומעטיקע וועגן,
צעזייטע קרעטשמעס אַלטע ווו־ניט־ווו...
אַ בלינדער בעטלער טאַפּט אין וועג. די אויגן פרעגן:
„צי איז נאָך ווײַט אַ דאָרף, איז ווײַט צו רו?״

אַלץ רויק שוין און שטיל. צעפוילטע צלמים־סלופּעס
פאַרזונקען שטייען דאָ און דאָרט אין צער.
אַ טאָפּאָל, אַ מאָהילניק. גרינע שטיינער־קופּעס.
עס לאָזט זיך ווען אַראָפּ אַ קראָען־שאַר.

## ליטווישע שטעטלעך

אַ, ליטווישע שטעטעלעך, אָרעמע קליינע!
איר ליגט אײַך צעזייט און צעשפּרייט דאָ און דאָרטן;
אַ, הײַזעלעך הילצערנע, אַלט און געבויגן,
און ווו נישט ווו גריבט קוים אַ ביימל, אַ גאָרטן.

אַ, הײַזעלעך הילצערנע, שוואַרצע פון רעגן,
די קוימענס האַלב־חרוב שוין, פינצטערע ציגל;
די פענצטערלעך קליינע, עס פעלן ווו שויבן,
עס טראָגט זיך פון דאָרט אַ געוויין פון אַ וויגל.

די פענצטערלעך טריבע, פאַרגרינטע פון אַלטקייט;
עס קוקט דורך די שויבן דער פינצטערער דלות;
דאָ נייט אַ מאַשין, ס'קלינגען מידלשע לידער —
דאָס זײַנען די ליטווישע טעכטער, די כלות.

דאָ נייט אַ מאַשין, און דער פאָדעם ער ציט זיך,
ער ציט זיך און ציט זיך אַ זומערטאָג לאַנגן;
דאָס פּנים ווערט בלאַסער, די אויגן מער גלאַנצן,
און בענקענדער ווערן אין האַרץ די פאַרלאַנגען.

דאָרט קלינגט פון אַ פענצטער אַ ייִנגלשער קולכל.
— נו, אָמר אַביי... זאָגט, קינדער, כסדר!...
דאָס לערנען די ייִנגלעך בײַם רבין גמרא,
עס שטאַרבט זייער לוסט אָפּ באַצײַטנס אין חדר.

און ווײַטער — אַ שול, אַ בית־מדרש, אַ קלויזל,
אַ באָד מיט אַ קוימען, וואָס אָט־אָט־אָ פאַלט ער,
אַ בלאָטיקער מאַרק, אַ פּיר שמאָלינקע געסלעך,
אַ ברונעם, אַ פאַרקאָן, אַ ווינטמיל אָן אַלטער.

פון איין עק — אַ קלויסטער, פון צווייטן — אַ צערקווע,
עס שטרעקן זיך קופּאָלס הויך־הויך אין דער לופטן.
און ווײַטער — עק שטעטל. אַ צנועהקע גרינקייט,
אַ לאָנקע מיט שטילע באַשיידענע דופטן.

פון איין זײַט אַ גרינער „מאָהילניק" מיט צלמים,
פון צווייטן — דער יידישער שטילער בית־עולם.
מען קומט צו דעם ערשטן מיט קרענץ און געזאַנגען,
דער צווייטער, ער קען נאָר אַן אָבלשן עולם...

## דאָס אייביקע בערגל

כ'געדענק דעם בית־עולם, וואָס הינטער מײַן שטעטל,
וואָס רוט זיך אין אייביקן פרידן באַזאַכט.
עס שווײַגן מצבות, עס שטומען די ביימער
אויף אייביק פאַרזונקען, אויף אייביק פאַרטראַכט.

עס ציִען זיך שורות פון קברים פון אַלטע
מיט ווילד־הויכע גראָזן, וואָס רירן זיך קאָם.
אין ווינקל אַ טונקעלער הילצערנער טויער
פון אַלטן פאַרוואָקסענעם שטיינערנעם צאָם.

דאָ בלאַנקען זיך „מויערלעך" רויטע און ווײַסע,
דער אוהל פון צדיק פון הייליקן ז"ל;
דאָ שוואַרצן זיך הענט אויף מצבות פון כהנים,
דאָרט גאָלד־רויטע אותיות: „תחת הגל"...

דאָ שורות פון ברעטלעך אויף קינדערשע קברים:
נשמהלעך ווײַסע אַוועק גאָר אָן זינד.
און דאָרטן אַרויף, סאַמע שפּיץ פונעם בערגל,
שוין זײַנען די שטיינער פאַרזונקען אַצינד.

דאָרט זײַנען נאָר עטלעכע אותיות געבליבן —
דער קריצער ליגט אויך שוין ווו אונטער אַ שטיין.
דאָ זעט זיך „איש תם" נאָר און דאָרט בלויז „פּה נטמן".
די זײַנען פון לאַנג שוין געלײַטערט און ריין.

די זיצן שוין לאַנג אויף אַ שטול אין גן־עדן
צוזאַמען מיט אָבות אין קרוינען און פּראַכט;

די מיִען זיך לאַנג פאַרן כסא־הכבוד,
עס זאָל זיך שוין עקן פון גלות די נאַכט...

עס שפּרייט זיך פון אויבן אַ בלייִענער הימל
און הילט־איַין דאָס אייביקע בערגל אַרום.
ביַי נאַכט, דוכט, באַוועגט זיך וואָס צווישן די קברים,
עס בלאָנדזשען נשמות אין פינצטערניש שטום.

זיי בלאָנדזשען און קוקן מיט בענקשאַפט צום שטעטל
און סודען זיך שטיל מיט אַ ליכט־שיַין פון דאָרט.
נאָר הייבט־אָן דאָס פינצטערניש ביסלעכוויַיז בלייכן
און ס'הערט זיך פון ערגעץ אַ קריי, צי אַ וואָרט, —

דאַן טויט ווערט ווי שטענדיק. ס'אַנטפּלעקן אין טאָג־ליכט
זיך קברים און מויערלעך, ביימלעך — צעזייט.
און טיף אין געדיכטקייט פון גראָז פונעם ווילדן
באַהאַלט זיך און טוליעט דער נאַכטיקער סוד.

*

אַזוי שווימען טעג און אַזוי שווימען יאָרן.
עס גיט אויך דאָס טויער אַ סקריפּע אַ מאָל:
עס קומט אַ לוויה. אַ קאַסטן אַ שוואַרצער.
עס הערט זיך אַ קדיש... אַן אָבלשער קול.

אַ ריס אַ פּאָר גרעזלעך — און אַלע פאַרשווינדן,
און ס'וואַקסט אַזוי אויס פון די שורות די לענג.
אַזוי שווימען טעג. ס'ווערן ווילדער די גראָזן,
די ביימלעך אַלץ טונק'לער, געדיכטער און ענג.

*

און קומט אָן דער אלול — דער חודש פון טרערן,
מיט טרוי'ריקע גרוסן, מיט אומעט און קלאָג, —
דאַן קומט מען פון שטעטל צום אייביקן בערגל,
דאָרט שוואַרצן געשטאַלטן זיך איטלעכן טאָג.

מען פאַלט צו די שטיינער די שווײַגנדיק־קאַלטע,
עס מורמלען די ליפּן, עס ציטערט די שטים;
עס וויגט אין דער האַנט זיך אַן אַלטיטשקער ספר
מיט פלעקן מיט געלע פון טרערן אין אים.

ס׳גייט־אום ווער פון קבר צו קבר, אַ בלאַסער,
מיט נאַכט־שוואַרצער באָרד און מיט צער אין דעם בליק;
און ס׳קלינגט אַזוי טרערעווודיק: „אל מלא רחמים" — — — —
אַן עכאָ פון וועלדל קומט ווייגענד צוריק.

דאַן חברט דאָס שטעטל זיך נאָנט מיטן בערגל:
דער בעט, דער פאַרטרויט זיך, דער טרערן פאַרגיסט — —
נאָר עקט זיך דער אלול — קיין שאָטן פון מענטשן,
נאָך טרוי׳ריקער ווערט עס, נאָך שטילער און וויסט.

אין לופט ווערן שטום און פאַרגליווערט די זיפצן,
עס שטאַרבן אין גראָז אָפּ די שפּורן פון טריט.
ס׳ווערט כמאַרנער דער הימל. אויף ערגעץ אַ צווײַגל
פאַרענדיקט אַ פויגל זײַן זומערדיק ליד.

דאַן קומען די ווינטן די טריבע און פוילע,
אַ רעגן אַ האַרבסטיקער קאַפּעט אָן סוף.
און נעכט קריכן שוואַרצע אַראָפּ און פאַרהילן
דאָס בערגל אין אייביקן פינצטערן שלאָף — —

דאַן קומען די שנייען, די טיפע, געדיכטע
און ס׳ווערט אַלץ פאַרגליווערט אין ווײַסקייט אַרום.
עס סטאַרטשען נאָר ערטערווײַז קעפּלעך פון ביימער,
נאָר שפּיצן מצבות פאַרגליווערטע, שטום.

און נעכט קומען לאַנגע, מיט ווילדן שגעון,
עס יאָמערט דער שטורעם מיט שדימשער מאַכט.
דאַן בלאָזן זיך בערג גאַנצע אויף אויף די קברים,
ווי ס׳וואָלטן די מתים אַ טורעם געמאַכט...

אַזוי שווימען טעג און אַזוי שווימען יאָרן...
עס טוישט זיך אין שטעטל אַ דור נאָך אַ דור.

עס בײַטן זיך לעבנס, עס בײַטן זיך סדרים, —
דאָס בערגל — עס ווערט נישט געענדערט קיין האָר.
— — — — — — — — — — — — — —

כ׳געדענק דעם בית־עולם, וואָס הינטער מײַן שטעטל,
זײַן אײביקן פרידן, זײַן אײביקע רו;
דעם שטײנערנעם פּאַרקאַן, די גראָזן די ווילדע,
דער הימל, וואָס דעקט אים מיט טרויעריקייט צו — —

## זון־אונטערגאַנג אויפֿן ניעמאַן

שטילינקע כוואַליעלעך וויגן זיך, קנייטשן זיך,
ראָז איז דער טײַך ווי מיט בלומען צעזייט. —
טראָג מיך, אָ, שיפל, צום שטילן גן־עדן,
וווּ ס׳האַלדזט זיך די זון מיטן טײַך און פֿאַרגייט.

שטראַלן און פֿאַרבן. אָ, טראָג מיך, מײַן שיפעלע,
פיר מיך אַלץ ווײַטער, אַלץ ווײַטער פון ברעג.
כ׳האָב דאָ קיין זאַך נישט. כ׳בין איינער. אַ פרעמדער.
אַן איינזאַמער וואָגלער, אָן ציל און אָן וועג...

טראָג מיך, אָ, שיפל, צום פלאַמיקן אָפגרונט,
די רויִקע פראַכט פון פאַרגיין — ווי מיך ציט.
כ׳וויל מיט דער גוססער זון גלײַך פאַרזינקען,
צוזאַמען זאָל שטאַרבן דאָס איינזאַמע ליד — — —

## אין אַ ווינטער־פאַרנאַכט

(קינדער־מאָטיוו)

ראָז דער הימל, ס׳צינדן פלאַמען
זיך אין מערב־זײַט;
רונד אַרום די ווײַסע ימען
ציִען זיך העט ווײַט.

און דער פראָסט, ער ווערט אַלץ פעסטער,
און דער גליטש, ער גלאַנצט. —
קינדער, היי! ווי ברידער, שוועסטער
איינס נאָך איינס און — טאַנצט!

פליט צום גליטש — איר זעט ווי שטראַלן
פינקלען אין זײַן גלאָז?
איינס און צוויי — נאָר ר׳זאָלט נישט פאַלן,
שנעלער זיך אַ לאָז.

אָט אַזוי. די בעקלעך גליִען,
וואָס מיר פראָסט — ס׳איז הייס!
קינדער אַ „שמונה עשרה״ ציִען
ווער פון אײַך צי ווייס?

אָט אַזוי, די פיס אינאיינעם,
ווי אַ סטרונע גלײַך.
און אַזוי גלײַך איינס נאָך איינעם
אויפן גלאָז פון טײַך.

אַ „ויאמר דוד״ צינדער
ווייסט איר ווי מען מאַכט? —
אָט אַזוי די אויגן, קינדער,
מיט דער האַנט פאַרמאַכט!

בראַוואָ, בראַוואָ! ווי עס פלאַמען
די איגלעך העל בײַ אײַך.
איצט — גענוג! פון ווײַסע ימען
פליט אַהיים זשע גלײַך.

ס׳ווערט דער פראָסט אַלץ שטאַרקער, פעסטער,
ס׳שטאַרבט דער שקיעהס פראַכט.
יונגע פייגל אין די נעסטער
דאַרפן זײַן בײַ נאַכט.

ס'ווערט שוין שפעט. אַ פויערס שליטל
יאָגט זיך שוין פון שטאָט.
הימל, באַרג און בוים אין קיטל —
ס'זינקט אַלץ אין אַ סוד — — —

## אין שנייִקן פֿאַרנאַכט

אין שנייִקן פֿאַרנאַכט ניט שטער, ניט שטער דאָס שווײַגן
אין גאָרטן אין דעם שטומען!
אַך זע: תכריכים הילן אײַן די טויטע צווײַגן
און אויף דער ערד די בלומען.

אין שנייִקן פֿאַרנאַכט איז תפילהדיק אין גאָרטן,
גאָט שפּינט אַ שניי־לעגענדע.
אַך שווײַג: דו וועסט די אייביקייט דערשפּירן דאָרטן
אין ווײַסן סוף, אין ענדע — — —

# IV

# שטאָט־קאָשמאַרן

(וואַרשע, 1926)

## שטאָט־קאָשמאַרן

דעם לעצטן טראָפּן בלומען־זאַפט פון האַרץ —
ווער האָט עס אויסגעזויגן?
דאָס לעצטע שטיקל וואַלד פון טרוים
ווו איז עס מיר פאַרפלויגן?
ווער האָט די תמימותדיקע בלויקייט פרעך
מיר אויסגעגרויט פון ד׳אויגן? — —

— אַ קינד פון שטאָט! —
שוועבסט אויף גאַסן און אויף געסלעך.
בעטלערס שטייען אויף די ראָגן.
שוואַרצע קנייטשן. לאַנגע ברעמען.
אויסגעשטרעקטע דאַרע הענט.
ליגן קריפּלס אויף די שטיינער,
טוליען זיך צו גרויע ווענט.
פּויזשען ווערעמדיק אין מיסט!
אפשר ליגט נאָך ווו אַ ביינדל
נישט דערנאָגט און נישט דערגריזשעט
ביי אַ רייכן פעטן טיש?...

...ציִען מחנות אויף בולוואַרן.
פּאָנען פלאַטערן אין רוים... —

צי מען קרוינט אַ יונגן קיניג?
צי מען וואַרפט אַראָפּ אַ יאָך?
מחנות, מחנות, גרויע מחנות...
— — — — — — — — — — — —

...ליגן גאַסן, לאַנגע גאַסן,
הײַזער ספינקסן קוקן שטום
מיט קוואַדראַטנע קברים־אויגן
דורך שפּאַקולן־גלאָז.
קוקן, קוקן און זיי שווײַגן
און פאַרנעמען שטום די גאַס:
שלינגען זיפצן פון אַ זקן
און — אַ מײדל־לאַך אַ יונגן.
קולות גראָבע פון שיכורים
און — אַ שטילן ליבע־סוד.
צײַטונג־ייִנגלעכס — „מאָרדן!", „מאָרדן!",
פּרויענס „קום!" — וואָס לאָקט צו זינד...
רוישן רעדער און פאַרשרײַען,
און ס'פאַרטויבט מעטאַל.

...— „טרו־טרו־טרו־טו!" —
ס'פליט אַ בײַדל:
ווער געוואָרפן זיך פון פענצטער,
ווער געטרונקען ציאַן־קאַלי.
ווען ס'האָט אַ קאָפּ געפּײַניקט
מיט מחשבות פינצטער־שוואַרץ;
ווען ס'האָט אין האַרץ געלעכערט
יאוש קאַלטער, יאוש־סם, —
און עס האָט אים שוין דערעסן
אָט דער אַלטער מאַרש פון זון,
דאָס געדריי פון טעג און נעכט — — —
— — — — — — — — — — —

...רוישן לאַנגזאַם־לאַנגזאַם רעדער,
שווערע רעדער פון עגלות —

מתים, מתים!
פערד אין שוואַרצן, ווי די לצים,
אויערן שפּיצן זיך און ווינקען,
ווינקען לציש פון די קעפּ.
פירט מען איינעם און אַ צווייטן,
און מען פירט אַ גאַנצן טאָג...
ווער ס'איז הײַנט נאָך אַ מלווה,
ווער אַ לעקיש שוין — אַ מת...
ערגעץ אַרבעט אַ „פאַבריקל":
— „טהור! טהור! און זײַ מוחל!" — —
— — — — — — — — — — — —

אַ קינד פון שטאָט!
אין נעכט אין עלנטע פאַרוויגט
אַ ווײַטער רעדער־הילך אויף שטיין,
און ס'וועבט זיך אײַן אין דעם קאַשמאַר
אַ פײַף פון אַ פאַרוואָגלט צוג.
פאַרמאַכסט דורך „בראָם" די אויגן קוים
און ס'וויקלט זיך אַ שלאָף:
בעטלערס... מתים... תליות...
מענטשן הענגען...
ציינגער שטעקן — שפּריצן בלוט...
גלעקער קלינגען:
גלין־גלאָן! גלין־גלאָן!
הרוגים טאַנצן אויף בולוואַרן
און זיי ציִען מיט.
ציִען, ציִען דיך אין רעדל.
טוליען, טוליען זיך און פרעסן
מיט די ווונדן פעסט צו דיר.
שוידערסט, שוידערסט אין די אָרעמס
און דערוואַכסט אין זייער קעלט — —
— טפוי! — כע, כע! —
כע־כע, אַ באַקאַנטע קעלט —
די קעלט פון וויסטן, גרויען צימער...

פון מאָגער דאַרן אײַזנבעטל — —
גרויט אַרײַן אַ גרויער מאָרגן
און זאָגט אָן אַ גרויע בשורה:
ס'האָט קיין זאַך זיך נישט געביטן...
נאָך אַ נאַכט און נאָך אַ טאָג —
אַ לאַנג „טיק־טאַק!‟ פון אייביקייט,
פון גרויער־גרויער אייביקייט — —
שטייסטו אויף אַ קרענקלעך־בלאַסער.
בלייכער נאָך פון גרויען ליכט,
וואָס עס פאַלט אויף האַרטע הײַזער
און אויף גרוילעכן אַספאַלט.
וואַקסט אין האַרץ־חלל אַ טרויער,
גרעסער פון דער שטאָט אַליין...

## כ'וועל גיין מיין וועג

כ'וועל גיין מײַן וועג אַליין, באַזונדער,
אויף שמאָלער סטעזשקעלע, בײַם זײַט.
כ'וועל פרייען זיך מיט פרילינגס וווּנדער,
צו טרויערן אין כמאַרעס־צײַט.

כ'האָב פײַנט די פרעכע שאַרן קראָען,
וואָס קראַקען, לעכערן דעם רוים.
כ'וועל היטן מײַנע איינזאַם־שעהען,
מײַן תפילה־ליד, מײַן שטילן טרוים.

ס'איז תפילת־יחיד הייסער, ריינער,
עס איז אָן האַרץ אַ כאָר־געשריי.
איך גיי מײַן וועג באַזונדער, איינער,
אַליין מיט חדווה און מיט וויי — — — —

## אַ נאַכט

אויף דעכער שוואַרץ געפּעכט
רוט פאַרחלשט אַ נאַכט,
ווי אַ מידער פינצטערער דעמאָן,
וואָס קומט פון הימל־מדבריות
רולאָז, נע־ונד,
און זוכט זיך פיַינלעך אַ תיקון
צווישן לייד פון דער ערד.

ווייגען גלאָקן אין רוים
פון טורעמס, פון היכלע —
קלאַנגען צו קבורה.
עס איז איצט לוויה פון טאָג,
וואָס געשטאָרבן איז עלנטיק־גרוי
אויף פעלדער פאַרוואָרלאָזטע טריב...
און ס׳טראָגן אים נאַכט־גייַסטער שטום
אויף די פליגל מיט לאַנגזאַמען שווונג
צום וועלט־בית־הקברות,
ווו ס׳ליגן די רייען פון טעג,
פון פאַרלאָשענע ליכטיקסטע טעג — — —

און דרינגט ווו אַ פלעמל אין גאַס —
קוקט עס אויס ווי נר־תמידס אַ שטראַל
פון אַ צדיקס אַן אוהל ביַינאַכט
אויף אַן אַלטן בית־עולם.
ס׳זיַינען שטום אַלע מתים אַרום,
און האַרט איז דער שלאָף אינעם קבר.
און הערן זיך טריט ווו־נישט־ווו —
קאָנען זיַין עס נאָר טריט פון אַ קברן,
וואָס גראָבט נאָך דעם קבר דעם לעצטן
פאַר אַן עלנטן בר־מינן, וויסטן,
וואָס שווער זיַין יציאת־נשמה

געוועזן איז — און ר׳האָט זיך פאַרשפּעטיקט
אין האַלב־נאַכט, אין שוואַרצער...

אויף דעכער שוואַרץ געפּעכט
רויט פאַרחלשט די נאַכט.
און פּוסט איז, און לער איז דאָס דרויסן
ווי אַ שטוב ווו ס׳איז עמעץ געשטאָרבן —
אַן איינזאַמער פרעמדלינג —
און נאָך זײַן לוויה דאָרט בלײַבט נישט
אַפילו קיין איינציקער אָבל,
און קיינער צינדט אָן דאָרט קיין פײַער
ווען ס׳רוקט זיך די נאַכט אָן — — — —

## כ׳וויל אַנטלויפן

כ׳וויל אַנטלויפן פון אַלץ, וואָס דערמאָנט מיר אָן טויט,
כ׳וועל זיך זעצן אין גאָרטן אין בליענדסטן אָרט,
ווו עס לאַכן פּיאָנען גאָר פלאַמיק און רויט,
דער וואַסערפאַל רוישט אין אָנסופיקייט דאָרט.

אפשר וועל איך דערשפּירן דעם זינען פון צײַט,
וואָס וועבט זיך און וועבט זיך אין נעכט און אין טעג;
אפשר וועל איך דערגיין, אַז די ווײַט איז קיין ווײַט,
אפשר וועל איך דערגיין, אַז דער ברעג איז קיין ברעג — — —

## ווייסע ביימער

ווײַסע ביימער, ווײַס פון בליִען,
ס׳שטראָמען פאַליעס דופטן;
שטראַלן גליִען, שטראַלן בריִען,
אַ געזאַנג אין לופטן.

כ׳ליג אין גראָזן טיפֿע, קילע,
ס׳זשומעט אַ בינס אַ ניגון:
אין אַ גליקלעך העלער תּפֿילה
וויל זי מיך פֿאַרוויגן.

וויפֿל פֿרייד, אַ, אונטער הימלען!
כ׳שפּיר די אייביקייט אָן ענדע.
זינג מיר, בין, אַ זינג, כ׳וועל דרימלען,
שפּין די זוניקע לעגענדע!

כ׳וויל אַזוי פֿאַרגעסן ווערן
אין די דופֿטן, אין די פֿאַרבן,
און נישט פֿילן, און נישט הערן,
ווי כ׳וועל אויסגיין, ווי כ׳וועל שטאַרבן — —

## וואַסערפֿאַל

אַ, אייביק ריידעוודיקער, שוימענדיקער וואַסערפֿאַל!
איך שפּיר דעם טאַקט פֿון אייביקייט אין קלאָרן רויש בײַ דיר.
איך הער אייננצײַטיק: קדיש זאָגסט נאָך דעם, וואָס שטאַרבט אַוועק,
און בשׂורות זאָגסטו אָן פֿון דורות שפּעטערע נאָך מיר.

און ס׳קלינגט אַלץ איינס דער ניגון פֿון דײַן מאָנאָטאָנעם ליד —
דאָס ליד, וואָס רעדט פֿון נײַגעבורט און פֿונעם טויט דעם האָר.
עס איז אין־סוף־געזאַנג, וואָס טריפֿט זיך טראָפּ נאָך טראָפּ,
און כ׳שפּיר אין דיר, אַ וואַסערפֿאַל, די אייביקייט דערפֿאַר — —

## דאָס ליד פֿון פֿרייד

אַ זון, אַ זון! איך טרינק אומשטאַרביקייט אין ליכט בײַ דיר;
עס עפֿענען זיך אוצרות גאָלד פֿאַר דעם, וואָס דורשט — פֿאַר מיר!
איך טרינק און ווער באַרוישט, פֿאַרשיכורט פֿון דײַן העלן גלאַנץ!

איך לאַך און קײַך פאַר פרייד און רוף די גאַנצע וועלט צום טאַנץ!
איך לאַך פון די, וואָס וויינען, כ'לאַך און קײַך פון יעדן „אוי":
— איר בלינדע, בלינדע! זעט ווי אויבן ס'איז דער הימל בלוי.
איר טויבע, הערט, ווי ס'זינגט די וועלט פון חדווה און פון פרייד,
עס טאַנצן שטראַלן איבער קברים שיכורדיקערהייט...
צי טויט, צי לעבן — ס'איז אַלץ איינס, בײַ אייביקייט אַ שטיף.
צי אונטער זונען, אָדער אונטער שיכטן ערד גאָר טיף.
צי טרינק דעם ברויזנדיקן ווײַן, צי וואַרף פאַרשײַט דעם כוס,
צי וואַך, צי שלאָף, געבויר, צי שטאַרב — עס האָט נישט קיין
„פאַרוואָס"... —
אויף אַלץ און איבער אַלעמען צעטראָגט זיך אַ געזאַנג.
עס איז אַ שפּיל אַן אייביקע — שוין לאַנג, שוין לאַנג, ביז לאַנג — — —

## מיט דיינע פרילינגס, וועלט...

מיט דײַנע פרילינגס, וועלט, האָסטו צעפלאָמט מײַן אומרו,
מיט זוניקייט האָסטו מײַן בלוט צעגליט;
עס האָבן גרינע טעפּיכער אויף דײַנע לאָנקעס
נישט אײַנגעוויגט מײַן אויפגעברויזט געמיט.

דו האָסט פאַרשאָטן מיך מיט פלאַמיקע פּיאָנען,
אַקאַציעס תאווה־פול — אַ ווײַסער ים!
און דײַנע טעכטער ערדישע מיט ווײַסע לײַבער,
זיי האָבן מיך צעצונדן אין אַ פלאַם.

מיט דײַנע פרילינגס, וועלט, האָסטו צעברויזט מײַן אומרו,
דורך וועגן, שטעט — איך וויס מער פון קיין רו!
איז וואָס, אַז האַרבסט זינגט ווען אַ קדיש־ניגון,
צי שנייען מײַנע וועגן דעקן צו? — — —

## ים־געזאַנגען

### 1. וויג זיך

וויג זיך, שיפל, אויף די בייטן
אויפגעבלאָזט פון ווינט;
ס'רײַסט צום אָנסוף ווײַטן, ברייטן —
כ'בין אַ סטיכיען־קינד.

טראָג זיך, שיפל, אין די ווײַטן
אָן אַ סוף, אָן ענד.
גאָלד־גלוט שפּריצט פון אַלע זײַטן:
שקיעה פלאַמט און ברענט.

אונטן, אויבן בלענדן פאַרבן,
פליסט עס פלאַם אין פלאַם.
גוט צו לעבן, גוט צו שטאַרבן
אויף דער ברוסט פון ים — — —

### 2. מיר זײַנען אַ פּײַערל

צום ברעג איז נאָך ווײַט און די נאַכט פאַלט שוין צו,
עס וויגן זיך כוואַליעס, וואָס ווייסן קיין רו.

עס ברענט אַ לאַמטערן אין שיפל באַזאַכט —
ס'זיצט אפשר אַן איינזאַמער ערגעץ און טראַכט.

ער זעט אונדזער פּײַערל בלאָנדזשען אין ים,
עס ציט אים, עס בענקט זיך אים דאָרטן מסתם.

ניין, לאָמיר נישט רודערן איצטער צום ברעג, —
צום טרוימערס חלומות נישט מאַכן אַן עק.

שטיל זאָל ער דאָרט זיצן אַליין, אין אַ זײַט...
מיר זײַנען אַ פּײַערל ערגעץ אין ווײַט — —

צאַפּאַט, 1925

## נישט פרעג!

נישט פרעג ווער איך בין און פון וואַנען איך קום:
מיר זײַנען נאָר קינדער פון רגעס —
נישט מער, פרעמדער־נאָענטער פרײַנד!
קום, נעם מיך אַזוי ווי אַ שוועסטער אַרום.
דער נעכטן? דער מאָרגן? — וואָס אַרט וועם! נישט פרעג עס —
מיר קענען זיך פרייען בלויז הײַנט!

מיר זײַנען נאָר רגעס. אַ ווינטלס אַ ריר.
מיר קענען איין ניגון קוים וועבן,
און אפשר — איין ניגון אָן סוף...
הײַנט גאַרט מײַן נשמה אויך זינגען מיט דיר —
וועט נאָך אַ פאַרב האָבן דאָס גרוי־קורצע לעבן,
וואָס פירט דאָך צום אייביקן שלאָף — —

## לעבנסבוך

דו ביסט אַ שיין קאַפּיטל אין מײַן לעבנסבוך,
דאָך וויל איך נישט, זאָלסט זײַן שוין דער פינאַל.
פאַראַן נאָך שיינקייטן פאַר מיר — אַ ים, אַ ים!
צו פרי, ס'זאָל די קורטינע טאָן אַ פאַל.

ביסט פּרעכטיק — יאָ! דאָך קענסטו נישט די לעצטע זײַן:
מיר דוכט, עס ווערט דאָס בוך ערשט אויפגעמאַכט.
דו ווייסט דאָך: מער קאַפּיטלען — רײַכער אַלץ דאָס ווערק —
און כ'האָב זיך וועגן סוף נאָך נישט פאַרטראַכט — —

## מיין פּרעלוד

(סקערצאָ)

זי האָט געשפּילט דאָן אַ פּרעלודיע פון שאָפּען,
געפלאָסן קלאַנגען זײַנען שטיל, אַנדאַנטע;

און כ'האָב געפילט: איך האָב אַ וווּנדער־קינד געזען
צווישן פּאַלמען, זון, אין לאַנד פון דאַנטע...

כ'בין שטום לעם איר געשטאַנען ווי אַ שאָטן.
ווי יונג, ווי טרוימיש העל זי איז — אַ ווײַסער שוואַן!
— — — — — — — — — — — — — — — —
כ'האָב מיט אַ קוש — אַ קלאַנג נישט על־פּי נאָטן —
אויך אָנגעהויבן מײַן פּרעלודיע פון ראָמאַן — —

## אַ האַרבסט־טאָג

עס איז הײַנט אַ טאָג אַזאַ שטילער, אַ שטילער,
ווי נאָך אַ לוויה...
גלײַך וואָלסט הײַנט באַגלייט צו אַן אַלטן בית־עולם,
דורך וועגן דורך באַנגע, דורך וועגן דורך טריבע,
די לעצטע, די טרײַע...

עס שטייען דאָ — דאָרטן אַ ווערבע, אַ סאָסנע,
די קעפּ טיף געזונקען.
געל־גאָלדענע בלעטער... בית־עולמשער ריח...
בײַם וואַסערמיל שטייט שטיל דער ראָד און ער שפּריצט נישט
מיט פּערלשע פונקען.

ווי נידריק, ווי נאָענט צו דער ערד ס'איז דער הימל —
אבלים צוויי שטילע.
דער הימל אין טרויער, די פעלדער אין קריעה.
און ביידע זיי שטומען און זײַנען מכוון
אײן קדיש, אײן תפילה...

עס איז הײַנט אַ טאָג אַזאַ טרוי'ריקער, שטילער.
איז טויט עס, צי לעבן?
— „גלין־גלאָן!" — קלאַנגען גלאָקן פון טונקעלע קלויסטערס.
עס רוקט זיך אַן אָוונט דורך פעלדער און וועגן
אין שוואַרצע געוועבן — —

# צייט־פערזן

### 1. בלומען פון די ווײַטע פעלדער

בלומען פון די ווײַטע פעלדער!
ביימער פון די שטילע וועלדער!
ווייסט איר אײַער שטאַם? —
ס'האָבן אײַך גענערט נאָר פגרים,
אונטער אײַך טיף — ברידער־קברים,
אײַער זריעה — סם!

ביימער פון די שטילע וועלדער!
בלומען פון די ווײַטע פעלדער, —
פײַכט פון רויטן ים!
ווער עס ועט אײַך צערטלעך פליקן
און מיט אײַך זיך וועלן קוויקן —
זאָגט אים אײַער שטאַם! — —

### 2. שטן, לאַך!...

שטן, לאַך! —
דײַן נצחון אויף דער ערד,
טעמפלען ליגן וויסט, צעשטערט;
טרעטסט אויף שאַרבנס דאָרט און דאָ —
כאַ־כאַ־כאַ און כאָ־כאָ־כאָ!...

שטן, לאַך! —
דײַן ממשלה ברייט ביז גאָר,
ס'קניט פאַר דיר אַ גאַנצער דור!
ס'האָט געשלאָגן איצט דײַן שעה —
כאַ־כאַ־כאַ און כאָ־כאָ־כאָ! — —

1919

# די ערד

עס איז די ערד אַ גוטע דאַך,
אַ מאַמעדיקע גוטע. —
וואָס איז זי שולדיק דען, די ערד,
וואָס מיר באַפלעקן זי מיט בלוט —
מיט הבלס בלוט...
ווער צעאַקערט זי אין קברים און בית־עולמס,
אויב נישט מיר! —
נישט זי, די ערד, שטילט־אײַן איר דאָרשט מיט בלוט —
נאָר מיר! —
זי האָט אַליין איר זאַפט געגנוג
פאַר פרילינגס עד אין־סוף.
עס קלעקן איר די וואַסערן אין טראַכט,
דער רעגן פאַר איר פלאַך
צום שפּראָצן און געבוירן... —
זי דאַרף נישט אונדזער בלוט!
ווער האָט איר אַרץ פאַרהאַרטעוועט צו שטאָל,
דעם שטאָל צו שווערד —
מיר!
מיר, וואָס טרעטן אויף איר שויס,
האַקן אירע וועלדער,
שנײַדן אירע בערגער — —
עס איז די ערד אַ גוטע דאַך,
אַ מאַמע פול מיט ברכה,
מיט ברויט און ווײַן,
מיט בוימאייל און מיט וואָל,
מיט מילך און האָניק.
נאָר מיר — די בני־בליעל — —
וואָס איז זי שולדיק דען, די ערד? — —

# דורות

אָ, דורות קינפטיקע, אָ ווײַטע דורות!
וועט איר אין אײַ׳רע טעמפּלען שטילע
נאָך אונדז, נאָך אונדז ווען צינדן יזכור־ליכטער
און אָפּריכטן אַ יאָרצײַט־תפילה?

מיר האָבן דאָך מיט אונדזער בלוט און גופים
פאַר אײַך, פאַר אײַך געמיסטיקט בייטן.
און איר... אָ, ווײַטע שפּעטערדיקע דורות,
איר זײַט געקומען שוין צום גרייטן.

היט־אָפּ זשע היילִיק כאָטש די מאַווזאָלייען.
קריצט־אויס אויף לוחות אונדז׳רע ווערטער;
אין ווײַטע יאָרצײַטן נאָך אַלע שחיטות
פאַרזאַמלט זיך אין תפילה־ערטער.

און זאָלן דיכטערס פונעם טיפן עתיד
נאָך אונדז אַ קדיש דאַן פאַרפאַסן.
און שוואַרץ העגנגט־אויס אין אײַ׳רע שלוה־הײַזער,
און שוואַרץ — אין אײַערע מנוחה־גאַסן...

# V

# מיט אַש אויפֿן קאָפּ

(לאָדזש, 1947)

## איך פֿאָר צו דיר, פּוילן...

איך פֿאָר צו דיר, פּוילן, פֿון סטעפּעס און שנייען,
אַרויסבאַגלייט האָט מיך אוראַלישער ווינט.
דורך טעג און דורך נעכט רוישן טרוי׳ריק די רעדער,
אַז קיינער נישטאָ איז שוין דאָרטן אַצינד.

דו האָסט מיך באַגעגנט מיט גרינקייט פֿון פֿעלדער,
מיט בונטע קוואַדראַטן אויף באַרג און אויף טאָל;
דאָך, פּוילן! עס איז שוין מײַן פֿרייד לאַנג געשטאָרבן
און כ׳קען זיך נישט פֿרייען אַזוי ווי אַמאָל.

איך ווייס נישט, ווי וועל איך דײַן ברויט קענען עסן
און קוקן דעם הימל אין פּנים אַרײַן —
אַז ס׳פֿעלד דײַנס באַמיסטיקט מיט אַש פֿון מײַן מאַמען
און זון האָט געשיקט נאָך צו רוצחים איר שײַן.

אַז ס׳שרײַט פֿון דײַן ערד נאָך דאָס בלוט פֿון די קדושים —
די זעקס מיליאָן ברידער דורך גאַז און דורך פֿלאַם.
און זע איך אַ בוים נאָר, דאַן מיין איך — אַ תּליה,
און טרערן — אַיעטוועדער טײַך מן הסתם.

ניין, ס׳קען מיר דײַן פֿרילינג נישט ברענגען נחמה,
עס לאָקט נישט דאָס בלימל, עס רייצט נישט דאָס גראָז.

אין נעכט פון לבנה פאַרנעם איך אַ יאָמער
פון פינצטערע וועלדער: — פאַר ווען און פאַר וואָס? — — —

איך פאָר צו דיר, פוילן, פון בענקען צעפרעסן,
אַרויסבאַגלייט האָט מיך אוראַלישער ווינט.
דורך טעג און דורך נעכט רוישן טרוי׳ריק די רעדער,
אַז קיינער נישטאָ איז שוין דאָרטן אַצינד.

אין עשעלאָן, אפּריל 1946

## אין וואַרשעווער געטאָ

### א. ווו איז דאָ געוועזן?...

ווו איז דאָ געוועזן מײַן גאַס און מײַן הויז?
די טרעפּ און מײַן טיר?
ווו זײַנען די מענטשן? די נאָנטע? די פרײַנד?
ס׳וואַרט קיינער אויף מיר.

נאָר קופּעס פון ציגל פאַרנעמט דאָ דער בליק,
נאָר ציגל און שטויב.
אַוועק איז אַ לעבן, אַוועק איז אַ וועלט
דורך מאָרד און דורך רויב.

אָט נאַלעווקעס... גענשע... אָט מוראַנאָוו־פּלאַץ...
אַלץ גלײַך מיט דער ערד.
און דזשיקע און פּאַוויע — כ׳דערקען קוים דאָס אָרט —
אַלץ וויסט און צעשטערט.

און אָט שוויענטאָ־יערסקאַ... פאַרשאָטן מיט בערג,
דאָס שטעגל פאַרשווינדט.
איך קלעטער אויף ציגל. און דאָרטן און דאָ —
ס׳פאַרוואַקסט שוין, עס גרינט.

ווו ייִדן? ווו לעבן? ווו ריטעם פון שטאָט
גאַס־אויס און גאַס־אײַן?

אַוועק איז אַ לעבן, אַוועק איז אַ וועלט
און ס׳וועט מער נישט זײַן.

און ווילסטו צו קברים אַוועק מיט דײַן צער,
מיט ברײַענדער טרער —
דאָן גיי אין טרעבלינקע, ווו קופּעס פון אַש,
נאָר אַש און נישט מער — — —

ב. קבר־אָבות

עס קומען ייִדן שווײַגעוודיק,
מען רעדט דאָ נישט קיין וואָרט.
מען בלאָנקעט דאָ פּאַראָבלטע
ווי אויפן גוטן אָרט.

מען קוקט זיך צו די חורבות צו —
געווען גאַסן דאָ.
געווען איז אַ לעבן דאָ,
געווען און נישטאָ.

געווען זײַנען מענטשן דאָ,
געראַנגל און געברום.
איצט קופּעס ציגל ליגן דאָ,
ווי קברים שאַ און שטום.

אָט לאָזט זיך עמעצער אַראָפּ
צו שבעה אויף אַ שטיין:
אָט דאָ געשטאַנען איז זײַן היים —
און ס׳ווערגט אים אַ געוויין — — —

ג. נאַלעווקעס

עס גרוילט מיט אַ לערקייט די גאַס איצט,
דער ברוק אַזוי ליידיק און ריין:
געוואַשן מיט ייִדישע טרערן,
געוואַשן מיט בלוט יעדער שטיין.

דו קוקסט אין דער זײַט צו די בערגלעך —
געקייטלטע אַלע אין ריי.
אַ יעטוועדער ציגל דערמאָנט וואָס,
און שטימען, דוכט, פּליסטערן: „שטיי!“

דו קריכסט אויף די בערגלעך, אויף ציגל.
אָט האָט זיך אַ קוסט גאָר צעבליט:
מסתמא דאָ אונטן געפונען
זײַן אײביקע רו האָט אַ ייִד.

אָט וואַלגערן־אום זיך אויף ציגל
שיריים פון ייִדישן זײַן:
אַ שיסל, אַ בלאַט פון אַ חומש,
קאַראַפקע צו פּסחדיק ווײַן.

אַ קינדעריש וועגל, אַן רעדלעך,
אַן איבערגעקערטס אויף דער ערד:
דעם קינד איז דורך פלאַמען צום הימל
אַרויפגיין געוועזן באַשערט — — —

די נאַלעווקעס גרוילן מיט לערקייט,
דער ברוק אַזוי ליידיק און ריין:
געוואַשן מיט ייִדישע טרערן,
געוואַשן מיט בלוט יעדער שטיין.

ד. לעצטער גאַנג

דורך אָט די אַלע גאַסן, אָט די אַלע וועגן
געגאַנגען זײַנען זיי דעם לעצטן, לעצטן גאַנג:
מיט ווײַב און קינד, מיט שוועסטער, טאַטע און מיט מאַמע —
אַ שטומע בידנע מחנה, אָן געשריי, אָן קלאַנג.

געגאַנגען שטיל, די שווערע קעפּ אַראָפּגעזונקען,
צום לעצטן מאָל געשטעלט אין שטומער גאַס די טריט.
געזעגנט זיך מיט זון, געזעגנט זיך מיט הימל —
אַזוי געגאַנגען צו עקידה איז דער ייִד.

אויף אַט די אַלע גאַסן און די אַלע שטעגן
געפאַלן זײַנען טרערן, טרערן שטיל אַראָפּ...
איז, ייִד, טו־אויס די שיך — דאָס אָרט איז הייליק, הייליק!
און זאָל אַ וואָרער קריסט אַנטבלויזן שטום זײַן קאָפּ.

ה. בײַם קבר פון געטאָ־העלדן

אונטער דעם דאָזיקן בערגל,
שטום און אין אייביקער נאַכט,
ליגן די העלדן פון געטאָ,
ליגן פון טרויער באַוואַכט.

דיק איז געוועזן די מויער,
שונא נאָר שעכט און פאַרברענט;
ווײַזן זיך העלדן און גבורה
צווישן די קראַכנדע ווענט.

ווײַזן זיך העלדן און גבורה,
גרויס ווערט געפּײַניקטער ייִד!
צאָלן מיט פֿײַער פֿאַר פֿײַער,
שטאַרבן זיי שטאָלץ מיט אַ ליד — — — —

צאָלן מיט פֿײַער פֿאַר פֿײַער,
צאָלן מיט טויט פֿאַרן טויט;
ליגן אויף דײַטשישע פּגרים,
פֿוילן אין גאַס און אין קויט.
— — — — — — — — — —

ס׳גרינט שוין איצט גראָז אויפן בערגל,
הימל קוקט שווײַגנדיק צו. —
ליגן די העלדן פון געטאָ,
ליגן אין אייביקער רו.

קומען איצט מענטשן און שווײַגן,
קומען און נייגן זיך שטום:
הללו, וואָס פאַלן מיט כבוד,
ההלו, וואָס שטאַרבן מיט רום — — —

ו. אויפן געגשער בית־עולם

די טהרה־שטוב איז שוין נישטאָ דאָ,
קיין שול און קיין תפילות, קיין ייִד.
נישטאָ דער לוויות־געטומל,
נישטאָ דער בית־עולם־יאַריד.

עס שטאַרבן שוין מער נישט קיין ייִדן:
קיין ייִדן נישטאָ שוין פון לאַנג.
אַ שטומקייט. קיין „אל מלא רחמים".
אַ שטילקייט. קיין כליפּ נישט, קיין קלאַנג.

עס רוען די קברים אין עלנט,
זיי וואַרטן אויף עמעצס אַ טרער.
אומזיסט! עס וועט קיינער נישט קומען,
קיין בלימל נישט ברענגען אַהער.

נישטאָ שוין מער אײַערע נאָנטע —
זיי זײַנען שוין אַלע דאָרט הויך:
זיי זײַנען אַרויף אויפן הימל
דורך גאַז, דורך פלאַמען, דורך רויך.

טאָ ליגט אײַך, איר קברים, אין גרינקייט,
טאָ ליגט אײַך אין אייביקער רו.
אַ ווינט נאָר וועט מאַכן אַזכרה,
אַביימל נאָר שאָקלט זיך צו — — — —

ז. בײַם „אוהל פּרץ"

מיר האָבן נישט קיין קברים,
קיין בערגל נישט, קיין שטיין.
צו וועמען זשע זאָל קומען
אַ ייִד מיט זײַן געוויין?

צו דיר, אַ פאָטער פּרץ,
מיר קומען דאָ אַהער —

פון אַלע גלות־וועגן
איעדער מיט זײַן טרער.

נישטאָ מער פאָלק ישראל,
נישטאָ, אָ גרויסער מאַן!
פון אַלע דײַנע ייִדן
יחידים בלויז פאַראַן.

נישטאָ די זין און טעכטער,
קיין ייִדיש גאַס, קיין שטוב.
אַפילו נישט געבליבן
קיין קבר נישט, קיין גרוב.

עס קלינגט נישט פון קיין פענצטער,
עס קלינגט נישט מער דײַן ליד.
עס קומט נאָר אויף די חרובות
אַ מאָל אַן אָבל־ייִד.

ער בלאָנקעט צווישן ציגל,
ער בלאָנדזשעט אום אָן ציל.
די שאָטנס פון די קדושים
באַגלייטן אין דער שטיל — — —

צו דיר, אָ פאָטער פּרץ,
מיר קומען דאָ אַהער —
פון אַלע גלות־וועגן
איעדער מיט זײַן טרער...

וואַרשע, 1946

## צום געקרייציקטן

קום־אַראָפּ אַצינד אויף דר׳ערד, פאַרלאָז דעם צלם,
לאָמיר גיין צוזאַמען איבער געטאָ־גאַס.
טו אַ בליק, אָ, זע די קברים, קופּעס ציגל,
זע די פּרוכת פון שנאה, זע די פּרוכט פון האַס.

ס׳בריִען דאָ די שטיינער. בלוט האָט דאָ געפּלאָסן.
גיהנום־פלאַקער האָט געשלונגען קינד און קייט.
וואָס איז איצט פּילאַטוס! וואָס איצט יענע רוימער!
ס׳איז אַ פאָלק אַ גאַנצס געקרייציקט ווילדערהייט!

ס׳איז אַ פאָלק אַ גאַנצס געגאַנגען אויף גאָלגאָטע,
מיט דער דערנער־קרוין, געשמידט פון ווי און פּײַן...
קום־אַראָפּ אַצינד אויף דר׳ערד, פאַרלאָז דעם צלם,
זע, קוקט־אָן דײַן שטאָט, אין געטאָ קום אַרײַן!

וואָס, דו וויינסט? דו וויינסט? עס פליסן דײַנע טרערן
און זיי פאַלן אויף די חורבות שטום אַראָפּ — —
און אַזוי געגאַנגען זײַנען מיר געאָרעמט
איבער געטאָ מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

וואַרשע, 1946

# דורך חורבע גאַסן

(פון ציקל: „וואַרשע״)

אויף קראָקעווער פאָרשטאָט נישטאָ שוין איצט אַדאָם מיצקעוויטש,
און ווו איז בײַם „זאַמעק״ איצט זיגמונט דער קעניג? ווו איז ער?
דורך חורבות און לעכער עס ריידן די פינצטערע יאָרן,
און ס׳רעדט פון אַ וואַנט צו דער וויסטעניש: „רעס סאַקראַ מיזער״.

אין זאַקסישן גאָרטן — אַן אומעט! ס׳איז שיטער געוואָרן.
עס ליגן אויף דר׳ערד ווי די מתים די אַלטע קאַשטאַנען.
און ווענוס די שלאַנקע — צעניזוקט, געלינטשט איז טעמידע,
דיאַנאַ פאַרשוועכט, פון איר צאַרטקייט קיין זכר פאַראַנען.

עס שפּריצט דער פאָנטאַן נישט מיט זילבער. איז טויט און פאַרטריקנט.
די קלומבעס אָן רויזן, פּיאָנען. אַלץ וויסט און צעטראָטן.
און פוסט די אַלייען. קיין פּאָרלעך, קיין לאַכן פון קינדער.
נישטאָ מער די ביימער געדיכטע — נישטאָ מער קיין שאָטן.

קרולעווסקע און גזשיבאָוו — ס׳איז איטלעכע גאַס אַ בית־עולם.
אָט ייִדישע טוואַרדע. ווו זײַנען פון טוואַרדע די ייִדן?
די „גערער“? די „קאָצקער“? אויף „שמעלץ“ אַלץ אַוועק אין מײַדאַנעק
און ס׳זײַנען די „כשרע“ אַריער געבליבן צופרידן...

וואַרשע, 1946

# אין מײַדאַנעק

## א. איך שטיי פאַר די אויוונס...

איך שטיי פאַר די אויוונס מײַדאַנקער,
איך זינק מיט פאַרבראָכענע הענט:
דאָ האָט מען געברענט מײַנע ברידער,
דאָ האָט מען מײַן אומה פאַרלענדט.

עס אָטעמט פון זייערע חללס
מיט שוידער מיט שוואַרצן אַצינד.
איך הער, דוכט, די לעצטע געשרייען
פון מאַמע פון גרויער, פון קינד.

איך שטיי פאַרן אַש און פאַר שאַרבנס —
די רעשטלעך פון מענטשיש געביין.
איך זע זיי, די קדושים, אין פלאַמען,
איך זע זייער הייליק פאַרגיין.

איך זע זיי, די גופים, אין קראַמפן,
אויף אײַזנס צעגליטע און רויט.
אַהער איז מײַן אומה געגאַנגען
אַזוי ווי אַ סטאַדע צום טויט.

איצט זײַנען שוין פוסטע די אויוונס
און קאַלט קוקט דער קוימען אין דר׳הויך.
ער שפּײַט שוין אַצינד נישט צום הימל
מיט פינצטערן טשאַדיקן רויך.

איצט רוען די שופליעס שוין ליידיק,
צעקרימט איז דאָס בלעך שוין ביי זיי.
עס וואַרטן שוין מער נישט קיין גופים
צו העלישע אויוונס אין ריי.

נישטאָ שוין אַצינד די תלינים. —
כ'זאָל הויבן מיט לויב איצט די הענט ?! —
סיי ווי שוין מיין אומה געקוילעט,
סיי ווי דאָך שוין אַלע פאַרברענט...

איך שטיי פאַר די אויוונס מיידאַנקער,
איך זינק מיט פאַרבראָכענע הענט.
דאָ האָט מען געברענט מיינע ברידער,
דאָ האָט מען מיין אומה פאַרלענדט.

ב. באַראַקן

באַראַקן, באַראַקן, באַראַקן, —
זיי שטייען שוין פוסטע אַצינד.
ווו איז דאָ געוועזן מיין מאַמע ?
ווו איז דאָ געוועזן מיין קינד ?...

ווו האָט זיי אַ קאַלטע פאָדלאָגע
די טרערן פאַרשלונגען אין נעכט ?
איך וואָגל צעווישן די „גאַסן",
צעווישן דעם דראָטן־געפלעכט.

אָט איז דאָ די „באָד", וואָס פלעגט באָדן
אין גרויל פון „ציקלאָן" — פונעם סם.
אַריין — אויף די אייגענע פיס נאָך,
צוריק שוין — אין וואָגן צום פלאַם.

און אָט־אָ אַ קופּע פון שוכוואַרג,
זיי ליגן פאַרטריקנט, פאַרגרינט.
מלבושים מיט לאַטעס מיט געלע,
אַ סוועטערל נאָך פון אַ קינד.

אַ קאַסטן מיט שאַרבנס און ביינער... —
ווער זײַט איר געווען, אָ, ווער?
דורך פײַער, און דורך גאַז, און דורך פלאַמען
געקומען אין קאַסטן אַהער.

אַ היפּן פון פּרויסישע לאָקן... —
צום כישופן, דוכט זיך, נאָך גרייט.
זיי מאָנען די גלידער די צאַרטע,
זיי מאָנען דעם פרילינג און פרייד.

זיי מאָנען די אויגן די בלויע,
זיי מאָנען דעם כישוף פון בליק,
דאָס גאָלד פון לבנה און שטערן, —
זיי מאָנען דעם הימל צוריק...

לובלין, סעפּטעמבער 1946

## מײַן שטעטעלע אַמדור

מײַן שטעטעלע אַמדור! איך וועל דיך מער נישט זען,
ווי מײַנע גוטע, ליבע, יונגע יאָר.
געבליבן נאָכן שוואַרצן חורבן אָן איין ייִד,
געבליבן ביסטו אָן אַ ייִדיש דור.

ווער ס'איז פאַרוואָרפן אין דער ווײַטער, ברייטער וועלט,
אַריבער לענדער, שטעט, אַריבער ים.
און ווער פון דײַנע זין און טעכטער איז אַוועק
דאָרט צו טרעבלינקער גיהנומדיקן פלאַם.

אַוועק דײַן גאַנצע, גאַנצע עדה ייִדן איז,
אַוועק אין לעצטן, שטומען קדושים־גאַנג — — —
איצט ווידער גרינען רחבותדיקע לאָנקעס דאָרט,
איצט ווידער וויגט זיך שטיל אין פעלד די זאַנג.

געבליבן איז דער אַלטער בית־הקברות נאָר —
אָן עלנטער, פאַראָבלטער, אַליין.

צו קבר־אָבות אין די טריבע אלול־טעג
קומט קיינער שוין נישט מער צו אים צוגיין.

נישטאָ די קרעמערס און די קרעמלעך יידישע,
אין גאַס אַליץ פרעמד. קיין יידיש, באַנט געזיכט.
קיין שבת, יום־טוב. פענצטער גרוי און וואָכעדיק;
עס צינדט קיין מאַמע נישט קיין שבת־ליכט.

פון שול עס קלינגען קיין ניגונים שוין נישט מער,
עס קלינגט קיין יום־נוראימדיק געזאַנג.
פון ווײַסן טורעמדיקן קלויסטער הערט מען נאָר
דעם שווערן הילכיקן גלין־גלאָן־געקלאַנג.

אין שטיבער יידישע, מיט תפילות אײַנגעזאַפּט,
מיט דורות יידישקייט, מיט פרייד, מיט וויי, —
איצט הענגען שוין איקאָנעס אין די ווינקלען דאָרט,
איצט ווינען אַריער „כשרע” אין זיי...

מײַן שטעטעלע אַמדור! איך וועל דיך מער נישט זען,
ווי מײַנע גוטע, ליבע, יונגע יאָר.
געבליבן נאָכן שוואַרצן חורבן אָן איין ייד,
געבליבן ביסטו אָן אַ יידיש דור.

לאָדזש, 1946

## אַש...

עס זײַנען שוין אַש, וואָס צעשאָטן אויף פעלדער,
די פרויען, וואָס האָבן געשפּונען מײַן פרייד;
די פינגער די ווײַסע, וואָס האָבן געצערטלט,
די ליפּן די צאַרטע, דאָס פליסטער־גערייד.

עס זײַנען שוין אַש יענע טיף־בלויע אויגן,
די זײַדענע וויעס — דער פאָרהאַנג פון טרוים.
די בליקן פאַרלאָשן אין גרוילן פון פלאַמען,
דער חלום צערונען אין חשכות פון תהום.

און ס׳זײַנען די נעכט שוין אויך יענע פֿאַרלאָשן,
די נעכט פֿון לבֿנה, מיט זילבער צעשפּרייט.
עס זײַנען שוין אַש, וואָס צעשאָטן אויף פֿעלדער,
די פֿרויען, וואָס האָבן געשפּונען מײַן פֿרייד.

איז גיי איך אַרום איצט — אַ בלאָנקענדער דאָרן —
און זוך אויף די פֿעלדער אַן עכאָ, אַ קלאַנג.
נאָר ס׳שמייכלט צו־להכעיס די זון דאָרט פֿון אויבן,
נאָר ס׳וויגט זיך צו־להכעיס די גאָלדענע זאַנג — —

לאָדזש, 1946

## כ׳וואָלט וועלן תּפֿילה טאָן...

כ׳וואָלט וועלן תּפֿילה טאָן, כ׳וואָלט וועלן זײַן מתפּלל
פֿאַר גוטער פֿרומער מאַמע און פֿאַר קינד;
נאָר כּבֿיכול האָט אַליין זײַן טראָן פֿאַרלאָזן
און זוכט פֿאַרגעבונג פֿאַר זײַן אייגן זינד.

ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן הינטער בלויען פֿאָרהאַנג
פֿון די רקיעים אין דער ווײַטער הויך;
ער האָט פֿאַרשעמט זיך פֿאַר דעם בלוט פֿון קליינע קינדער
און פֿאַר מײַדאַנקער שטיקנדיקן רויך.

ער קלײַבט אַליין זיך גאָר בײַם מענטש מחילה בעטן
און שלאָגט זיך אין דער שטיל אין האַרץ על־חטא... —
הײַנט ווי זשע קען איך צו אַזאַ מין גרויסן זינדער
נאָך קומען איצט מיט תּפֿילה און געבעט?! — — —

לאָדזש, 1946

## צו וועמען?...

צו וועמען וועל איך קומען?
ווער וועט מיך באַגעגענען

אין מײַן היים, אָ, װער?
צי װעט מען מיך מיט בלומען
זײַן מקבל פּנים
אָדער... — װײסט און לער?

נאָר חורבות און נאָר קברים,
קדושים וטהורים
װאַרטן דאָרט אויף מיר?
און קײנער װעט בײַם אָרעם
האַלטן מיך, װען פאַלן
װעל איך בײַ מײַן טיר? — — —

קאָלכאָז פּאָליאַנאַ (הינטער טשקאַלאָװ), 1943

## אַ חלום

עס איז מײַן מאַמע הײַנט בײַ נאַכט געקומען מיר צו חלום.
אין סאַמעטענער שבת־טראַכט לכבוד מיר דעם גאַסט.
(דערנעבן איז געװען דער טאַטע אויך, עליו השלום).
איר פּנים איז געװען קנײטשן־פול און אַלט, פאַרבלאַסט.

זי איז געװען אין גאַנצן בלינד פון װײנען און פון קלאָגן,
און קושנדיק געטאַפּט, געטאַפּט מיט אירע דאַרע הענט.
— „איצט קען איך רויִק שטאַרבן שוין״... — געטאָן האָט זי דאַן זאָגן,
װי נאָר זי האָט מיך, איר בן־יחיד, טאַפּנדיק דערקענט.

זי האָט גערופן מיך בײַם צאַרטן קינדערישן נאָמען,
װאָס איך אַלײן האָב שוין פאַרגעסן גאָר אין גורל־װעג...
און ס׳איז געװען מיר גוט אַזוי, װי ס׳װאָלטן פרילינג־שטראָמען
געבראַכט דעם אָטעם און די ריחות פון די עבר־טעג — —

אַק־בולאַק, 1943

# אין אוזבעקיסטאַן

ס׳פאַרשיט מיט פראַגעס מיך מעמפיסע,
די שוואַרץ־אויגיקע אוזבעקין;
נאָר ס׳האָבן אַלע מײַנע תשובות
בלויז געטאָן איר אומעט וועקן.

— צי האָסטו אַ מאַרדזשאַ[1], אַ קינד ווו?
אַ קיביטקע[2] ווו? אַ היים?
„געהאַט אַ היים, נאָר יאָק[3], מעמפיסע,
„אַלץ איז חרוב, קופּעס ליים!"...

„געוועזן אַ מאַרדזשאַ, אַ קינד אויך
„ערגעץ אין אַ ווײַטער שטאָט;
„נאָר אָט דער גערמאַן, אָט דער תּליון,
„אַלעמען געשאָכטן האָט"...

מעמפיסע שווידערט. אין די אויגן
גלאַנצט בײַ איר אַ שטומע טרער.
זי רוקט מיט מיטלײַד צו די פּיאַלע[4]:
— טרינק, אַקאַ[5], קום אָפּט אַהער.

„ראַכמאַט[6], ראַכמאַט, מעמפיסע יונגע,
„פאַרן טיי און פאַרן נאָן[7];
„ראַכמאַט פאַר רו אין דײַן קיביטקע,
„וואָס מיט גוטסקייט פילסטו אָן".

כ׳טו דאַנקענדיק בײַם שוועל אַ צערטל
אירע גלאַנציק שוואַרצע צעפּ.
און ס׳האָבן אירע מילדע אויגן
מיך אַרויסבאַגלייט אין סטעפּ...

טאַליסאַפּעט (בוכאַרער געגנט), 1941

---

[1] אַ פרוי. — [2] אַ ליימיק הײַזל. — [3] נישטאָ. — [4] טרינק־שאָל. — [5] ברודער. —
[6] אַ דאַנק. — [7] ברויט.

## אין אַ טשייכאַנאַ[1]

אין ווינקל אויף אַ נאַרע בין איך שעהען־לאַנג געזעסן.
איך האָב געגאָגט, געגאָגט „מאַקוד“ [2], געזופּט דעם גרינעם טיי.
איך האָב דאָס בענקענדיקע האַרץ געבריט מיט „סאַמאָסייקע“ [3],
מיט ווייכן, ראָזלעכן „לאָפּ־לאָפּ“ [4] פּאַרזיסט דעם טיפן וויי.

דערנעבן אויפן קילים — אַ געזעמל פון „באַבאַיען“ [5]
אין ווייסע, דיקע טשאַלמען, הדרת־פּנימדיקע בערד,
ביי פּאַרביקע „פּיאַלעס“ [6] און אַ טאַץ „קיש־מיש“ [7] אין מיטן. —
און אָט האָט זיך אַ זמרל אַ מזרחדיקס דערהערט.

נאָר אָט ווערט שטיל. דער זמר אויס. עס זופּן די „באַבאַיען“.
עס וויגן זיך די בערד ביי זיי אין וואַרעמען גערייד.
— באַביי, באַביי, זינג נאָך אַ מאָל! ס'איז כישוף־פול דיין ניגון.
אָ, זינג, באַביי, און ווידער ברענג מיין היים מיר און מיין פרייד...

קיזיל־טעפּע (בוכאַרער געגנט), 1942

## בוכאַרע

ס'דערמאָנען דיינע פעסטונג־ווענט ירושלים —
געזען אין מיינע חדר־יאָרן נאָך אַמאָל.
מיט אַלטן מזרח ווייזט פון די מעטשעטן דיינע,
פון דיינע שמאָלע געסעלעך אויף באַרג און טאָל.

איך זע די שטאָלצע זקנים דיינע — די „באַבאַיען“ —
מיט הדרת־פּנימדיקע ווייסע, לאַנגע בערד,
אויף איזלען זיצנדיק און ברומענדיק אַ ניגון,
און ס'דוכט זיך מיר: איך האָב דאָ דעם אַמאָל דערהערט...

---

[1] אַ טיי־הויז אין אוזבעקיסטאַן. — [2] שפּייז פאַר בהמות, שטאַמט פון באַוול־קערנער. — [3] היימיש פאַרזייטע מאַכאָרקע. — [4] געפּאַרעטע צוקער־ריבן. — [5] זקנים. — [6] טיי־שעלכלעך. — [7] געטריקנטע ווייַנטרויבן.

— סאַלאַם אַלייקום! — גריסן ליבלעך די „באַבאַיען"
מיט גרוס מיט הימישן פון אַלטן, אַלטן כנען.
און ס'דוכט זיך מיר, עס קומט אויך באַלד אַברהם אָבינו
צורײַטן אויף אַן אייזעלע צום קאַראַוואַן.

און זע איך דײַנע טעכטער מיט די קריג אויף אַקסלען,
שוואַרצאויגיק, פול מיט חנען און פאַרברוינט פון זון, —
דאַן מיינט זיך מיר: אמהות... רבקה... רחל... לאה...
און ס'גלוסט זיך זאָגן זיי: „איך בין דאָך אײַער זון"...

בוכאַרע, 1942

## ביים קאַספּישן ים

דײַן בלויקייט לאָקט אין ווײַטקייטן פון ברייטער וועלט,
נעם־אויף מיך אויף די כוואַליעס דײַנע, טראָג אַוועק —
אַהין, ווו פּאַלמעס גרינען און ווו פרייד עס העלט,
נעם רײַס אַרויס מיך פון די נע־ונדע טעג...

פאַראַנקערט שטייען שיפן, צו דעם ברעג געשמידט,
די זעגלען פלאַטערן פון הפקר־ווינטן פרײַ.
ווען וועט אַ שיף זיך אָפּרײַסן, אַרויס אין מיט?
אין לופטן ציִען מחנות מעוועס שנעל פאַרבײַ.

איך פאַל שוין מיד. כ'וואָלט וועלן אָפּהיטן מײַן טרוים,
מײַן ליד פון ווײַטער הימ, וואָס חרוב ווערט אַצינד — — —
אָ, ים! כ'טו תפילה צו דײַן ווײַט, דײַן בלויען רוים,
נעם־אויף מיך, טראָג אַוועק ווי אַ פאַרוואָגלט קינד...

קראַסנאָוואָדסק, 1942

# תלינים־מאַרש

מיר גייען
אין רייען,
אין העלמען, אין שטאָל.
מיר גייען
און זייען
בית־עולמס אָן צאָל.

מיר שפּרייזן,
מיר ווייזן
ווער „הערן פון וועלט".
מיר צינדן,
מיר שינדן,
ווי וויל אונדז געפעלט.

מיר שעכטן,
פאַרקנעכטן
די פעלקער אין קריג.
מיר שעכטן
און פלעכטן
די לאָורען פון זיג.

מיר פלאָגן,
מיר יאָגן
אין געטאָ דעם ייד.
מיר רויבן,
דערהויבן
די תליות מיט ליד:

„ווען פאָם מעססער שפּריצט דאָס יודען־בלוט,
דאַן איסט עס וואָהל אונד גוט"...

מיר נויטן,
מיר טויטן
מיט בליי און מיט סם.
מיר צינדן
און ס'שווינדן
די געטאָס אין פלאַם.

שיין זענען
ווען ס'ברענען
אי קלויסטער, אי שול:
מיט געטער,
מיט בעטער
געפּאַקטע ביז פול.

— — — — — — —

מיר גייען
אין רייען,
אין העלמען, אין שטאָל.
מיר גייען
און זייען
בית־עולמס אָן צאָל.

אַק־בולאַק, 1944

## מיין שוועסטאַ־יערסקאַ...

מײַן שוועסטאַ־יערסקאַ אַכטאונצוואַנציק. פּענצטער איבער ביימער:
מײַן לעצטער, ליבער ווינקל און מײַן לעצטע, לעצטע רו.
געלאָזט ביי דיר דאָרט אַלץ, געלאָזט סײַ האָרץ און סײַ נשמה,
געבליבן חרוב, וויסט — ווי הרוב, וויסט אַצינד ביסטו.

ניין, כ׳וועל נישט מער קיין אַנדער היים אַזאַ שוין קיין מאָל האָבן,
וואָס זאָל אַזוי ווי דו מיר געבן וואַרעמקייט און פרייד.
כ׳האָב דיך פאַרלוירן און אַזוי געבליבן אייביק עלנט,
און כ׳וועל שוין ענדיקן מסתמא וואָגלענדיקערהייט.

...כ׳געדענק דעם עלפטן טאָג דעצעמבער נײַנצן נײַן און דרײַסיק.
אַ טריב און גרוי באַגינען. לעצטע בליקן אויף די ווענט.
די לעצטע שטומע קושן. לעצטע, קורצע רייד מיט נאָנטסטע.
דער טיפער צער פון פײַכטע בליקן. לעצטער דריק פון הענט.

געזעגנט זיך מיט ביכער־שאַנק, מיט שרײַבטיש און כתב־ידן.
אַ בליק אַ לעצטן צו די בילדער אויף די ווענט דאָ — דאָרט.
אַ טריט שוין צו דער טיר געמאַכט און ווידער שטיין געבליבן:
עס ווילט זיך נאָך אַ בליק טאָן, נאָך אַ וואָרט און נאָך אַ וואָרט.

געפאַלן ערשטער שניי אויף וואַרשעס נאַכטיק שטילע גאַסן.
עס אײַלט דער „פיר" צו פּראַגע, דורך קערבעדזש־בריק, צום וואָקזאַל.
בגנבה כ׳רײַס אַראָפּ דעם „מגן דוד" פון מײַן אַרבל,
מיר זאָל אין וועג קיין „עוולה" טאָן קיין היטלערשער קאַפּראַל...

מיך האָט באַגלייט צום צוג מײַן פרײַנד — דער נענטסטער
און דער טרײַסטער.
אין פרויען־בליק — אַ שטראַלעכל בטחון און אַ טרער.
און ס׳האָט זיך גלויבן נישט געקענט גאָר דאַן, האָסט נישט געטראַכט גאָר,
אַז שוין... מיר וועלן קיין מאָל, קיין מאָל שוין נישט זען זיך מער.

אַז קומען וועלן טעג פון געטאָ, אַשוויענטשים, מײַדאַנעק;
אַז „יודען־בלוט" וועט ברויזן, גיסן זיך אַ גאַנצער ים;
אַז ס׳וועלן נאָר פון היים פאַרבלײַבן חורבות, קופּעס ציגל;
אַז ברוינער תליון וועט אַלץ אָפּמעקן מיט רויך און פלאַם — — —

מײַן שװוענטאָ־יערסקאָ אַכטאונצוואַנציק. פענצטער איבער ביימער:
מײַן לעצטער ליבער װינקל און מײַן לעצטע, לעצטע רו.
געלאָזט בײַ דיר דאָרט אַלץ, געלאָזט סײַ האַרץ און סײַ נשמה,
געבליבן חרוב, וויסט — ווי חרוב, וויסט אַצינד ביסטו.

אַק־בולאַק, 1944

## ק י נ ד ע ר

נשמהלעך ריינע
פון קינדערלעך קליינע
מיט אייגעלעך — הימעלעך בלוי,
מיט טראָפּעלעך טרערן,
וואָס לויטער ווי שטערן,
ווי קלאָרינקע פּערעלעך טוי.

פון וואַרעמע שטיבער
אין פינצטערע גריבער —
ס'האָט הימל און ערד עס געזען.
נשמהלעך ריינע
פון קינדערלעך קליינע —
די פרעגן: פאַר וואָס און פאַר ווען?...

געשאָכטן צוזאַמען
מיט טאַטן, מיט מאַמען,
געוואָרפן אין אויוונס, אין פלאַם.
פאַרשניטן פון לעבן,
זיי וואָגלען און שוועבן
דאָרט הויך אינעם הימלישן ים.

נשמהלעך ריינע
פון קינדערלעך קליינע —
עס טראָגט זייער יאָמער דער ווינט.

האָט וועלט געטאָן שווערן
בײַ הימל און שטערן:
נקמה פאַר איטלעכן קינד! — — —

אָק־בולאָק, 1945

## דער איינציקער קבר

דעם ליכטיקן אָנדענק
פון מײַן פאָטער יעקב ז״ל

טאַטע, טאַטע! ביסט דער איינציקער אין דער משפחה,
וואָס כ׳וויס דײַן אָרט, דײַן אייביק בערגעלע, דײַן שטיין.
ווו אַלע מײַנע קדושים? ווו זשע זייער מאַסן־קבר?
ווו זייער אַש צעוואָרפן? ווו זייער געביין?

ווו האָט אויף זיי פאַרמאָסטן זיך די האַק פון ברוינעם תּליון?
ווו האָט צעפּערטלט זייער לײַב רוצחס שווערד?
ווו האָבן זיי געזען צום לעצטן מאָל דעם הימל?
ווו האָט פאַרשלונגען זיי די גלײַכגילטיקע ערד?

כ׳וועל גיין אַהין צו יענע קופּעס אַש דאָרט אין מײַדאַנעק,
אַ הויפן אַש כ׳וועל נעמען: — מאַמע, דאָס ביסטו!
דאָס ביסטו, פרוי! דאָס ביסטו, איינציק קינד! דאָס ביסטו, שוועסטער! — —
און ברענגען וועל איך אָט דאָס אַש צו קבר־רו — — —

טאַטע, טאַטע! ס׳איז באַשערט געווען דיר שטאַרבן פריִער,
נאָך אײדער אָנגעקומען איז תּלינים־צײַט.
דײַן קבר איז דער איינציקער, וואָס איז מיר איצט געבליבן
בײַם גרינעם ברעג, ווו ניעמאַן טראָגט די טרערן ווײַט — —

אָק־בולאָק, 1944

## נישט קיין רעקוויעם...

נישט קיין רעקוויעם און נישט קיין קדיש
ווען ברענגען טרייסט פאַר אונדזער דור —
ווען פון די שטעט געבליבן נאָר בית־עולמס,
פון גרינע סקווערן — תליות נאָר.

צו געטאָ־חורבות לאָקט נאָר די נשמה,
צו מאַסן־קברים ציט דאָס האַרץ.
ניין, ס׳קען שוין אונדז קיין פרילינג מער נישט בלענדן;
דוכט, ס׳בלײַבט די זון שוין תמיד שוואַרץ.

ס׳איז אונדזער דור אַ דור בלויז פון אבלים,
ס׳איז וויסט די היים און וועלט איז לער.
ניין, נישט קיין רעקוויעם און נישט קיין קדיש
ווען קענען לינדערן די טרער — —

אַק־בולאַק, 1944

## דער דענקמאָל פון שאַנד

נישט געטהע, שילער און נישט לעססינג,
נישט העגעל, קאַנט — אַלץ אָן אַ זײַט!
איצט נײַע פייגל — נײַע לידער,
אַ נײַע ערא, נײַע צײַט.

אַלץ וואָס געווען, ליגט אין שאָטן:
דאָס וואָרט, דאָס ליד, פון גײַסט דער רום.
איצט האָט דאָס וואָרט דער ברוינער „פירער",
איצט מוז בעטהאָווען בלײַבן שטום.

ס׳איז טויט די קונסט און אירע געטער —
אַ נײַעם דענקמאָל דײַטשלאַנד האָט
(און ס׳איז „מײַדאַנעק" איצט זײַן נאָמען!)
פון נײַעם „פירער", נײַעם „גאָט".

אַ דענקמאָל, וואָס וועט אייביק בלײַבן
לדורי דורות ווי אַ שאַנד!
דו מעגסט זיך גרויסן, דײַטשלאַנד, דײַטשלאַנד,
ס'איז ווי דײַן פאָלק און ווי דײַן לאַנד!

ס'וועט קיין מאָל קיינער נישט פאַרגעסן
מײַדאַנקער אויוונס, זייער פלאַם.
די „טויט־פאַבריקן" פאַר מיליאָנען,
דעם תּליות־וואַלד, פון בלוט דעם ים.

נישט געטהע, שילער און נישט לעססינג...
נישט „פאַוסט", נישט „ווילהעלם טעל"... —
צוריק אין וואַלד אַרײַן, טעוטאָנען!
צוריק אין אײַער חיות־פעל! — —

אַק־בולאַק, 1944

## איר, דייטשישע דאַמען!

ווען ס'וועלן זיגרײַך די אַרמייען פון דער הייליקער נקמה
באַטרעטן שוין דעם „פירערס" „רײַך" מיט פײַער און מיט שווערד;
ווען ס'וועלן וויקלען זיך בײַ אײַך די העלע שרפות פון מלחמה
און אָפּגעמעקט וועט ווערן היים און נעסט פון אײַער ערד;

ווען אויף די וועגן אײַערע וועט שפּרייטן זיך נאָר טויט, רויִנען
און נישט געפינען וועט איר מקלט אינעם אייגן לאַנד, —
איר, דײַטשע דאַמען! דאַן ערשט וועט אײַך אפשר קומען אויפן זינען:
טרעבלינקע און מײַדאַנעק... אונדזער ווייטאָג, אײַער שאַנד!

נאָר ס'וועט שוין דעמאָלט זײַן צו שפּעט, צו שפּעט פאַר אײַך, איר
דײַטשע דאַמען!

עס וועט אײַך קאַרג באַדויערן די גאַנצע וועלט אַרום.
איר וועט אַליין די מענער און די בנים אײַערע פאַרדאַמען —
פאַר אַלע מעשים זייערע, פאַר דײַטשלאַנדס שוואַרצן רום!

אַק־בולאַק, 1944

## שפוך חמתך!

שפוך חמתך, גיס דיַין צאָרן אויף די רוצחים,
די תליינים פון אַ גאַנצן דור!
זאָל קיין שריד און קיין פליט מער פון זיי נישט בלײַבן
וויַיט אין דורות און אויף לאַנגע יאָר.

נעם נקמה פאַר די היימען די צעשטערטע,
פאַר די שטעט אין חורבות און אין רויב;
פאַרן נע־ונד פון גאַנצע עדהס יידן,
די צעלאָפענע, צעטראָטענע ווי שטויב.

נעם נקמה פאַרן בלוט פון קליינע קינדער
און פאַר טרערן מאַמעשע אַ ים.
פאַרן קדושים־טויט פון גאַנצענע מיליאָנען,
ווער בחרב, ווער אין גרויל פון פלאַם...

ווער מיט „שמע ישראל" אויף די שטאַרע ליפּן,
ווער מיט פלוך בײַם לעצטן־לעצטן הויך — — —
שפוך חמתך, גיס דיַין צאָרן אויף די רוצחים
און פאַרטיליק זיי אין בראַנד און רויך!...

אַק־בולאַק, 1943

## ווען גרויע מאַמע..

ווען גרויע מאַמע ווערט געשאָכטן אויף איר זקנהיש בעט,
ווען קינד געשלײַדערט ווערט דורך פענצטער אויף דער גאַס, —
ווער קען פאַרלעשן דאַן דעם הייליקן נקמה־פלאַם?
ווער קען דערשטיקן דאַן די טיפע לאַווע האַס?

ווען יעדער בוים אַ תליה ווערט, בית־עולם — יעדער פעלד,
ווען חרוב און פאַרשוועכט עס ווערט דײַן היים, דײַן ערד, —
ווער קען דען טויב זײַן צו דעם בלוט פאַרגאָסענעם ,וואָס שרײַט?
דאַן בלײַבט דיר נאָר איין וועג, דאַן בלײַבט דיר נאָר — די שווערד!

אַק־בולאַק, 1944

## אל מלא רחמים...

אל מלא רחמים... איז ווּ זשע דײַן רחמים?
אין תליות? אין שׂרפֿות? אין שווערד?
דו זיצסט דאָך אין הימל, דו זעסט דאָך פֿון אויבן,
ווי ס'דעקט אונדזער בלוט צו די ערד.

אל מלא רחמים... איז ווּ זשע דײַן רחמים?
פֿאַר וועמען? צו וועמען? אויף ווען?
מיליאָנען קדושים געררופֿן צום הימל —
האָסט אַלץ דאָך געהערט און געזען!

1945 ,אַק־בולאַק

## יום־הדין

### 1. און איצטער...

און איצטער, דײַטשע בירגערס, קומט די ריי אויף אײַך:
צו אײַך פֿלייצט די מלחמה ווי אַ לאַווע־טײַך.

דורך וועגן, אויטאָסטראַדעס, און דורך באַרג און טאָל
עס ציט די לאַווע זיך, פֿאַרפֿלייצט מיט פֿײַער, שטאָל.

עס ברענט שוין אײַער לאַנד, עס בריט שוין אײַער ערד —
איר לויפֿט שגעונדיק פֿון פֿײַער און פֿון שווערד.

אַריבער דאָרף און שטאָט שטײַגט זיך וויקלען פֿלאַמען, רויך.
איצט הייבט זיך אײַער גלות אָן. אַצינד איר אויך!

די וועלט איז קאַלט און ווינטערדיק. ס'איז שניי. ס'איז ווינט.
ווּ זוכט מען איצט אַ מקלט אויס? ווּהין אַצינד?

ווען פֿריש איז נאָך מײַדאַנקער בלוט — אָ, אײַער שאַנד! —
ווּ בעט מען רחמים איצט? בײַ וועלכן פֿאָלק און לאַנד?

ווען פֿעלקער ווערן פֿרײַ אַצינד פֿון אײַער יאָך,
ערשט הייבט זיך אײַער גלות אָן און אײַער בראָך!

דאָס קומט אײַך, דײַטשע בירגערס, כשר זיך פֿאַרדינט...
די וועלט איז קאַלט און ווינטערדיק. נאָר שניי, נאָר ווינט — —

אַק־בולאַק, 1945

## II. געבענטשט זאָלן זײַן...

געבענטשט זאָלן זײַן די מעטאַלענע העלדזער,
וואָס שפּײַען מיט בלײַ און מיט פֿלאַם;
וואָס וויקלען אין רויך אַלע גאַסן בערלינער
און שמעטערן איטלעכן צאַם.

געבענטשט זאָלן זײַן די צעזשומעטע קוילן,
וואָס עפֿענען רוצחישן קאָפּ;
געבענטשט זאָלן זײַן די „מעטאַלענע פֿייגל",
וואָס שלײַדערן טאָנען אַראָפּ, —

וואָס שלײַדערן טאָנען מעטאַלן און פּולווער,
פֿאַרכליניען אין שרפֿות די שטאָט;
און „אונטער דען לינדען" ווערט רויכיק און רעשיק,
און „דאַמען" דערמאָנען איצט גאָט...

— „מײַן גאָט, ס'איז באַרבאַריש!"... — און ס'לויפֿן די בירגערס
פֿאַרסמטע אַהער און אַהין.
געבענטשט זאָלן זײַן יענע טאָנען פֿון פּולווער,
וואָס וויקלען אין פֿלאַמען בערלין!

דאָס איז ער געקומען, דער משפּט גערעכטער,
דאָס שלאָגט פֿון נקמה די שעה!
העי, רוסן! קירגיזן! העי, ייִדן! פּאָליאַקן!
העי, פֿײַער! — יאַכשי [1], כאַראַשאָ [2]!...

אַק־בולאַק, 1945

---

[1] אוזבעקיש: גוט. — [2] רוסיש: גוט.

III. דורך טאָנען דינאַמיט...

דורך טאָנען גאַנצע דינאַמיט, דורך פֿײַער און דורך שטאָל
די פֿעלקער שיקן אײַך די קללה און די שטראָף —
פֿאַר ימים, ימים בלוט, טרעבלינקע, אָשווענטשים
באַצאָלן מוזט איר נאָר מיט אײַער שוואַרצן סוף!

נישטאָ קיין חסד פֿאַר ישובים אײַערע און שטעט,
וווּ רוצחים — מטורפֿים האָבן זייער נעסט.
מיט טאָנען גאַנצע דינאַמיט, מיט פֿײַער און מיט שטאָל
די פֿעלקער מוזן אויסברענען די ברוינע פֿעסט!

אַק־בולאַק, 1945

VI. איצט ליגט איר אין אַש...

איצט ליגט איר אין אַש און אין קויט,
איצט בעטלט איר רחמים און גנאָד.
איר פֿלאַטערט אַזוי פֿאַרן טויט
און רעדט שוין אין נאָמען פֿון גאָט.

ווי לאַנג ערשט געווען אַזוי שטאַרק,
ווי גרויזאַם געווען אײַער שווערד! —
איצט קריכט איר, געבויגן דעם קאַרק,
אַזוי ווי די ווערעם אויף דר׳ערד.

ווי לאַנג ערשט געווען זײַט איר טויב
צו טרערן, צו בלוט, צו געוויין.
איצט ליגט איר אין אַש און אין שטויב
ווי נעבעכדיק, נישטיק און קליין.

ווי לאַנג ערשט מיליאָנען געטויט:
תּליניש, אָן רחמים, אָן גנאָד.
איצט ליגט איר פֿאַרעיפּושט אין קויט
און רעדט שוין אין נאָמען פֿון גאָט.

אַק־בולאַק, מײַ 1945

### V. אײַער „פירער"

שוין איצט אײַער „פירער" נישטאָ,
אין אונטערערד איז ער אַראָפּ:
געקומען פון משפּט די שעה,
ר'מוז צאָלן אַליין מיטן קאָפּ.

ער האָט אײַך „געפירט" און דערפירט
אין אָפּגרונט פון חרפּה און שאַנד.
איר האָט נישט לחלוטין געשפּירט:
געברענט האָט דאָך נישט אײַער לאַנד;

ער האָט דאָך געשאָכטן נישט אײַך,
נישט אײַערע קינדער געטויט.
געמיינט, איר וועט ווערן גאָר רײַך
פון מאָרד און פון מענטשלעכער נויט.

געמיינט, אַז פון פּרויסישע האָר
ווי ווייך דער מאַטראַץ איז אין בעט.
און קינדערשע שיכלעך אַ פּאָר
פון פירמע „מײַדאַנעק" — ווי נעט!...

געמיינט, אַז פון מענטשישן פעטס
ווי גוט איז דער זייף און ווי ריין.
אַז ייִדן פון פראַנקפורט צי מעץ
אַ מצווה דערטרינקען אין רהיין — — — —

ער האָט אײַך „געפירט" און דערפירט
אין אָפּגרונט פון חרפּה און שאַנד.
איצט האָט איר אַליין עס דערשפּירט
בײַ זיך אינעם אייגענעם לאַנד.

צק־בולאַק, מײַ 1945

## אַ שאָד...

אַ שאָד, וואָס עס קענען די קדושים נישט יובלען
מיט אונדז אין די טעג פון נקמה און שטראָף;
ווען ס'ברענט די פאַרשאָלטענע ערד און ווערט חרוב,
ווען ס'קומט אויף די רוצחים דער פינצטערער סוף.

ווו זײַט איר, מיליאָנען? ווו אײַערע שאָטנס? — —
שוין לאַנג אײַער אַש איז צעטראָגן פון ווינט...
ווי גרויס וואָלט געווען אונדזער אַלעמענס יובל:
פאַר מענטש און פאַר וועלט קומט גאולה אַצינד...

אָק־בולאַק, אַפּריל 1945

## דאָס ליד פון נצחון

(9טער מײַ 1945)

איר אַלע ברידער מײַנע, וואָס פאַריתומט און פאַראָבלט,
איר אַלע שוועסטער מײַנע, וואָס אין שוואַרצער קרעפ! —
עס איז דער גרעסטער יום־טוב הײַנט, טוט־אויס די טרויער־קליידער,
הויבט־אויף צום הימל די אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

ס'איז אַלע מענטשנס שמחה הײַנט, נישטאָ הײַנט קיין אַבלות.
מיט טויזנט זונען האָט דער הימל זיך צעלאַכט.
אַלץ יובלט הײַנט און זינגט. די גאַנצע וועלט איז מלא שמחה.
אין שטויב און דרויב צעשטויסן ליגט דעם שטנס מאַכט.

הײַנט יובלען אויך אַפילו אונדזערע מיליאָנען קדושים.
פון קופּעס אַש, פון מאַסן־גריבער דרינגט געזאַנג — — — —
אָ זעט, בײַם שײַן פון שרפות הייליקע — נקמה־פלאַמען! —
ווי ס'קאָרטשעט זיך דער שונא אין זײַן אונטערגאַנג! — —

אָק־בולאַק (הינטער טשקאַלאָוו), מײַ 1945

# VI

# יאָרן אין וואַנדער

(בוענאָס־איַירעס, 1949)

## וואַרשע אין פייער

(לירישער רעפּאָרטאַזש)

### 1. דער אָנהייב

אַ פריַיטיק. אַ קלאָרער באַגינען
פון פוילישן פריי־האַרבסט אין שטאָט.
אַ הימל קוקט בלוי דורך גאַרדינען,
די זון טוט מיט שטראַלן אַ שאָט.

און פּלוצלינג — אַ רוישן, אַ קנאַלן.
עס האָט זיך גאָר נאָענט צעקראַכט.
סירענעס צעטראָגן סיגנאַלן.
אַליאַרעם! די שטאָט האָט דערוואַכט.

דאָס איז נישט קיין פּראָבע, קיין רמז —
דער שונא אין לופטן גאָר הויך.
דאָס איז עס דער אָנהייב, דער אמת.
אַ סימן — די קנוילן פון רויך.

עס וואָרנט דער ראַדיאָ צעצויגן:
— „אַ־ל־יאַ־ר־עם פאַר וואַרשע”... — „„ס׳קומט־אָן”...

דער ערשטער שגעון אין אויגן.
דאָס ערשטע מאָל פּליט מען אין „סכראָן".

„זעניטקעס" פון פּלעצער עס קנאַלן.
פאַריאָגט ווערט פון אויבן דער פייַנט.
סירענעס צעטראָגן סיגנאַלן:
געענדיקט! גענוג איז אויף הייַנט.

## 2. מיר גראָבן אָקאָפּעס...

מיר גראָבן אָקאָפּעס לענגאויס פון דער ווייַסל.
מען אַרבעט מיט אייפער, מיט ברען.
פון מוראַנאָוו, נאַלעווקעס, פון שווענטאָ־יערסקאָ
עס זייַנען דאָרט ייִדן געווען.

סייַ ייִדן פון „שטיבל", מיט בערד און אין קאַפּלען,
סייַ ייִדן „גלוחים" אין ריי.
מיט רידלען און לאָמען, מיט העק און מיט קירקעס —
שנעל וואַקסן די גריבער בייַ זיי.

רבנים אין שטרייַמלעך, דיינים אין פּיאות
און דיכטערס עס זייַנען אויך דאָ. —
אַלץ שטייט בייַ דער אַרבעט, מען גראָבט מיט התמדה.
אַלץ הערט איצט דעם רוף פון דער שעה.

מיר גראָבן אָקאָפּעס פאַר שורות „זעניטקעס",
צום שוץ קעגן פייַנט פון דער הויך.
רבנים אין שטרייַמלעך, דיינים אין פּיאות
און שרייַבערס פון צייַטונגען אויך.

## 3. ערב ראש־השנה

אַ טאָג פון טויט, אַ טאָג פון שרפות.
געשפּריים האָט זיך אַ רויטער ים.
די נאַלעווקעס און פראַנציסקאַנער,
די גענשע, דזשיקע — אַלץ אין פלאַם!

אויף מוראַנאָוו, אויף שווענטאָ־יערסקאַ,
אויף מילע, סטאַווקע — וואָלקנס רויך.
מען זעט קיין הימל נישט, נאָר קנוילן,
נאָר שוואַרצע קנוילן אין דער הויך.

געטראָפן האָט עס הײַנט אין „סכראָנעס“,
אין טויערן, אויף טרעפּ, אין שטוב.
איעדע גאַס איז אַ בית־עולם,
כאָטש אָן אַ קבר, אָן אַ גרוב.

דאָס האָבן זיי, די לופט־משחיתים,
לכבוד יום־טוב עס געטאָן.
מיט פּולווער און מיט בלײַ פאַרשאָטן
דעם גאַנצן יידישן ראַיאָן.

אַ טאָג פון טויט, אַ טאָג פון שרפות.
און ווען לסוף דער טאָג אַוועק —
מיט יידן פול געווען די גאַסן,
געיאָגט פון וואַנזין און פון שרעק.

געדראַנג אויף ברוק, מיט גלאָז צעזעצטן,
שגעון־יאָמער אין דער לופט — —
עס שרײַען קינדער: — „מאַמע!“, „מאַמע!“
דאָ־דאָרט איר קינד אַ מאַמע רופט.

געדראַנג פון לעש צו מוראַנאָווסקע,
פון מוראַנאָווסקע צו דער לעש.
דורך גלאָזוואַרג, לעדער און דורך שאַכטלען,
דורך באַלן, שטאָפן, שוכוואַרג, וועש.

און ווען ס'איז אָנגעקומען אָוונט,
די ראש־השנהדיקע נאַכט —
פאַרשפּרייט האָט זיך אַ רויטער הימל
אַריבער וואַרשעס טויטער פּראַכט.

נאָר ווו־נישט־ווו אין סומנע הויפן,
צעווישן שאָטנס פון אַ שול —

געזאַמלט האָט מען זיך צו מעריב.
גאָטס הויז געווען מיט ייִדן פול.

פאַרקלונגען האָט מיט „שמע ישראל״
אין יום־נוראימדיקער נאַכט — — —
פאַרשפּרייט האָט זיך אַ רויטער הימל
אַריבער וואַרשעס טויטער פּראַכט.

### 4. דײַטשישע שטיוול

עס טרעטן שוין דײַטשישע שטיוול אויף גאַסן,
עס הילכט שוין מיט פּרעכן געזאַנג.
פון וואָלסקע ביז פּראַגע, אויף נאַוועלט, קראַקאָווסקע —
עס גרילצט ווילד אַ רעדער־געקלאַנג.

עס ציִען זיך האָרדעס אין גרינע מונדירן,
אין העלמען, אין מעש און אין שטאָל —
מיט פּנימער ווילדע, מיט בליקן פאַרשײַטע,
עס ציִען זיך האָרדעס אָן צאָל.

זיי שרײַען און יובלען צעווישן די חורבות
און פּרעכער אַלץ ווערט זייער ליד.
עס טרעטן שוין דײַטשישע שטיוול אויף גאַסן
און ס׳קוקט צו מיט אומרו דער ייִד — — —

### 5. איך טראָג אַ מגן־דוד...

איך טראָג אַ בלויען מגן־דוד אויף מײַן אַרבל.
עס שפּיזן בליקן דײַטשישע אין גאַס.
נאָך שטאַרקער, הייסער גליט אין האַרץ די קללה,
אין דער נשמה טיפער ברענט דער האַס.

איך טראָג אַ בלויען מגן־דוד אויף מײַן אַרבל.
נאָר ניין, נאָר ניין, ס׳איז נישט פאַר מיר קיין שאַנד!
פאַרשוועכטע הייליקייט — ס׳איז אײַער, אײַער חרפּה!
ס׳איז שאַנד פאַר אײַער פאָלק, פאַר אײַער לאַנד!

איך טראָג, איך טראָג מיט שטאָלץ אים אויף מײַן אַרבל.
איך פאַל נישט, ווער נישט נידעריק דערפון.
נאָר איר! איר זינקט אַלץ טיפער אין דער שוואַרצער טומאה.
איר ווילדסטע, בלוטיקסטע פון אונטער זון.

6. פליטים

מען לויפט צו פוס, מען לויפט מיט באַנען,
מען לויפט דורך בוג און דורך מאַלקין.
עס בלאָנקען מחנות אויף שאָסייען —
אַלץ ציט אַהין, אַלץ ציט אַהין.

מען זאָגט: אין ביאַליסטאָק איז יום־טוב;
מען זאָגט: מען טאַנצט אין גאַסן דאָרט.
דאָרט טראָגט מען נישט קיין „מגן־דודס",
און „ייד" איז נישט קיין זידלוואָרט...

עס בלאָנקען מחנות אויף שאָסייען,
מען לאַגערט אויף „נייטראַלן פאַס".
מען לויפט פון שרעק און פון רציחה,
מען לויפט פון שנאה און פון האַס.

מען זעגנט זיך מיט ד' אַמות,
דער רוקזאַק בלײַבט נאָר דער פאַרמעג.
עס הייבט זיך אָן דער לאַנגער גלות,
דער פרעמדער, נע־ונדער וועג — — —

וואַרשע, נאָוו'־דעצ' 1939

## אַ באַזוך אין דער אַלטער היים

די זעלבע געסלעך, דוכט, די זעלבע הײַזלעך,
די זעלבע שטילקייט אויפן פעלד, —
ווען שטורעמס גייען אויף דער ברייטער ערד אום,
ווען שטורעמס גייען איבער וועלט.

דער זעלבער הימל שפּרייט זיך אויס מיט בלויקייט,
די זעלבע גרינקייט פון אַרום. —
און, דוכט, אַז אויפן פּירעק־מאַרק ווי תמיד
די זעלבע ייִדן גייען אום.

עס האָט זיך נאָר איין הויז אין מאַרק געביטן, —
געביטן מיט אַן אַנדער שילד:
„ראַיאיספּאָלקאָם“ *... און ווײַטער, דוכט זיך, גאָר נישט.
ס׳איז ווײַטער, דוכט, דאָס אַלטע בילד.

די זעלבע שול, דער זעלבער ווײַסער קלויסטער,
און אויבן אויך די זעלבע זון.
דער זעלביקער בית־עולם הינטער שטעטל
מיט די מצבות און פּ״נ...

נאָר אין די גאַנקעס זיצן רעדלעך ייִדן,
מען טײַטשט בלחש אויס דעם פּשט.
זאָגט איינער: — ס׳קומען־אָן איצט נײַע צײַטן...
דער צווייטער: — פּתח שין... שאַ... שאָט...

אמדור, מײַ 1940

## דורך אַ קראַטן־פֿענצטערל

איך זע אַצינד דיך, ניעמאַן־שטאָט, קען זײַן, צום לעצטן מאָל.
ס׳פֿאַרשנעלערט אַלץ זײַן גאַנג דער עשעלאָן.
ס׳פֿאַרשווינדן גאַסן. ס׳לויפֿן דורך „סלאָבאָדקע“ און „פּאָדאָל“...
דער ניעמאַן... פּערשטאָט... פֿעלדער קומען־אָן...

געלאָזן דאָרט די ערשטע און, קען זײַן, די לעצטע פֿרײַנד:
אַ גרויע מאַמע, גוטע שוועסטער טריב און באַנג.
אָ, זײַ געזונט, דו ניעמאַן־שטאָט, כ׳פֿאַרלאָז דיך הײַנט.
עס הייבט זיך איצט מײַן גלות אָן אויף לאַנג — — —

---

* סאָוועטיש: ראַיאָן־אויספֿיר־קאָמיטעט.

די רעדער רוישן מאַנאַטאָן. בײַ טאָג, בײַ נאַכט אַזוי.
עס טראָגט דער גורל מיך אין פרעמדער ווײַט.
מײַן גאָט! געוואָרן מײַנע שלייפן זײַנען פלוצלינג גרוי.
געוואָרן גרוי צו פרי, נאָך פאַר דער צײַט — — — —

אין עשעלאָן פון גראָדנע קיין קאָמי, 1940

## ווייטער צפון

### 1. כל־נדרי בײַ טשיביו

כל־נדרי־פאַרנאַכט בײַ דעם טײַכל טשיביו.
דער מערב איז רויט און די זון שוין פאַרגייט,
איך קוק צו דעם מערב — דאָרט ווײַט איז מײַן היים:
אַ שטעטעלע ליגט אין אַ טאָל דאָרט צעשפּרייט.

אַ שול מיט מתפּללים אין ווײַסן געהילט.
טליתים־עטרות אַריבער געזיכט.
אַ שטילער געיאָמער, אַ שטילער געקלאָג.
אין ציטער אין הייליקן פלעמלען זיך ליכט.

איך קוק צו דעם מערב — און ס׳שווימט פון דער ווײַט
דער ניגון דער אַלטער פון דורות אַהער.
כל־נדרי — — — כ׳פאַרנעם ווי פון כישוף אַ האַרף,
עס ציטערט אין אויג אַ געלײַטערטע טרער.

כל־נדרי — — — דער וואַלד איז שוין מער נישט קיין וואַלד —
אַן עדה אין תפילה, אין שטילן געברום.
די שטראַלן פון שקיעה — ווי ליכט פון דער שול,
עס רוט דאָ די שכינה אין גרינעם אַרום — —

כל־נדרי — — — כ׳זינג־מיט און צעגיי פון געוויין.
פאַרנאַכטיקע טײַגע ווערט פול מיט געזאַנג — — —
כל־נדרי־פאַרנאַכט בײַ דעם טײַכל טשיביו.
דער מערב איז רויט און די זון בײַם פאַרגאַנג.

2. טײַגע

טײַגע אָן אַן אָנהײב,
טײַגע אָן אַ ברעג. —
זוך דאָ נישט קײן אויסוועג,
זוך דאָ נישט קײן וועג.

נישט קײן פֿויגל־טרעלן —
ס׳גרילצן האַק און זעג.
וועלקט אַזוי דײַן לעבן,
דײַנע תּפֿיסה־טעג.

זון גײט־אויף, גײט־אונטער
איבער וואַלד און פֿלײן.
נאָר איך האָס איר שײנקײט,
נאָר איך האָס איר חן.

זעג זשע, האַק די יאָלקעס,
שלעפּ דעם וויסטן יאָך.
דײַנע שטילע טרערן
שלינגט נאָר אײַן דער מאָך...

3. ווער וועט וויסן...

ווער וועט וויסן גאָר ווו יענע קאַלטע הימלען,
ווו עס שפּרײטן זיך די ווײַסע ימים שבֿיי?
ווו עס ווײַזט זיך נאָר די זון ווי אויף צו להכעיס?
ווו דער חלל פֿול מיט זיפֿצן און מיט וויי?

אויב כ׳וועל אויסגײן דאָ אין די מרחקים וויסטע,
אין דער שטומער טײַגע־עלנטקײט, אַלײן, —
ווער וועט וויסן ווו עס איז די שטילע יאָלקע,
וואָס וועט תּהילים זאָגן איבער מײַן געבײן?...

### .4 צו מײַנע נאָנטע

איך זע אײַך אַלע נאַכט אין חלום.
מען זיצט בײַם טיש. מען לאַכט, מען רעדט.
עס הערשט נאָך אויף דער וועלט דער שלום.
מען עסט דאָס ברויט נאָך צו דער זעט.

עס לאָקן פּירות פון די טאַצן,
עס רינט דאָס בלוט פון פּאָמעראַנץ.
דער ראַדיאָ אָפּן. פון „פּאַיאַצן"
עס זינגט ווער ערגעץ פול מיט גלאַנץ.

אַ זופּ דעם טיי, אַ וואָרט, אַ שמייכל.
ס'דערציילט ווער גאָר אַ פֿײַנעם שפּאַס.
די ניאַניע פרעגט: „וואָס איז דער שכל,
וואָס ס'קינד האָט פֿײַנט גאָר אַנאַנאַס?"

ווי לויטער, העל! אויף זעל קיין שאָטן...
נאָר פּלוצלינג עפנט זיך דער תהום
און ס'ווערט די חלום־וועלט פאַרשאָטן:
עס הילכט שוין אין באַראַק: — „פּאָדיאָם!" * — — —

### .5 אין סטאַציאָנאַר

שנייִקער צפון. נאָר טײַגע.
עלנטקייט אין סטאַציאָנאַר **.
ס'פלאַקערט מײַן גוף ווי אין פלאַמען,
ס'פלאַקערט נשמה אין צער.

יאָלקע אין ווײַסן בײַם פענצטער
שטייט דאָ מעת־לעתן און וואַכט.
רעדט זי פון עלנטן שטאַרבן,
מיך איך: דער טויט קומט די נאַכט.

---

* אויפשטיין! — ** סאַניטאַר־פּונקט, שפּיטאָל.

ס׳טאַנצט אַלץ אַרויף טערמאָמעטער.
געפּל קריכט שווער אויפן זין.
שוועסטער! מאַך לינדער דעם ווייטאָג,
שענק נאָך אַ ביסל מאָרפין.

ס׳ווילט זיך ניט שטאַרבן אין טײַגע,
ווײַט פון דער וועלט דאָס געביין.
ס׳ווילט זיך אַ היימיש בית־עולם,
היימישער קבר און שטיין.

הימלען! נישט לאָזט מיך דאָ אויסגיין,
ווײַט און פאַרגעסן פון וועלט.
עלנט, קיין טרער נישט פון קיינעם,
בלויז נאָר פון טײַגע די קעלט — — —

אוכטאַ (קאָמי), 1940

## „וואַקאַפּונקט"

קויטיקער, נאַסער דעצעמבער.
רעגנס בײַ טאָג און בײַ נאַכט.
מענטשן פון שטעט, פון מרחקים
גורל אַהער האָט געבראַכט.

טוליען אויף דיל זיך די שאָטנס.
ליגן אין טראַנטעס ווי מיסט.
היים איז צעשטערט און איז חרוב,
היים פון אַ טײַוול פאַרוויסט.

טאָפּאָלן שטומע אויף גאַסן.
טריב איז דאָס שיינע טאַשקענט.
ערגעץ — פאַר טויזנטער מײַלן! —
ברויזט די מלחמה און ברענט.

קומען אַלץ אַן עשעלאָנען,
שפּײַען זיי מענטשן דאָ אויס.

וואַקסט אַלץ די קויטיקע מאַסע,
הונגעריק, נאַקעט און בלויז.

פול דער „עוואַקאָפּונקט" [1] איז שוין —
אַלע איין מאַסע, איין קנויל!
ס'האָט זיי פאַריאָגט דאָ דער תּליון,
ס'האָט זיי פאַרטריבן דער גרויל.

הערלעך און גרויס דער וואָקזאַל איז,
עלנט דאָך גרעסער אַ סך.
ליגט מען דערנעבן אין „סאַדיק" [2],
ווינענדער הימל — דער דאַך...

שטופּן זיך רייען צו „לאַרקעס" [3],
וויאַרסטיקע רייען נאָך ברויט.
אויגן פאַרלאָשענע, קאַלטע,
היט דאָ זײַן ריי אויך דער טויט...

טאָפּאָלן שטומע אויף גאַסן,
האַרבסטיק דאָס שיינע טאַשקענט.
טרוימט זיך: אַ פּיצעלע דיל כאָטש,
חרוב די היים און פאַרברענט — — — —

טאַשקענט, 1941

## וואַנדערונג אין אוזבעקיסטאַן

עס ליגט אַ קישלאַק [4] אַ צעזייטער אין זאַמד
און לאַקט מיט זײַן רו, מיט זײַן פריד.
אין וועלכער קיביטקע אַ ווינקל קען זײַן
איין נאַכט פאַר אַ פּוילישן ייִד?

[1] עוואַקויִר־פּונקט. — [2] גערטנדל, סעדל. — [3] געוועלבלעך. — [4] דאָרף.

אין נאַכט כאָטש, איין נאַכט כאָטש אין ווײַסן קישלאַק,
אויף ערגעץ אַ שטיינערנעם דיל.
די זון, ווי זי ברענט און אָן שאָטן דער וועג,
נאָר זאַמדיקע ווײַטן אָן ציל — — — —

עס ליגן די קעמלען אין מדברשער היץ
און אייזעלעך שרײַען אין וועלט.
באַבאַיען [1] אין טשאַלמען, קיזינקעס [2] אין צעפּ
דאָ־דאָרט אויף אַ שוועל פון געצעלט.

ווו פאַלט מען אַנידער? אויף וואָס פאַר אַ שוועל?
מה טובו... ווי גוט איז אַ היים!
עס לאָקן, עס רייצן מיט רו און מיט פריד
די ווײַסע קיביטקעס פון ליים.

דער רוקזאַק, ער שטעכט און דער גומען, ער בריט.
ווו עפנט מען אויף דאָ אַ טיר?
געוועזן אַ הויז און געוועזן אַ היים —
ווי ווײַט איז עס איצטער פון מיר! — — —

גישדוואַן (בוכאַרער געגנט), 1942

## גוזאַר [3]

געצעלטן ליִוונטענע, לאַנגע, לאַנגע רייען,
געצעלטן גרויע אויף אַ באַרג צעשפּרייט.
פון אַלע, אַלע וועגן קומען פרישע מחנות,
און ס׳זײַנען אַלע צו נקמה גרייט.

מען קומט אין צויטן, טראַנטעס און מען קומט פון הפקר,
מען קומט פון נע־ונד דורך טעג און נעכט.
פאַר מײַלן טויזנטער עס ווערט די היים צעטראָטן,
פאַר מײַלן טויזנטער אַ תליון שעכט.

[1] זקנים. — [2] מיידלעך. — [3] זע פוסנאָטע אויף ז׳ 130.

מען גייט ביי נאַכט צו רו אויף שטרוי אין די געצעלטן
מיט כאַר־געבעט צום האַר פון גרויסער וועלט.
און מיט געזאַנג פון „קיעדי ראַננע ווסטאַיאָן זאָזשע" [2]
שטייט אויף דער באַרג אין דער באַגינען־קעלט.

נאָר ס'קומען אין געצעלטן געסט אויף אומגעבעטן —
ציִנגאַ [3] און טיפוס... שניידן נאָך אַנאַנד.
און יעדן אין דער פרי וואַקסט־אויס אַ ריי מיט מתים
דאָרט הינטער די געצעלטן ביי דעם ראַנד.

„דער באַרג פון טויט"... — אַ וויסטער שפּאַס פון הפקר־לצים,
דאָך שרעקט עס נישט דעם מענטש פון נע־ונד.
עס קומען פרישע מחנות אַלץ פון אַלע וואַנדער־וועגן —
פון אָרענבורג, טאַשקענט, דזשאַלאַל־אַבאַד.

גוזאַר, גוזאַר! דו האָסט אונדז גאַנצע פערציק טויטן
געגעבן יעדן טאָג דאָן מיט אַ מאָל.
נישט ווייט, בשכנות איז געוואַקסן אַ בית־עולם,
אַן אייגענער בית־עולם אין אַ טאָל.

עס ליגן דאָרטן אונטער קליינע, געלע בערגלעך
פּאָליאַקן, יידן — אַלע, אַלע גלייך.
מיר האָבן יעדן טאָג געגראָבן פרישע קברים
אין יענעם טאָל — אין טויטן־קעניגרייך.

גערעגנט האָבן אומעטיקע, קאַלטע הימלען,
עס האָט צו מאָל אויף צוגעדעקט אַ שניי.
געוואַרט אין די געצעלטן האָט מען אויף נקמה,
פון ווייטער היים האָט ווינט געבראַכט געשריי — — —

גוזאַר 1942 — לאָדזש 1947

[1] גוזאַר — אַ ראַיאָן־שטאָט אין בוכאַרער געגנט, נישט ווייט פון דער אַפגאַניס־טאַנישער גרענעץ; פאָרמיר־פּונקט פון דער פּוילישער אַרמיי אין 1942. — [2] מאָרגן־געבעט פון מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ. — [3] ציִנגאַ — סקאָרבוט, אַוויטאַמינאָזאַ.

# איבער ים פון בלוט...

איבער ים פון בלוט
שפּרייט זיך בלויער הימל אויס —
אַ סימן: ס'וועט נאָך פריילינג זײַן,
ס'וועט נאָך לעבן זײַן,
ס'וועט נאָך ווידער בליִען אַלץ,
און מענטש וועט קענען פרייען זיך,
ווי פריִער, ווי אַמאָל!

עס וועלן אַקעראײַזנס דורכקרייצן די פעלדער,
די ביינער מענטשלעכע פאַרשיטן,
די שאַרבנס סטאַרטשענדע צעדרויבלען
און צוגרייטן אַ זומער פאַר אַ נײַעם דור.

וויין נישט, מענטש, און קלאָג נישט, מענטש,
ס'איז מן הסתם באַשערט געווען אַזוי:
אַ וועלט זאָל אונטערגיין —
אַ וועלט זאָל אויפגיין — — —

פאַרדעק די קברים און באַציר מיט בלומען,
צינד אַ יזכור־ליכט — נעם־אויף דעם נײַגעבורט,
וויש־אָפּ פון אויג די טרער — מאַך־אויף דאָס האַרץ פאַר נײַער פרייד.
ס'איז מן הסתם באַשערט געווען אַזוי:
אַ וועלט זאָל אונטערגיין —
אַ וועלט זאָל אויפגיין — — —
נאָר וועלכער גאָט וועט וואַגן אין זײַן גאווה רופן:
— „איך בין דיין צדק
און גערעכט מײַן משפט!" ?! — — —
און ס'זאָל דערבײַ זײַן טראָן נישט טאָן קיין וואַקל?! — — —

קאָלכאָז „טשערוואָנאַ בורטאַ" (קאַזאַכסטאַן), 1942

## ווען כ׳קום צו דיר...

— עללאַן

ווען כ׳קום צו דיר, ווערט גרינג אַזוי אויף דער נשמה,
ווי ס׳וואָלטן זיך פון איר אַראָפּגעקײַקלט שטיינער.
ס׳איז אַלץ בײַ דיר אין ווינקל ליב אַזוי, ווי „דאָרטן״,
ווו איצטער וואַרט אויף אונדז געוויס שוין קיינער, קיינער.

די קאַווע שמעקט־אַרויס פון היימיש פײַנע שעלכלעך
און קיכעלעך אַזעלכע ווײַסינקע (פון וואַנען?...).
איך טרינק און שלינג דעם אַראָמאַט און זע זיך „דאָרטן״,
אין „אייראָפּייסקע״, צי „זשעמיאַנסקע״ — ווײַט פון דאַנען...

די קליידער דײַנע, כאָטש בישט נײַ שוין, נאָר פון „דאָרט״ נאָך.
ביסט ווי אַ סימבאָל פון אַ וועלט, וואָס איז פאַרלאָרן.
עס איז אַ קונסט צו אָפּהיטן פון היים דעם צויבער
אין לאַנגן גלות, אין די וויסטע, וויסטע יאָרן...

איך רייד מיט דיר און אַלצדינג לעבט פאַר מיר אויף ווידער,
און ס׳גלוסט זיך, ס׳זאָל וואָס לענגער דויערן, אָן ענדע.
עס וויזט פון דיר מיט יענער היימישקייט מיט ליבער,
וואָס איז געבליבן איצטער בלויז, נאָר בלויז לעגענדע...

אַק־בולאַק, 1944

## דריי מיליאָן...*

דרײַ מיליאָן ברידער ווי קדושים געפאַלן פון מערדערשער האַנט
(דערין אויך מסתמא מײַן מאַמע, מײַן פרוי און מײַן קינד).
געשען איז עס דאָרטן אויף מערב, אין פוילן דעם חרובן לאַנד.
געזען האָבן הימל און ערד און עס זעט נאָך די וועלט אויך אַצינד.

---

* אָנהייב 1944 איז מען פון דער ווײַטנס געווען אַזוי „סקעפּטיש״, אַז אַפילו אין דרײַ מיליאָן האָט זיך נישט געגלייבט... כאָטש וואָס ווײַטער האָט זיך די ציפער ראַש דערנענטערט צו די 6 מיליאָן...

דרײַ מיליאָן ברידער דורך גאַז און דורך פֿײַער, דורך קויל און דורך שווערד.
פֿון אונטער די געטאָ־רויִנען עס שרײַט נאָך דאָס שטראָמיקע בלוט.
עס הערט די יללה דער הימל, עס הערט די יללה די ערד.
נאָר ס'קומט נישט, נאָך קומט נישט פֿאַר שיכורן תּליון די שטראָפֿיקע רוט.

פֿאָלק פֿון אַבלים אויף ערדקויל צעזייט אומעטום און צעשפּרייט!
אין יידישע פֿענצטער נשמה־ליכט טרויערן, וויינען אין וועלט.
נאָר שטורעם די אָבלשע שלוכצן און טרערן אָן עכאָ פֿאַרוויט,
זיי ווערן אין חלל פֿאַרשטומט און פֿאַרגליווערט אין פֿראָסט און אין קעלט.

אַק־בולאַק, 1944

## מיין פאָלק ישראל

מײַן פֿאָלק ישראל! שעיר לעזאזל פֿון די אַלע פֿעלקער!
דו האָסט אין גורלדיקער שעה געשלאָגן איצטער דעם רעקאָרד:
ס'האָט קיינעם נישט ווי דיר געקאָסט אַזוי פֿיל בלוט, אַזוי פֿיל טרערן
אין דעם שגעונדיקן וויכער פֿונעם אומקום און פֿון מאָרד.

דו האָסט געזונגען רויִק זיך דאָס ליד פֿון „אַתה בחרתנו"
און שפּעדיק געטיילט דער ברייטער וועלט די פּרוכט פֿון דײַן זשעני.
האָסט אומעטום געווירקט, געוועקט; האָסט אומעטום געבויט, געשאַפֿן;
האָסט אומעטום געוואָרפֿן ברייט און פֿזרנדיק דײַן פֿלײַס, דײַן מי.

איצט מעגסטו ווידער זינגען זיך דײַן שירה: אַתה בחרתנו...
יאָ, יאָ, ביסט אויסדערוויילט צו זײַן דער קרבן פֿון דער וועלט, פֿון כּלל...
עס האָט דער תּליון אין זײַן טעמפּער, קאַלטער, שיכורער אַכזריות
אויף דיר אַליין כּמעט נאָר אויסגעגאָסן ס'גאַנצע גיפֿט און גאַל.

ר'האָט גאַנצע דורות דײַנע אָפּגעמעקט אָן זכר פֿאַר די עולמות,
אין רעש און בראַנד פֿון געטאָס אָפּגעווישט איז לעבן און געצעלט.
מײַן פֿאָלק ישראל! ווער זשע וועט אין יום־הדין דײַן עוולה מאָנען?
מיט וואָס זשע וועט מען קענען דיך באַלוינען, קרבן פֿון דער וועלט?...

אַק־בולאַק, 1944

# צו דייטשלאַנד

ניִשט קיין האַקנקרייץ קיין שוואַרצער —
קין־צייכן איז דײַן הערב!
קין־צייכן אויף געמעכער דײַנע,
קין־צייכן אויפן שטערן
פון איעדן דײַטש!

מען וועט אין צענטן דור אַ בירגער דײַנעם מײַדן,
זיך אָפּקערן פון אים מיט גרויל,
מיט עקל
און מיט שפּאָט:
— אָט גייט די חיה דאָ בצורת מענטש,
וואָס אײַנגעטונקט אין בלוט פון קליינע קינדער...
מען שפּירט פון אים נאָך ס׳בלוט. —
פון אים אַליין,
פון זײַנע קליידער,
פון זײַן לײַב־און־לעבן!
אַזוי פיל בלוט — עס ווערט ניִשט אויסגעוועפּט
דורך דורי־דורות!
ס׳וועט איבלען גאָר דער וועלט
און גרוילן
פון אָט די קינס
אַזש אויף אייביק, אייביק...

דײַטשלאַנד!
עס מעגן שפּעטער קומען די חכמים דײַנע,
מיט די שטערנס הויכע,
באַברילט, פאַרמוחט —
געוועזענע דערפינדערס
פון די אַלע מינים טויט־פאַבריקן... —
און נעמען שרײַבן נײַע „תורות״
און „טראַקטאַטן״ בײַכיקע,
פול מיט וויסן,

פול מיט חכמה, חריפות —
אַלץ לשם קולטור,
ציוויליזאַציע
און פראָגרעס — —
און אפשר, אין אַ שעת־הכושר,
רײַבנדיק די חכמה־פּליכעס,
אויסטראַכטן אַ גאַז אַזאַ —
מיט מאַרקע „אַללפערניכטונג" —
אויף אויסצוראָטן אין איין טאָג
די גאַרע וועלט,
די פעלקער אַלע, נאָנט און ווײַט,
אַזש ביזן לעצטן מענטשלעך ווען —
דײַטשיש און פּרעציז...
אַחוץ, פאַרשטייט זיך, נאָר איין איינציק פאָלק —
די „העכסטע ראַסע" פון דער מענטשהייט:
דײַטשן! — — —
נאָר זיי מסוגל זײַנען צו פאַרבלײַבן
בירגערס פון פּלאַנעט, וואָס רופט זיך ערד...

ניין, איר דײַטשישע חכמים ונבונים!
ס'איז אומזיסט די מי.
עס וועלן נישט קיין טויזנט פלאַמען אויסברענען,
קיין טויזנט וואַסערן אָפּוואַשן
דעם פלעק דעם בלוטיקן
פון אײַער פינצטערן געוויסן!
(יאָ, סײַדן אפשר נאָר דער זייף —
„מייד אין דזשערמעני", —
וואָס איר,
די „פּראָמינענטע" כעמיקערס,
האָט פּראָדוצירט פון ייִדן־פעטס...).

אָ ניין, אָ ניין,
איר וועט מיט קיין זאַך נישט פאַרטושן
און נישט אָפּמעקן

דעם קין־צייכן וועט אין דורות!
טיף אײַנגעקריצט איז ער אויף דײַטשע שטערנס,
און פלאַטערן וועט ער, דער קין־צייכן —
איבער הערב! —
רויט ווי גיהנום־פלאַם,
אויף לײַוונטן,
אויף טעפּיכער
פון אַלע פענצטער אײַערע,
פון באַלקאָנען,
פון פּאַסאַדן,
אָבעליסקן —
אין יום־טובים,
אין פּאַראַדן —
תמיד!

דײַטשלאַנד!
נישט קיין האַקנקרייץ קיין שוואַרצער —
קין־צייכן איז דײַן הערב!
קין־צייכן „איבער אַללעס"...

אָק־בולאַק, 1944

## פאַר אַלע געשאָכטענע מאַמעס...

פאַר אַלע געשאָכטענע מאַמעס
מיט אומקום באַצאָלט איר אַצינד.
עס וועלן נאָך אײַך אויך נישט וואָיען
אַפילו קיין הפקרע הינט.

פאַר אַלע געשאָכטענע מאַמעס —
די פערל פון מענטשלעכער קרוין —
איז תליה פאַר אײַך אויך אַ חסד,
איז תליה דער ווינציקסטער לוין...

אָק־בולאַק, 1945

# אין די אָרענבורגער סטעפּעס

(פּאָעמע)

צווישן אוראַלישע סטעפּעס,
דאָרט, וווּ עס פליסט דער אילעק —
ליגט ברייט צעוואָרפן אַ ישוב,
ליגט זיך צעשפּרייט אינעם העק.

ס'האָט צו דערציילן די געגנט
מעשיות פון גאָר אַלטער צײַט;
מעשיות פון בונט און מרידה
איבער די סטעפּעס העט ווײַט.

צײַטן פון יעקאַטערינאַ,
פון פּוגאַטשאָוו און קירגיז.
ס'האָט זיך דער סטעפּ־מענטש פאַרמאָסטן
קעגן דער צאַרינטעס שפּיז.

ס'האָבן דאָס פײַער פאַרלאָשן
פּאָלקן פון מאָסקווע, קאַזאַן.
לאַנג שוין, ס'איז לאַנג דאָס געוועזן,
ס'וואַקסט פונעם בלוט דער בוריאַן — — — —

*

גרויע די סטעפּעס. בוריאַן נאָר.
ס'זעט זיך קיין ביימל אויף זיי.
גרוי אויך און דאָרפיש די גאַסן.
ווײַסע קיביטקעס אין ריי.

ס'הויבט זיך איין איינציקער טורעם
דאָרטן צום הימל אַרויף:
דער עלעוואַטאָר דער גרויער
האָרט בײַ דעם צוגן־געלויף.

שטייען דאָרט תּמיד בעסטאַרקעס,
וואַרטן מיט תּבֿואות בײַם צוים.
ס'דרימלען די אָקסן געשפּאַנטע,
קײַענדיק לאַנגזאַם מיט שוים.

קיראָוואַ־גאַס. ס'איז די הויפּטגאַס.
„ראַיאיספּאָלקאָם" און „סעלפּאָ" *.
קינאָ, און פּאָסט, און „סטאָלאָווקע"
(כאַפּט מען אַ „בראַגע" אויך דאָ).

רוישט אויך אַ מיל. אַ „ציגעלניע".
סטאַרטשעט אַ קוימען אין לופט.
הילכט עלעוואַטאָר־סירענע:
בירגערס צו אַרבעטן רופט.

ס'פליִען אַדורך דאָרטן צוגן,
ברענגען אַ גרוס פון דער וועלט:
„מאָסקווע — טאַשקענט — אַלמאַ־אַטאַ" —
נאָר אויף אַ ווײַל זיך געשטעלט.

פליִען באַלד ווײַטער אין סטעפּעס,
לאָזן נאָר בענקען און רויך — —
קײַקלען די טעג זיך און יאָרן,
קײַקלט זיך זון אין דער הויך.

*

ווינטערס מיט פרעסט און בוראַנען,
פעסטונגען גאַנצע פון שניי.
געסלעך, קיביטקעס פאַרשאָטן,
ממש קיין צוטריט צו זיי.

ס'יאָגט פון די אָפענע סטעפּעס
פּונקט ווי די רוחות דער ווינט;
וואָיעט אַזוי ווי אַ טשאַטע
ווילדע, משוגענע הינט.

* אַלע פאַרטײַטשונגען — צום סוף.

ראַנגלען אין געסלעך זיך מענטשן:
ווײַסע, פֿאַרווייעט, פֿאַרהילט.
קוים וואָס מען קומט צו אַ קליאַמקע,
ש׳ער נישט דאָס חיות פֿאַרשפּילט.

ווערן אַנטשוויגן די ווינטן,
גליט נאָר אַ פֿראָסט און ער ברענט.
בלוי איז דער עטער, דער הימל.
טוט אויך די זון ווען אַ בלענד.

שפּאַנט מען אין וואַליקעס הויכע,
פֿוטערנע היטלען אויף קעפּ.
שליטלעך געשפּאַנטע אין אָקסן
קריכן פּאַמעלעך פֿון סטעפּ.

שליטלעך מיט אײַזערנע פּעסער —
פֿלעקן אויף שניי־ווײַסער פּאָן, —
שלעפּן זיך צו „נעפּטאָבאַזאַ“,
נעמען „גאָריוטשעיע“ אָן.

ס׳קומען־אָן רוסן, קאַזאַכן,
ס׳ציט אַלץ אַהין, צום באַזאַר.
פֿלעכטן זיך קולות אין קולות,
מסחרט מען, אויב — „אַכשאַ באַר“...

קויפֿן קאַזאַכן דאָס בעסטע,
וואָס נאָר פֿאַראַן אויף דער וועלט:
טיי! נאָר „ציילאָנסקי“, „אינדײַסקי“... —
גיבן פֿאַר טיי אָפּ דאָס געלט.

עסן — דאָס איז נאָר אַ טפֿל,
טרינקען — דער עיקר בײַ זיי.
גאַנצענע טעג אויף די קילימס
זיצט מען בײַ „פּיאַלעס“, בײַ טיי.

מסחרט מען נאָדלען, קאַרטאָפֿל,
קעמלעך געדיכטע און קרויט.

קויפט מען קאַזאַכישע פּלעצלעך,
קויפט מען קאַלכאַזישן ברויט.

וואַליקעס, סאָדע און קנעפּלעך,
שוועבעלעך און סאַכאַרין,
צײַטונגען צו „סאָמאָסייקע" *,
זאָקן אי געלע, אי גרין.

כאַפּט מען זיך צו צו דעם בליגדן
מיט די צעפּאַטלטע האָר.
ר'טאַפּט אין אַ בוך מיט די פינגער,
זאָגט ער דעם מזל באַלד פאָר...

כאַפּט מען זיך אויך צו צום זקן,
וואָס מיט די קאָרטן בײַם זײַט.
פרעגט מען אויף זין און אויף מאַגען:
שרײַבן קיין בריוו שוין אַ צײַט...

וואַרפט ער די קאָרטן, דער זקן,
פּרוּווט ער פאַר יעדן דאָס גליק.
ווען עס שמייכלט טויז קאַראָ,
ווען עס נאַרט מלכה פיק.

ווען עס ווײַזט „דאָם קאַזיאָנני" —
איז עס אַ פּנים שפּיטאָל.
ער איז מסתמא פאַרווּנדעט,
קען ער נאָך קומען אַמאָל.

וואַקסט אַרום זקן דאָס רעדל,
ווײַזט זיך אין אויגן אַ טרער.
ווען אַ האָפענונג העלע,
ווען אַ שטיין דריקט נאָר שווער.

* היימיש-פאַרזייטע מאַכאָרקע.

ווײַזן זיך אויך די „ראָדאָקעס"
אינעם געררויש פון יאַריד:
פויזנער פּאָליאַקן, צי לאָמזשער
אָדער אַ וואַרשעווער ייִד.

ברענגען אַהער צו פאַרקויפן
פונעם קאָלכאָז „טרודאָדני":
ווייץ און „פּשעניאַ", צי „אָטכאָדן" —
פרוכט פון דער פּראַצע און מי.

טרעפט אויך, חוץ כשרער פּראַצע,
מאַכט ווער אַ „ליגנקן" געשעפט:
ס'האָט זיך צו אים אינעם וואָגן
אַן איבעריק זעקל באַהעפט...

„דאַרף מען דאָך לעבן" — ער טענהט —
„מ'דאַרף דאָך אַ מלבוש און שיך.
„וואָליקעס, העמד און פּופּײַקע. —
„ס'פליקט אין קאָלכאָז זיך אַלץ גיך".

זעען זיך אַלע „ראָדאָקעס",
פרעגט מען זיך: „ווען זשע, אַך ווען?
„ווען זשע אַ סוף בעמט צום גלות?
„ווען זשע די היים וועט מען זען?"...

דאָך אַלע „געלײַטערט" געוואָרן
אויף קאַטאָרגע ווו אין עק וועלט...
אין יאָך דאָרט אַזוי פיל געפאַלן
אין אײַזיקע שנייען און קעלט — — —

„שיקאָרסקיס אַמנעסטיע" דערמאָנט מען,
זיי אַלע דערמאָנען דעם נס.
די קאַטאָרגע דאָרט אין די טײַגעס
געמאַכט וואָלט פון יעדן אַ מת...

פרעגט מען זיך אויף דער „פּלאַצוווקאַ" —
ס'ליגן מלבושים פאַר זיי:

קריגט מען דאָרט גרינע קאָסטיומען —
אַלע אין גרינע אַרמיי...

קורצע מונדירלעך און שמאָלע —
ענגלאַנדס געשאַנק און געשמאַק.
זעט מען אַ „גרינעם" שפּאַצירן,
ווייס מען שוין: „עטאָ פּאָליאַק!"...

ווערט מען געוווירע, אַז נישט איינער
האָט שוין אַ ווײַב אין קאָלכאָז.
(נעבעך, קאָלכאָזישע ווײַבער:
ס'ווערט דאָך אַ פּאָליאַק אַ האָז...).

דרייען זיך אויך אויפן באַזאַר
היגע „פּאָליאַקן" לרוב:
פּאָליע מיט „שמאָכטעס" פאַרהאַנגען,
ליובע — מיט בלוזעס און שטאָף.

בייניש דער לאָדזשער מיט שטיוול, —
הענגען אויף אָקסל בײַ אים.
חנה פון קאָליש דרייט אום זיך
מיט אַ קאָלירטן קילים.

מאַקסל פון זאַמאָשטש, ער שמאַיעט, —
ביטער, ער האָט הײַנט אַ קראַך:
אָנגעקויפט האָט ער „גרוזינסקי" —
שמעקט עס נישט קיין שום קאַזאַך...

„שמואליק מלמד" איז אויך דאָ —
קרוע ובלוע און דאַר!
שומר געווען שוין און פאַסטעך;
איצט לעבט ער נאָר פון באַזאַר.

טראָגט ער אַרום זיך מיט הערינג,
וויל עס פאַרטוישן אויף ברויט.
טאַפּט מען די „ריבאַ" — פאַרדאַרט שוין,
שטייען שוין אָפּ פון דער הויט.

„גרוזטשיקעס“ פון עלעוואַטאָר —
יונגען געזונט און צעבליט! —
כאַפּן אויך זונטיק אַ מסחר
אויף אַק־בולאַקער יאַריד:

גדליה פון באַלוט פאַרשאַכערט
הויזן פון בעסערן מין;
זרח פאַרקויפט האַלבע זוילן
און אַן „אָטרעז“ קרעפּ־דע־שין.

זעליק דער שאָפער איז אויך דאָ —
טראָגט ער אַן אוצר אין טאַש:
עכטע „מאָסקאָווסקאַ“ פאַרחתמעט!
ס׳פעלט נישט קיין בעלן אויף יי״ש.

דרייען זיך אום די „ראָדאַקעס“
אינעם גערויש פון יאַריד:
פויזנער פאָליאַקן, צי לאָמזשער
אָדער אַ וואַרשעווער ייִד.

*

קומען פון מאַרק די „כאַזײַקעס“,
נעמט מען צום אויוון זיך דאַן;
קאָכט מען אַ „שטשי“, „פּילימענעס“
(אויב נאָר אויך פלייש איז פאַראַן).

קאָכט מען אויף „פּערוואָיע“ תמיד
לאַנגן „לאַפּשאַ“, צי „פשענאָ“,
און אַ „ווטאָראָיע“ פון בלינעס
אין אַ דערהויבענער שעה.

קומט־אָן דער אָונט דער לאַנגער,
מ׳צינדט די „קאָפּטילקע“ דאַן אָן;
קלײַבט מען זיך בײַ דער „גאַלאַנקע“,
נעמט מען זיך עפּעס וואָס טאָן.

שטיל איז אין כאַטע און וואַרעם,
ס'וואָיעט אין קוימען דער ווינט.
ס'טרוימט הינטער גלאָז אינעם ווינקל
הייליקע מאַמע און קינד.

ליזע שפּינט ראַש אויפן רעדל,
שורה שטריקט זאָקן פון וואָל.
רעדט מען פון פּראָגנט און פון מאַנען,
רעדט מען פון גוטן אַמאָל...

רעדט מען פון צײַטן פון גוטע,
ווייץ איז געשטאַנען אין זעק;
געגנדז, און חזירים, און שעפּסן,
ווײַסברויט, און צוקער, און שפּעק.

מילך פלעגט מען טרינקען ווי וואַסער —
ווער האָט די „סטאַנציע" געקענט?
קליידער און שיך פלעגט מען ברענגען
אַזש פונעם ווײַטן טאַשקענט.

אָרענבורג האָט נישט פאַרמאָגט דאָך
קיין מאָל קיין פּאַסיקן שטאָף.
רעדט מען אַזוי גאַנצע שעהען,
רעדט מען אַזוי אָן אַ סוף.

זיפצט מען אויף צרות, אויף דלות,
פינצטערער דלות אָן ברעג.
לאַטעס אויף לאַטעס. אַלץ פליקט זיך.
לאַטעסט נאָר גאַנצענע טעג.

קינדערלעך דרײַ, אָבער שיכלעך
איז נאָר פאַראַן קוים איין פּאָר...
גאָט! ווען קען עקן דער קריג זיך?
ס'ציט זיך אַ יאָר נאָך אַ יאָר!

רעכנט מען אויס ווער געפאַלן,
ווער אָן אַ שפּור זינט אַ יאָר.

רעדט מען, אַז וואַליאַ און גרוניאַ
האָבן שוין אַנדערע גאָר.

רעדט מען, אַז זאַיאַ דעם מילנערס
(ווינט נעבן אונדז טאַקע נאָנט)
טראָגט שוין פון עמעצן אַנדערש...
(ס׳לעבט נאָך איר מאַן אויפן פראָנט).

רעדט מען אַזוי אויף „גאַלאַנקע״,
קלעפן די אויגן זיך צו.
קומט־אָן דער קאַלטער באַגינען.
צײַט שוין צו מעלקן די קו.

*

קומט־אָן דער פרילינג — מיט רידלען
גייט מען אין סטעפ דאַן אַוועק.
מ׳גרייט די „באַכטשאַ״ צו און גאָרטן.
פראַצע אויף גאַנצענע טעג.

שפּעטער די „גאָלדענע״ אַרבעט:
מ׳נעמט זיך צו מאַכן „קיזיאַק״.
הייצן מען מוז דאָך. דער ווינטער
לאַנג איז דאָך אין אַק־בולאַק.

*

זומערס מיט גליִענדע זאַמדן.
ס׳אָטעמען סטעפּעס מיט היץ.
שמאַכטן נאָך וואָלקנס און רעגן,
גאַרן נאָך דונער און בליץ.

ליגן „כאַזײַקעס״ אין גאָרטן
האַרט בײַ דעם קלאָרן אילעק.
גיסט מען מיט עמערס אויף בייטן,
גיסט מען דאָרט גאַנצענע טעג.

זעט מען דאָרט רוסישע ווײַבער,
זעט מען קאַזאַכקעס מיט צעפּ.

קלינגען אין חלל ניגונים,
זינגט דער צעוואַרעמטער סטעפּ.

אוגערקעס רײַפן, קאַרטאָפל.
רײַפט די „באַכטשאַ" אויך לסוף.
ווײַזן זיך קאַוועגעס, דיניעס —
גאַנצענע קופּעס לרוב.

אַלץ האָט דערוואַרט די „באַכטשאַ" דאָך,
אַלץ האָט געגאַרט די מינוט, —
שעכט מען די בײַכיקע פּירות,
זאַפטיקע, רויטע ווי בלוט.

פול אונטער בעטן די פּירות,
פול איז אַ איטלעכע שטוב.
דאַרפן „כאַזײַקעס" נישט הייצן,
שפּאָרט מען אײַן קאָכן אַ זופּ.

ברויט מיט „קאַוון" — ס'איז אַ מאכל!
זופּט מען מיט דורשט און מען קײַט.
קײַט מען אין כאַטעס, אין סטעפּעס.
ס'איז איצט די גאָלדענע צײַט.

גייט מען צו שכנים אויף כּיבוד,
רויטלט זיך טיש אומעטום:
דיניעס — צעפּאָלמעסטע בײַכער,
קוויקן די געסט זיך אַרום.

ליזע איז גאַסט הײַנט בײַ זאָיאַן,
מאָרגן וועט זײַן עס פאַרקערט.
ווערן אַזוי די „קאַוונעס"
ביסלעכווײַז אַלע פאַרצערט.

*

זומער־פאַרנאַכטן פאַרבענקטע.
קומען די מענטשן צום באַן.

פול בײַ דער „סטאַנציע“. עס ווימלט.
ווער איז דען דאָ נישט פֿאַראַן?

יוגנט שפּאַצירט אַק־בולאַקער.
מײדלעך געזונטע און פֿריש.
קומט־אָן דער צוג דער טאַשקענטער,
קויפֿט מען אַן עפּל, קיש־מיש.

כאַפּט מען אַ מסחר, ווער ס׳קען נאָר:
העמדער, פּופּײַקעס, צי שיך.
ס׳גײען־אַראָפּ פּאַסאַזשירן
טאָן אַ פֿאַרקויף אין דער גיך...

נישטערן ברוינע קאַזאַכקעס,
זוכן און מורמלען: „טשײַ באַר?“
קויפֿט מען, פֿאַרקויפֿט מען אין טומל,
כאַפּט מען אַרײַן אין געשפּאַר.

מסחרט מען אַלץ, וואָס עס לאָזט זיך:
לעדער, און גאַרן, און זײף.
קויפֿט מען, פֿאַרקויפֿט מען בשתיקה:
(ס׳ווילט זיך נישט ווערן דאָך טריף...)

— שנעלער! פּראָשו... אַ סיגנאַל באַלד.
— „דיעלאָם!... אַ העלפֿט איז אויך פֿײַן“...
— צײל זשע...
און מסחר געמאַכט איז,
פֿאָרער אין צוג שפּרינגט אַרײַן.

*

זומער־פֿאַרנאַכטן פֿאַרשטויבטע.
ס׳קומען פֿון סטעפּ אָן די קי.
יוסטע, באַלאָדן מיט אײַטערס,
זאַטע, געפּאַשעט פֿון פֿרי.

קומען אין טונקעלע שטאַלן,
כאַפּן אַ דרימל אין זיי, —

ביזן צעגרויטן באַגינען,
אַזש ביזן הענערשן קריי.

זיצן „כאַזייַקעס“ אויף קלעצלעך,
מעלקן אין עמערס אַרייַן.
טראָגן די מילך אויפֿן באַזאַר —
וועט אַ פּופּייַקע אויך זייַן.

*

אָונטן זומערדיק־העלע.
ס׳שווימט די לבנה אין בלוי.
בלויקייט אויף גאַסן און סטעפּעס.
ציט עס און ס׳בענקט זיך אַזוי.

ציט עס צום „סאַדיק“, לעם „סטאַנציע“,
שפּילט דאָרטן אַ פּאַטעפאָן:
אַלטע, פאַרקלונגענע טאַנגאָס,
ענגלישער וואַלס און באָסטאָן.

ציִען די בענקענדע קלאַנגען,
ציט די פאַרבענקטע מוזיק —
פונקט ווי פאַרלוירענע פריידן,
פונקט ווי פאַרלוירענעס גליק...

פול איז מיט יוגנט דער „סאַדיק“,
אַלע דאָ היימיש, באַקאַנט.
טאַנצן דאָ מיידלעך מיט מיידלעך:
בחורים לאַנג אויפן פראָנט.

ס׳קומען דאָ נאָר אינוואַלידן,
אָדער „פּאַצאַנעס“ — צו קליין...
טאַנצן נאָר מיידלעך מיט מיידלעך,
מיידלעך צעבליטע און שיין.

זיצן אויך פּאָרלעך אין טונקל,
וועבט זיך אַ צערטלעך גערייד.

וועקן זיך הערצער, נשמות,
וועקט זיך אַ קוואַליקע פרייד.

שווימט די לבנה פון אויבן,
שמייכלט זי שטום און געהיים.
שפּעט ווערט. מוזיק ווערט אַנטשוויגן.
צײַט איז צו גיין שוין אַהיים.

*

קומט מען אויך אָפּט צו דער „סטאַנציע",
ווימלט עס פון מיליטער.
ס'שטייען דאָ וויאָרסטיקע צוגן,
לאַנגע, באַלאָדענע שווער.

ריזיקע, שווערע האַרמאַטן,
סטאַרטשען די העלדזער פון שטאָל.
פליגל פון אַעראָפּלאַנען,
קאַסטנס מיט קוילן אָן צאָל.

גרוי־גרינע טאַנקען מיט לופעס,
גלײַך ווי צום אָנגריף שוין גרייט.
רײַסט זיך פון ליפּן אַ ברכה:
„טראָגט פאַר תלינים דעם טויט" — — — —

פולע, געפּאַקטע „טעפּליושקעס".
פּנימער — פאַרבן אַ סך:
רוס, און קירגיז, און טורקמענער,
ייִדן, און אוזבעק, און קאַזאַך.

פלעכטן זיך שפּראַכן אין שפּראַכן,
פלעכט זיך אַ ליד אין אַ ליד...
„אַלץ פאַרן פראָנט!" — „פאַר נצחון!" —
„ס'טאָר נישט דאָס לאַנד ווערן מיד!" — — — —

ציִען זיך די עשעלאָנען,
גייען טאָג־אײַן און טאָג־אויס.

ציִען אַהין, צו די פראָנטן,
דאָרט צום מלחמה־געברויז.

זעט מען אויך אָפט בײַ דער „סטאַנציע״
אַ סאַניטאַר־צוג פון פראָנט:
קאַליקעס, קאַליקעס יונגע,
מענטשן פון ווײַט און פון נאָנט.

ס׳בלאַנקען די ווײַסע באַנדאַזשן,
ריידן פון גרויל און פון שרעק.
פרעגט מען זיך נאָך אויף די אַלע,
וועלכע פון דאַנען אַוועק.

גלאַנצן בײַ ווײַבער די אויגן,
ווישט מען בגנבה אַ טרער.
— „גאָטעניו, וועט נאָך באַשערט זײַן
מײַנעם צו קומען אַהער?״ — — — —

*

שיטערער ווערן די מאַנסלײַט —
ס׳רופט זיי אָפט דער „וואָיענקאָם״.
בלײַבט אויף באַזאַר און אויף „סטאַנציע״
ווער נאָר ס׳איז בלינד אָדער לאָם.

אויך אין קאָלכאָזן קנאַפּ מאַנסלײַט:
אַלץ איז אַוועק אין אַרמיי.
אַקערן ווײַבער און זייען.
איטלעכע אַרבעט פאַר צוויי.

טרײַבן זיי בריהש די אָקסן:
— הײַדאַ, צעבע! הײַדאַ, צאָפּ!
שלעפּן די אָקסן געדולדיק,
שאָקלען מיט אָקסישן קאָפּ.

יאָגן גאַלאָפּ זיך אויף פערדלעך
קליינע „פּאַצאַנעס״ אין פעלד.

אַרבעטן גלײַך מיט די מאַמעס,
קערן שוין איבער אַ וועלט:

אַקערן, בראָנעווען אויך שוין,
רודערן בײַ דעם קאָמביין,
פּאָרען זיך בײַ די „אַמיאָטן"
אַזש ביז די זון נעמט פאַרגיין.

זעט מען אויך ווײַבער, „פּאַצאַנעס"
אינעם טראַספּאָרט־קאַראַוואַן:
פירן „בעססטאַרקעס" מיט תבואות
צום עלעוואַטאָר בײַם באַן.

איז אויך אויף אונדזערע „גרינע"
שפּעטער געקומען די ריי:
ווער אין „סטראָי־באַט" איז געגאַנגען,
ווער אין קאָסציושקאָ־אַרמיי.

ווער צו זאַוואָדן צו אָרסקער,
שמידן געווער דאָרט פון שטאָל:
ווער קיין דיוואָוואָ עס לאָזט זיך —
ביז עס געשעט מיט אַ מאָל:

דאָרט פון די וועלדער ריאַזאַנער
ציִען פּאָליאַקן אין שלאַכט —
קעגן דעם שונא פון פעלקער,
קעגן דער פינצטערער מאַכט...

ציִען בײַ זײַט פון די העלדן —
העלדן באַשטערנטע רויט;
שנײַדן דורך בערג און דורך טײַכן,
שנײַדן דורך בראַנד און דורך טויט...

ס'וואַרט דאָך אויף אויסלייזונג וואַרשע,
ס'וואַרטן דאָך קראָקע, לובלין...
ווערן דערוואָרגן די שלאַנג מוז
דווקא בײַ זיך אין בערלין! — —

ציִען אַהין אויבעט ייִדן —
ס׳ברענט די נקמה אין זיי!
ס׳רופן פון געטאָס די ברידער,
ס׳טראָגט זיך פון ווײַט דאָס געשריי...

— — — — — — — — — — — — —

טרעפט מען שוין זעלטן אַ „גרינעם“
אויף די באַזאַרן אַצינד.
זעט מען נאָר זקנים און ווײַבער,
נאָר אינוואַליד אָדער קינד...

*

צווישן אוראַלישע סטעפּעס,
דאָרט, וווּ עס פליסט דער אילעק —
ליגט ברייט צעוואָרפן אַ ייִשוב,
ליגט זיך צעשפּרייט אינעם העק.

איך האָב דאָרט אויך אינעם ייִשוב
זומערס און ווינטערס פאַרבראַכט.
ס׳האָבן די פינצטערע יאָרן
מיך דאָרט אין וואָגלען געבראַכט.

כ׳האָב דאָרט געטרונקען דעם אומעט,
כ׳האָב דאָרט געטרונקען דעם צער.
פלעג דאָרטן אויך גיין צו „סטאַנציע“,
פלעג דאָרט אויך גיין צום באַזאַר.

פלעג דאָרטן אָפּנעמען גרוסן,
פינצטערע גרוסן און שוואַרץ.
ס׳ווערט ווי געשאָכטן מײַן אומה,
ס׳ווערט ווי געקוילעט מײַן האַרץ...

פלעג דאָרטן אָפּנעמען גרוסן,
גרוסן פון חרובער היים.
איז דאָרט געוואָקסן מײַן טרויער
אין די קיביטקעס פון ליים.

כ׳האָב אויך פֿאַרבראַכט אין קאָלכאָזן,
ווײַט פֿון ראַיאָן אָדער נאָנט.
וואָכן, חדשים אין סטעפּעס — —
ברויט פֿאַרן פֿראָנט! פֿאַרן פֿראָנט!

כ׳האָב דאָרט געסקירדעוועט תבואה,
בין אויך געווען „וואָדאָוואָז״.
נעכט אויף פּאָדלאָגעס געחלומט,
אָדער אויף שטרוי צי אויף גראָז.

כ׳האָב שוין געקענט גוט די אָקסן,
זייערע אָקסישע טריט.
„צאָפּ!״ און „צעבע!״ — זייער לשון.
זון האָט געשרפֿהט, געגליט.

כ׳האָב אויך, אַזוי ווי אין כנען
אונדזערע אָבות אַמאָל,
רינדער געפּאַשעט אין סטעפּעס,
צווישן די „באַלקעס״, אין טאָל.

כ׳קוק צו די גרויע מדבריות,
ס׳זוכט וואָס אין סטעפּעס דער בליק.
האָט מיך צו גרײַז־גרויע דורות
גורל פֿאַרוואָרפֿן צוריק? — — —

גרויע באַגינענס און קאַלטע.
זון גליט בײַ טאָג און זי ברענט.
כ׳קוק לאַנג צו מערב, צו מערב —
דוכט זיך, עס שטרעקן זיך הענט...

הענט פֿון פֿאַרפּײַניקטע מאַמעס
גרייכן פֿון מערבשער זײַט.
פּײַניקן אָפּענע הימלען,
פּײַניקט פֿאַרשלייערטע ווײַט...

יאָגט מיך צוריק צו דעם ישוב,
צו די קיביטקעס פֿון לײַם.

יאָגט מיך דער עלנט און פּײַניקט
ווײַט פון דער היים, פון דער היים — — — —

*

פלעגט נישט איין מאָל מײַן „כאַזײַקע"
ריידן צו מיר מיט אַ טרייסט:
— „האָסט דאָך נישט קיינעם... דער „גערמאַן"...
„כ'דאַרף דיר נישט זאָגן... דו ווייסט...

„נעם זשע אַ ווײַב דיר אַ היגע,
„ווײַבער פאַראַן דאָך דאָ פיל.
„ווײַבער... „זעמליאַנקעס"... בהמות...
„בלײַב דאָ... לעב רויִק און שטיל...

„צוהעלפן וועסטו דײַן ווײַבל,
„אויפראַמען וועסט איר דעם שטאָל...
„מילך פון דער קו, הײַנט „פּיראָגעס"!
„ממש אַן אייביקער באָל!...

„וועסטו נישט דאַרפן מער זאָרגן,
„וואַשן אַליין זיך אַ העמד...
„ביטער די דאָליע פון מאַנסביל
„לעבן אַליין אין דער דער פרעמד...

„קעכלען וועט זי דיך און האַלדזן,
„ברענגען וועט זי דיר אַ קינד...
„כ'לעבן, וואָס דאַרפסטו זיך מוטשען?
כ'לעבן, עס איז גאָר אַ זינד"...

אָט אַזוי פלעגט זי מיר ריידן.
איך פלעג נאָר שווײַגן פאַרטראַכט.
פלעג איך מיט אָפענע אויגן
ליגן אין סופלאָזער נאַכט.

פלעגן זיך וועבן מחשבות,
קומען פלעגט זעלטן דער שלאָף:

וואָס זשע וועט טאַקע דאָ ווערן?
וואָס זשע קען זײַן דאָ דער סוף?...

ס׳זײַנען דאָך אַלע געקוילעט,
חרוב דײַן לעבן, דײַן וועלט...
וועל איך נאָך ווידער ווו קענען
אויפשטעלן זיך אַ געצעלט?

אפשר געדעכט מײַן „כאַזײַקע״?... —
לאָך איך מיר ביטער, מיט גאַל. —
אפשר אַ „תכלית״?... אַ ווײַבל?...
מיט אַ בהמה אין שטאַל?

מאַכן „קיזיאַק״ איר און טראָגן
וואַסער אַ דרײַ מאָל אין טאָג?
ס׳לעבן איז סײַ ווי פאַרפאַלן,
סײַ ווי סײַ הפקר, אַ פּלאָג.

אויך דאָ קען מען עקן די יאָרן...
(ווער זשע קען וויסן די צײַט?).
אויך אַ בית־עולם אין סטעפּ דאָ
הינטערן יישוב, נישט ווײַט.

ליגט מען דאָ — ווער אונטער צלמים,
ווער אונטער שטערן־עמבלעם.
פעלן מצבות? „פּה נטמנ׳ס״?
מילא, איז ליגט מען אָן דעם.

אײַ, עס וועט קיין מאָל נישט קומען
קיינער צום בערגל אַהער?...
מילא, אויך דאָרטן נישטאָ שוין
קיינער, קיין גואל, קיין טרער — — — —

מילא, איז אויס מיט די ביכער,
אויס מיט די לידער און — שלוס!
ווײַטער אין גרויער פופײַקע,
וואַרעמען וואָליק אויף פוס.

מילא, צי האָבן דען ביכער
עפּעס געהאָלפן דער וועלט?
שעכט מען דאָך גאַנצע מיליאָנען,
ווי נאָר דעם טײַוול געפעלט! — — —

פלעג איך בײַ נאַכט אַזוי טראַכטן
אין דער קיביטקע פון ליים.
פלעג איך נאָר ווערן אַנדרימלט,
קומען פלעגט חרובע היים.

פלעג איך פרי אויפשטײן אַ בלאַסער,
בלאָנקען אין געסלעך, צו באַן.
ווידער — באַנדאַזשן, באַנדאַזשן!
גאָט! איז אַ וועלט נאָך פאַראַן?...

*

איז דאָ פאַראַן איין קיביטקע,
שטייט אָן אַ זײַט, אויף אַ ראָג.
(כ'זע זי נאָך איצט פאַר די אויגן
נישט נאָר אין טרוים, אויך בײַ טאָג).

ס'איז אַ קיביטקע אַ ווײַסע,
ענלעך צו אַלע, פון ליים.
זיץ איך דאָרט אָוונטן גאַנצע,
מיין איך: איך בין אין דער היים.

ס'וווינט דאָרט אַ יונגע „פּאָליאַטשקע"
בײַ אַ „כאַזײַקע" אַליין.
גאַסטפרײַנדלעך איז זי און ליבלעך,
קום איך דאָרט אָפטער צוגיין.

זויבער דאָס קליינטשיקע שטיבל,
ס'בלאַנקען פון ווײַסקייט די ווענט.
ס'ווייעט מיט היימישקייט ליבער,
ס'בלאַנקען אויך ווײַבלעכע הענט...

ס'רויטלט דער טיי זיך אין גלעזער —
(דווקא אין גלעזער, אויף טיש) —
אויב נישט קיין צוקער — אוריוק דאָן,
אָדער טאַשקענטער קיש־מיש.

טראָגט זי פון היים נאָך אַ קליידל —
האָט עס נאָך פרישקייט פאַרהיט.
בליצט פון איר רינג נאָך אַ שטיינדל,
פלעמלט, מיט בענקעניש גליט.

רעדט מען, דערמאָנט מען, דערציילט מען...
רעדט מען פון מענטשן און שטעט.
רעדט מען פון דאָרטן, פון דאָרטן,
רעדט מען, דערמאָנט מען ביז שפּעט...

רעדט זי, דערמאָנט זי איר יחוס,
מאָלט אַזוי בילדלעך אַלץ אויס.
זע איך איר טאַטן, איר מאַמען,
זע איך בײַם װײַסל איר הויז.

ברידער און שוועסטער — סטודענטן,
לוסטיק געררייד און געזאַנג.
בעלער, „וויעטשאָרקעס", פאַרווײַלונג.
אַלץ שוין פאַרשוואונדענער קלאַנג!

זע איך די רחבות־חדרים,
שווערע קאַטאַרן בײַ טיר.
פענצטער אין נעץ פון גאַרדינען,
כ'זע זי פאַר נאַכט בײַם קלאַוויר.

ס'בלאָנדזשעט איר האַנט אויף קלאַווישן,
בלאָנדזשעט פאַרחלומט און צאַרט.
פול דער אַרום מיט נאָקטיורן,
פול מיט שאָפּען און מאָצאַרט — — —

ס'לעמפּעלע וואַרפט טריבע שאָטנס,
שטייט אויף אַ וועלט, יענע צײַט...

טויזנטער מײַלן צעשיידן,
פראָנטן צעשיידן און צײַט...

בענקעניש וויפל אין אויגן,
בענקעניש וויפל אין קול —
ווען זי דערמאָנט יענע צײַטן,
ווען זי דערמאָנט דעם אַמאָל...

כ׳זע זי אין רויש פון קאַפּעען,
כ׳זע זיך צעווישן מוזיק.
כ׳זע זי אין טאַנגאָס, אין וואַלסן,
כ׳זע איר פאַרשיכורטן בליק...

— — — — — — — — — — —

אָפּגעמעקט ווערט יעדע גרענעץ
צווישן אַמאָל און דעם הײַנט —
דוכט זיך: מיר זײַנען דאָך נאָענטע,
מערער נאָך, מערער ווי פרײַנד...

כ׳קען זי נישט נאָר דורכן צופאַל,
נישט נאָר פון וואַנדערער־וועג.
כ׳קען זי פון לאַנג שוין, פון לאַנג שוין,
כ׳קען זי פון גליקלעכע טעג — — —

קום איך צוגיין יעדן אָוונט,
קום איך צוגיין יעדן טאָג.
קום איך צוגיין אין קיביטקע
דאָרטן אין געסל בײַם ראָג.

גריס איך: — „גוט ב׳אָוונט דיר, וואַרשע!"
גריס איך: — „גוט ב׳אָוונט דיר, הײם!"
„ס׳ציט מיך דײַן ווײַסע קיביטקע,
„ס׳ציט דײַן קיביטקע פון לײם"...

שמייכלט זי צאַרט און צופרידן:
„גלייבסטו, נישט אַלץ איז שוין אויס?"...

כ׳קוק אויף איר שמייכל פֿאַרשיכורט,
ס׳גלוסט זיך נישט זען דעם פּאָרויס...

ס׳גלוסט זיך פֿאַרגעסן, פֿאַרגעסן...
קען עס געמאָלט זײַן נאָר דאָ...
כ׳ווייס נישט, צי דויערט עס אייביק,
אָדער אַ שעה בלויז, אַ שעה.

גוט אונטער טונקעלע בליקן,
ווײַבלעכע הענט אַזוי צאַרט.
זי אויך — זי קען זיך פֿאַרגעסן,
זי אויך — זי האָט מיך דערוואַרט.

זי אויך — זי קען זיך פֿאַרגעסן...
רעדט זי נישט קיין מאָל פֿון מאָן...
טויזנטער מײַלן צעשיידן,
ס׳איז נאָר דער הײַנט דאָ פֿאַראַן.

ס׳איז נאָר אַ הײַנט אונדז פֿאַרבליבן —
בלוטיק און פֿול מיט קאָשמאַר...
שווער פֿאַר נשמה דער וויי איז,
שווער פֿאַר אַ האַרץ איז דער צער!

ס׳וועט דער אַמאָל דאָך שוין סײַ ווי
קיין מאָל נישט קומען צוריק — — —
איז דאָך אויך גוט כאָטש אַ רגע,
גוט אויך אַ רמז פֿון גליק — — —

ס׳גיט אויך דאָס פֿלעמל פֿון לעמפּל
בלויז אונדז אַ רמז פֿון ליכט.
ס׳לײַכט מיר אַראָפּ נאָר דער שמייכל
פֿון איר פֿאַרחלומט געזיכט.

דוכט: אויף אַן אינדזעלע בין איך,
חרוב מײַן שיף און צעשטערט.
כ׳ווייס נישט, צי וועל איך נאָך קומען,
טרעפֿן אַמאָל צו מײַן ערד — —

איז עס דאָך גוט, וואָס געפונען
האָב איך אויך זי נעבן מיר.
לײַכטער דעם עלנט צו טראָגן,
גרינגער דער ווי נעבן איר.

*

ווער איך בײַ טאָג אויך פֿאַרבעטן
דאָרט אין קיביטקע צו איר.
פּראַווען מיר מאָלצײַטן בײדע
בײַ אַ פֿאַרשלאָסענער טיר.

שײַבלעך, פֿאַרקאָוועט אין קווייטן,
גרייכן ביז פעסטונג פון שניי.
קוים נאָר אַ זונשטראַל פון הימל
קען זיך אַ שפּיל טאָן אין זיי.

ווײַסלען אויף טיש זיך די טעלער,
ווײַסלט זיך כמו „פּאָרצעלאַן".
גאָפּל, און מעסער, און לעפּל
זײַנען בײַ איר אויף פּאַראַן.

פּראַווען מיר ביידע דעם מאָלצײַט,
ממש אַ יום־טובדיק טיש —
כאָטש גאָר אַן ווײַן און אָן חלה,
כאָטש גאָר אָן לאָקשן, אָן פיש.

ס'שמעקט דער „פּשענאַ", ווי, להבדיל,
יויך פון אַ סדר בײַ נאַכט.
און די „ווטאָראָיע" — קאָטלעטן! —
היימיש, מיט פעפער געמאַכט.

קומט אויך צום סוף נאָך אַ „טרעטיע" —
קיכעלעך ווײַסע מיט טיי.
ווייעט מיט ווײַטע קאַפּעען,
שמעקט עס מיט היים מיר פון זיי.

ציט זיך דער מאָלצײַט און ציט זיך.
קומט־אָן דער דעמער, די נאַכט.
רעדט מען, דערמאָנט מען, דערציילט מען
וואָס נאָר מען טרוימט און מען טראַכט...

*

לאַנג איז די נאַכט אין „סבערקאַסע"
(כ'בין דאָרטן „שומר" געווען...) —
זיץ איך בײַם הילכער פון ראַדיאָ,
ברען איך — ס'איז סוף־סוף געשען:

ס'האָבן מיט מזל געעפנט
די אַלײַרטע דעם פראָנט!
ס'האָט דער לאַ־מאַנש זי צעצונדן,
שיפן פון ווײַט און פון נאָנט.

ס'האָט זיך דער ווינטער צעפלאַקערט,
ס'ברענט די פאַרשאָלטענע ערד.
ווערן די חיהשע נעסטן
אין דער נקמה צעשטערט...

קומען די טעג פון נקמה,
זיג ברענגט אַ יעטוועדע שעה.
ס'בלײַבט נאָר דאָס האַרץ אָן נחמה:
היים איז דאָך סײַ ווי נישטאָ...

פוסט אין די שטעט די באַפרײַטע,
פוסטע פון חורבן און רויב.
ייִדן אַוועק אין די אויוונס,
געטאָס אין אַש און אין שטויב...

ס'איז שוין באַפרײַט אויך מײַן וואַרשע,
כ'ווייס שוין דעם טרוי'ריקן סוד...
ס'וואַרטן דאָרט חורבות, נאָר חורבות,
ס'העלפט שוין קיין טײַוול, קיין גאָט...

ווייס איך שוין זיכער, אַז קיינער
איז נישט פאַראַן שוין אַצינד:
האַרציקע מאַמע און שוועסטער,
פרוי און דאָס איינציקע קינד...

גלײַך מיט די אַלע מיליאָנען
זײַנען זיי אויבעט אַוועק — —
ווער האָט געזען די עינויים?
ווער האָט געזען זייער שרעק?

ווער האָט געהערט זייער קללה?
ווער האָט געזען לעצטן גאַנג?
הימל איז טויב און פאַרשטיינערט,
טויב און פאַרשטיינערט פון לאַנג...

*

ציט אונדז אַ מאָל אין די סטעפּעס,
הינטערן ישוב, אין שניי.
טעלעגראַף־סלופּעס זיך ציִען,
ציִען זיך גלײַך אין אַ ריי.

ציִען זיך ווײַט, ווײַט אויף מערב —
דאָרטן, וווּ ס'איז אונדזער היים...
ס'מורמלען די דראָטן און רוישן,
מורמלען און רוישן געהיים.

ס'רוישן, ס'דערציילן די דראָטן
טרויעריקע מעשיות אַ סך.
קלאָר אין דער שטילקייט פון סטעפּעס
ווערט זייער מורמלענדע שפּראַך.

„....דוכט, אַז דאָס שרײַט מען פון דאָרטן,
„ס'רײַסט זיך פון ווײַט אַ געוויין...
„דאָרטן, פון געטאָס, פון געטאָס
„קולות פון גרויס און פון קליין"...

טריב איר געזיכט, אירע אויגן,
ס׳גלאַנצט שטום אַ בריִענדע טרער:
— „דאָרטן... מײַן מאַמע... מײַן מאַמע...
כ׳הער איר געוויין... אָט איך הער״...

ווילט זיך מיר פליגל באַקומען,
פליִען אַהין וואָלט איך גלײַך —
דאָרט, וווּ פון בלוט און פון טרערן
גיסט זיך, אוי גיסט זיך אַ טײַך — — — —

ס׳רוישן, ס׳דערציילן די דראָטן,
ס׳קוקן די סטעפּעס פאַרשטיינט,
טריב איר געזיכט, אירע אויגן,
האָט זי פון צער זיך צעוויינט.

האָב איך פאַר איר נישט קיין טרייסט־וואָרט,
כ׳האָב נאָר אין האַרצן אַ קעלט.
איז דאָך אַ פאָלק אויסגעקוילעט
אָפן, בײַם שײַן פון אַ וועלט!

שטומען די שנייען די קאַלטע,
הימל קוקט שווײַגנדיק צו.
— „כ׳בין אַזוי עלנט, פאַריתומט,
פּונקט ווי פאַריתומט ביסטו״...

שפּרײַזן מיר שטיל און פאַרשלאָסן,
טוליען זיך עלנט אין גאַנג.
אָט דער בית־עולם. פאַרווייעט.
ליגט אַזוי שטום, אַזוי באַנג.

סטעפּיש אויך דאָ אויף בית־עולם.
וויסט. נישט קיין ביימל, קיין קוסט.
בלויז די שטאַכעטן פון פאַרקאַן.
שטילקייט און עלנטקייט. פּוסט!

סטאַרטשען די צלמים און שטערנס.
האַלבע לבֿנהס לעם זיי.

ציִען זיך קראָען אין לופטן,
ציט זיך אַ ריי נאָך אַ ריי.

טראַכט זיך, אַז דאָרטן קיין קברים
קיינעם נישט, קיינעם באַשערט...
הימל געוואָרן פאַרשטיינערט,
גלײַכגילטיק אויכעט די ערד...

*

ביז ס׳איז געקומען אַ פרילינג,
ס׳האָט זיך דער הימל צעהעלט.
ס׳קראַכן די ווענט די בערלינער,
ס׳האָט זיך צעצונדן אַ וועלט!

ס׳גייען אַרמייען פון מערב,
שנײַדן דורך טמאדיק לאַנד;
ציִען זיך לאַוועס פון מזרח,
זייען נקמה און בראַנד...

וואָיען „קאַטיושעס" און האָגלען,
שפּײַען מיט פולווער און בלײַ...
פריילעך געווען איז דער פרילינג,
הערלעך געווען איז דער מײַ...

ס׳קראַכן די ווענט די בערלינער,
ס׳האָט זיך צעזונגען אַ וועלט.
קליין ווי אַ וואָרעם געוואָרן
נעכטיקער בלוטיקער העלד — — —

ביז ס׳איז געקומען אַ טאָג ווען,
ס׳האָט זיך דער ישוב געוועקט.
ס׳יובלען די הילכערס: „נצחון!".
„ס׳האָט זיך דער מבול געענדט!"...

„ס׳ליגט שוין אין אייגענער נאָרע
בלוטיקע חיה דערשטיקט!"...

קומען און טרייסטן די בשורות,
בשורות דורך עטער געשיקט.

קומען־אָן באַנען און ברענגען
זין אַק־בולאַקער צוריק:
קוליעס אויף קוליעס, פּראָטעזן! — —
(ווער ס'האָט געהאַט נאָר דאָס „גליק"...)

קומט מען טאָג־טעגלעך צו „סטאַנציע",
וואַרט מען אויף באַנען פון וועלט...
איז דאָך נישט איינער געבליבן
ערגעץ פאַר קראָען אין פעלד — — —

*

בלאָנקען מיר איין מאָל אין ווײַטקייט
ביידע לענג־אויס פונעם פּלאָנט.
ס'גלעט מיך איר בליק און מיט ליבשאַפט
שטראָמט פון איר צערטלעכער האַנט.

אָפענע ליגן די סטעפּעס.
פרילינג — דאָך גרויקייט אַרום.
ס'גלעט נישט די בליקן קיין גרינקייט.
גרויער בוריאַן אומעטום.

ס'אײַלן זיך פריילעכע צוגן,
אײַלן אין שטעט, וואָס שוין פרײַ.
פאָרט מען צוריק צו די היימען,
אָנהייבן לעבן אויף ס'נײַ.

גריסט מען מיט הענט פון די צוגן,
פאָכען מיר אויכעט צו זיי.
גוט, ווער אַ היים האָט נאָך ערגעץ,
קען מען נאָך שטילן דעם וויי.

זי — ס'איז איר היים ווו געבליבן,
אויכעט איר מאַן און איר קינד.

וואָס זשע איז זי נאָך פֿאַרטרויערט ?
כ'פֿיל אויך איר טרויער אַצינד.

„זעסט ?... וועסט אין גיכן אויך פֿאָרן...
„האָסט דאָך נאָך ווו אַן אַדרעס...
„ווייניק אַזעלכע פֿאַראַנען,
„בענטש זשע דעם ווונדער, דעם נס"...

פֿאַלן אויף מיר אירע בליקן,
קוקן אויף מיר דורך אַ טרער:
— „קענסט נישט די שטיינער, וואָס דריקן.
ס'איז אַזוי שווער, אַזוי שווער...

כ'זע ווי די וועלט ווערט געעפֿנט,
איטלעכן ציט צו זײַן היים.
דאָך... אויב דו ווילסט... כ'וואָלט געבליבן
דאָרט אין קיביטקע פֿון ליים...

כ'גלייב נישט, עס זאָל נאָך אין לעבן
ערגעץ מיר גוט זײַן ווי דאָ.
ס'שרעקט מיך די שעה פֿון צעשיידונג,
ס'שרעקט מיך די גרויזאַמע שעה"...

כ'טוליע מיך פֿעסט צו איר אַקסל,
וואַרעם איר הענטל און שמאָל.
ציִען אין ווײַטעניש צוגן,
רוישן די רעדער אויף שטאָל.

„כ'וויס, אַז עס רעדט אין דיר ליבשאַפֿט.
„כ'בין דיר ווי דאַנקבאַר דערפֿאַר.
„האָסט מיר בײַ דיר אינעם ווינקל
„תמיד פֿאַרלײַכטערט מײַן צער.

„כ'קען אָבער גליק קיינעמס רויבן —
„עמעצער וואַרט דאָך אויף דיר!
„ס'וואַרטן די היימישע ווינקלען,
„ס'וואַרט דיך די היימישע טיר.

„איך... איך וועל וואַנדערן ווײַטער,
„כ׳ווייס נישט צו וועמען, צו וואָס...
„אפשר נישט פול נאָך דער בעכער,
אפשר נישט פול נאָך די מאָס״ — — —

כליפּעט זי שטיל און פאַרשלאָפן,
לאָזט זי אַראָפּ שטום איר בליק.
רוקט זיך פון הימלען דער אָונט,
גייען מיר שווײַגיק צוריק.

בלאָנדזשען מיר ווי דורך אַ חלום,
קומען מיר אָן צו איר טיר.
פּײַנלעך די פרייד איז די לעצטע,
כ׳שפּיר ווי אויך סם טריפט אין מיר...

ס׳ווילט זיך פאַרהאַלטן די רגעס,
ס׳ווילט זיך פאַרהאַלטן די צײַט...
הערסט אין געדאַנק ווי די צונגען
רוישן און לויפן אין ווײַט — — —

*

קומט אַ באַגינען אַ טריבער.
שטיינערנער „סטאַנציע״-פּעראָן.
הילכט שוין פון סטעפּ פונעם גרויען,
רעשיק אַ צוג קומט באַלד אָן.

כ׳העלף איר, דערלאַנג דאָס געפּעק איר,
קוש איר אָן ווערטער די האַנט.
קוקט זי אויף מיר אויך אָן ווערטער,
קוקט זי אויף מיר נאָכאַנאַנד.

לאַנגזאַם עס גליטשט זיך דער צוג אָפּ.
כ׳זע זי פון צווישן פיל קעפּ...
כ׳האָב איר קיין בלומען געגעבן,
ס׳וואַקסן קיין בלומען אין סטעפּ.

כ׳האָב נאָר נשמה געשענקט איר.
כ׳ווייס, אַז דאָס פילט זי דאָך אויך.

ס׳גריסט פון דער ווײַטנס איר הענטל,
ס׳גריסט פון דער ווײַטנס דער רויך — — —

לאַנג בין איך אַלץ נאָך געשטאַנען
אויף דעם פּעראָן דאָרט אַליין —
גלײַך ווי אַ שטומע סטאַטוע,
ווי אַ סטאַטוע פון שטיין...

*

ביז ס׳איז געקומען אַ טאָג ווען —
ס׳טראָגט מיך, אויך מיך טראָגט אַ צוג.
טראָגט מיך — אויף מערב, אויף מערב,
דאָרטן אַריבער דעם בוג.

זײַ מיר געזעגנט, מײַן ישוב,
דאָרט, ווו עס פליסט דער אילעק.
זײַט מיר געזעגנט, איר סטעפּעס,
מײַנע פאַראומערטע טעג!

זײַ מיר געזעגנט, מײַן אינדזל!
גוטע קיביטקע פון ליים...
כ׳האָב אין דײַן שאָטן געפונען
רמז פון פרייד און פון היים...

לאָדזש, 1946—1947

---

פאַרטײַטשונגען

בוריאַן — ווילדגראָז.
קיביטקאַ — אַ ליים־הײַזל.
עלעוואַטאָר — זאַמלפּונקט פון די קאָלכאָז־תבואות, ווו זיי ווערן מעכאַניש געווייעט און גערייניקט.
בוראַן — שטורעמווינט.
בעסטאַרקאַ — תבואה־וואָגן, אין פאָרעם פון אַ קאַסטן.
בראַגאַ — אַזאַ מין קוואַס.
גאָריוטשע — ברען־פליסיקייט פאַר די טראַקטאָרן און קאָמביינען.
אַכשאַ באַר (קאַזאַכיש) — געלט פאַראַן.

פּיאַלאַ — טיי־שעלכל.

סאַמאָסייקאַ — היימיש־פאַרזייטע מאַכאָרקע.

דאָם קאַזיאָנני — מלוכיש הויז.

ראָדאַק (פּויליש) — לאַנדסמאַן.

טרודאָדני — אַרבעטסטעג. אין דעם פאַל: די פאַרדינטע תבואה פאַר די אַרבעטסטעג.

אָטכאָדי — אָפּפאַל פון תבואות.

פּשענאַ — הירזש.

פּלאַצוווקאַ (פּויליש) — פּוילישער פּונקט.

נעטאַ פּאָליאַק — דאָס איז אַ פּאָליאַק.

גרוזינסקי — אין דעם פאַל: גרוזינישער טיי.

גרוזטשיקי — טרעגער־אַרבעטער.

אַק־בולאַק — אַ ראַיאָן־שטאָט הינטער אָרענבורג (טשקאַלאָוו), הינטערן טײַך אוראַל, אויף דער שוועל פון קאַזאַכסטאַן.

אָטרעז — אַ קופּאָן שטאָף אויף אַ מלבוש.

מאָסקאָווסקאַיאַ — אין דעם פאַל: מאָסקווער שנאַפּס.

כאַזײַקאַ — באַלעבאָסטע.

שטשי — אַ באָרשטש.

פּילימעני — קרעפּלעך.

פּערוואָיע — ערשט געריכט, שפּײַז־פּאָרציע.

לאַפּשאַ — גרויסע לאָקשן.

ווטאָראָיע — צווייט געריכט, שפּייז־פּאָרציע.

קאָפּטילקאַ — רויכערדיק לעמפּל, אָן אַ גלעזל.

גאַלאַנקאַ — רוסישע הרובע, פּיעקעליק.

באַכטשאַ — פאַרזייפעלד פון קאַווענעס, דיניעס, קוקורוזע, זונבמלומען אאַז״וו.

קיזיאַק — הייצמיטל אין מיטל־אַזיע, געמאַכט פון בהמיש מיסט.

קיש־מיש — געטריקנטע ווײַנטרויבן.

פּופּײַקאַ — וואַטענע מאַרינאַרקע.

טשײַ באַר? — איז פאַראַן טיי?

פּראָשו — איך בעט, איך פאַרלאַנג.

דיעלאָם — צו דער זאַך, אָן גוזמא.

סאַדיק — אַ גערטל, אַ סקווער.

ניאַצאַן — אַ יינגל, אַ יוגנטלעכער.

טעפּליושקאַ — אַ פראַכט־וואַגאָן מיט אַן אײַוועלע.

וואָיענקאָם — מיליטערישער קאָמיסאַר.

צעבע! — לינקס!

צאָפּ! — רעכטס!

אָמיאַט — תבואה־סטויג.

סטראָי־באַט — סטראָי־באַטאַליאָן, אַרבעט־באַטאַליאָן בעת דער מלחמה.

אַרסק — קריג־אינדוסטריע־צענטער אויף אוראַל בעת דער מלחמה.

## אַ מיידל פון אַשוויענטשים

דו יונגער, גרויער מיידל־קאָפּ!
כ׳הער שעהען לאַנג דײַן שטים.
דערציילסט מיר אַלץ מגילת־פּײַן,
מגילת־אַשוויענטשים.

איך קוק אויף דיר: ווי קומסטו דאָ?
דו ביסט אַ גרויסער נס!
האָסט דאָך געקאָנט ווי אַלע דאָרט
פון לאַנג שוין זײַן אַ מת...

ביסט רויִק איצט. ביסט, דוכט זיך, קאַלט.
פון אויג נאָר שוידער בליצט.
איך קוק דיך אָן: ביסט ווידער שיין.
ס׳איז ווידער פרילינג איצט.

די ליפּן זאָגזאַם אויסגעשמינקט,
די ברעמען־ליניעס דין.
דײַן קלייד, די זאָקן, שיך, דײַן גאַנג —
אין גאַנצן „על־פּי דין".

דערציילסטו לאַנג פון יענער וועלט,
דערציילסט מגילת־פּײַן...
איך הער און הער און זאָג זיך שטיל:
„אַ שאַנד איז מענטש צו זײַן!"...

לאָדזש, 1946

---

דיוואָווא — אַ פּונקט אין ריאַזאַנער געגנט, וווּ ס׳האָט זיך פאָרמירט די פּוילישע קאָס־
ציושקאָ־דיוויזיע.
וואָדאָוואָז — וואַסער־פירער.
באַלקי — ראָוון.
אוריוק — געטריקנטע אַבריקאָזן.
טרעטיע — דריט געריכט, שפּײַז־פּאָרציע.
שבערקאַסאַ — אָפּשפּאָרונג־קאַסע.

## צו פוילן

געווידמעט די קדושים פון קיעלצער פּאָגראָם

פון וואַנען צו אונדז אַזאַ גאַליקע שנאה,
גענערט דאָ בײַ דיר אין דײַן שויס ? —
צו אונדז, אָט די לעצטע פון גאַנצע מיליאָנען —
צו אונדז, וואָס געוועזן און שוין אויס ?

פון וואַנען פאַר אונדז איז דאָס מעסער דאָס בלאַנקע,
וואָס לויערט אויף איטלעכן וועג ?
צי דאָס איז די טרייסט, וואָס מיר קענען געפינען
נאָך געטאָס, נאָך „גאַזיקע" טעג ?

פון וואַנען צו אונדז אַזאַ שוימיקער צאָרן ?
פון וואַנען דער גיפט און דער האָס ?
צי ווייניק נאָך טרערן ? צי ווייניק נאָך קברים ?
וואָס וויל זי, די פינצטערע גאַס ?...

אָ, פוילן ! שוין צו פיל די העלדן פון מעסער
פאַרמיסטיקן איצטער דײַן לאַנד : —
אונדז ברענגען זיי ווידער אַ סדרה פון קברים
און דיר — נאָר בזיון און שאַנד — — —

לאָדזש, 1946

## אַנטקעגן מײַן פענצטער...

אַנטקעגן מײַן פענצטער געוווינט האָט אַ ייִד,
פלעגט קלינגען פון דאָרטן אַ זמר, אַ ליד.

ר'פלעגט פּראַווען שבתים בײַם פריילעכן טיש.
און יין לקידוש, און חלה, און פיש.

אַ מאַמע פלעגט בענטשן די הייליקע ליכט,
נשמה־יתירה אויף יעדנס געזיכט.

ר׳פלעגט פראַוועז די סדר־נעכט מלכותדיק ברייט.
עס האָט זיך אין ווינקעלעך קדושה געשפרייט...

חד־גדיא... געקומען אַ שוחט צוגיין,
געבליבן פון ציגעלעך איז קיין געביין — — —

אַנטקעגן מײַן פענצטער געוווינט האָט אַ ייִד...
איצט קלינגט שוין פון דאָרטן אַן אַנדערנס ליד.

ס׳איז ווידער דאָרט פריילעך, די שטוב פול מיט גלאַנץ.
עס ברענט אַ „כאַנוקע" מיט פלעמלעך אַ קראַנץ:

פון לילאַ, פון גרין און פון בלוי אַ געמיש.
עס שײַנען געזיכטער בײַם קריסטלעכן טיש.

מען לאַכט, און מען עסט, און דער בראָנפן זיך גיסט...
אַנטקעגן מײַן פענצטער איצט וווינט שוין אַ קריסט — — —

לאָדזש, 1947

## יזכור...

יזכור... ס׳איז לאַנג די רשימה, אוי לאַנג!
ווו איז דער אָנהייב און ווו איז דער סוף?
לאַנג ווי די מחנות אין פינצטערן גאַנג —
גאַנג צו דער שחיטה, ווי סטאַדעס פון שאָף.

ס׳וויגן טליתים זיך ווײַסע אין שול.
וויינען די שטומע, די וואַקסענע ליכט.
חלל פון וועלט מיט נשמות איז פול,
מאָנען זיי דין אינעם טאָג פון געריכט — —

יזכור... יריעות, צעוויקלט זיך ברייט!
נעמט די נשמות אין קדושה אַרײַן.
הימלען, דעם פאַרמעט דעם בלויען צעשפרייט,
יעדע נשמה אַ שטערן זאָל זײַן!

יזכור... איר ימים! צעשפּאַלט זיך, פאַרשווינדט.
לאָזט זיי, די טרערן, אַרײַן אין דער מיט!
זאָלן די הייליקע טרערן פון קינד
ווערן פאַר דורות פאַר ווײַטע געהיט! — — — —

לאָדזש, 1947

## עס האָט די ערד...

עס האָט די ערד, גלײַך ווי אַ פּרעכצע זונה, וואָס ווערט קיין מאָל
גאָר נישט זאַט,
מיט הייסן בלוט זיך אָנגעטרונקען אין דער לאַנגער אָרגיע־נאַכט,
און ווידער שמינקט זי זיך מיט רויטקייט פון פּיאָן, מיט גרינקייט
פונעם בלאַט
און שפּרייט זיך, ציט זיך תאוותדיק צו העלער זון, וואָס לאַכט צו
איר און לאַכט.

מיט דערנער־גראָז פאַרוואַקסן שוין די לאַנגע מאַסן־קברים דאָ און דאָרט,
די קרעמאַטאָריע־רויכן לאַנג פון ווינטן שוין צעבלאָזן און פאַרוויט.
נו, פּוצט און שמינקט די ערד זיך ווידער אין איר לײַכטזין אויף
אַיעדן אָרט,
ווי אַן אַלמנה לאָקנדיקע, יונגע, וואָס איר טרויער שנעל פאַרגייט.

זי וויס אַ פּנים, נישט אויף לאַנג וועט דויערן די שלווה אויף איר שויס,
אַז נאָך אַ געגעץ פון דער צײַט — און ווידער וועט צעברויזן זיך אַ וועלט;
און ווידער וועט דער חורבן פליִען, שפּרייטן זיך שטאָט־אײַן, שטאָט־אויס,
און מענטש — דער צלם אלוהים — וועט מיסטיקן מיט בלוט
אַיעדן פעלד — — — —

דזשניקי־זדרוי, יולי 1947

# צום 30סטן יאָרצייט פון מענדעלע מוכר־ספרים

### I. קלוגער „זיידע"

אַ, קלוגער זיידע! ווי געווען איז דאַן דײַן ברכה
אין טעג נסיונותדיקע, גרויליק־שווערע?
פון דײַנע טוניעיאַדעווקעס נאָר אַש געבליבן,
נאָר ציגל, ווענט אָן פענצטער, חורבות לערע.

עס זײַנען דײַנע אייניקלעך אַוועק אין פלאַמען,
געבליבן אין בעזליודעווקע איז קיינער.
דער ראש־הקהל, צי פישקע קרומער — אַלע, אַלע,
פון אַ קהילה קוים געבליבן איינער.

דײַן שקאַפּע אויסגעצויגן הפקר אויף אַ וועג ווי.
עס האָבן איר געביין צעפּיקט די קראָען.
די בויד מיט ספרים לאַנג צעשיט, צעפּליקט אויף פּיצלעך,
די ווינטן טראָגן שימות אינעם וואָיען.

עס בלאָנקעט דײַן ישראליק איצט אויף וויסטע וועגן,
פאַריתומט, קרוע־בלוע און פאַרלאָזן.
אַ יתום אָן אַ היים, אַ יתום צווישן הפקר,
צעווישן האַס, צעווישן פײַנטס ירגזון.

אַ, קלוגער זיידע! וואָס וואָלסטו געקענט איצט זאָגן?
וואָלסטו נאָך איצט געהאַט אַ חוזק־שמייכל?
וואָלסט זיכער איצט בײַ אונדז געוואָרן אַ מקונן,
מיט אַש אויף לענדן אויף אַ וויסטן היכל — —

### II. צום „זיידן"

(קינדער־מאָטיוו)

קינדער! לאָמיר גיין צום „זיידן" —
צו דעם מוכר־ספרים.
ר'האָט אָן אַלטע, בידנע שקאַפּע
און זײַן בויד איז אָרעם.

לאָמיר גיין צום גוטן „זיידן",
קומט זשע, קינדער קליינע!
ר'וועט אונדז געבן מעשה־ביכלעך,
מעשה־ביכלעך שיינע.

פון אַ הערשעלע, אַ שמעלקע,
פון אַ פּישקע קרומען,
פון אַ שלמהלע ר' חיימס... —
צײַטן לאַנג פאַרשוווּמען!

פון אַ בחורל ישראליק
און פון אַ בנימין.
יעדעס ביכל מיט זײַן מעשה,
יעדעס מיט זײַן נאָמען.

קינדער! לאָמיר גיין צום „זיידן",
קומט צו אים אין בײַדל.
בײַ זײַן שקאַפע צופן שקצים
סטרונעס פונעם ווײדל.

ווער עס האָט אַ האַנט, אַ פוס נאָר,
טוט די שקאַפע פלאָגן: —
וועלן מיר די שקצים טרײַבן,
אַלע זיי פאַריאָגן...

לאָדזש, 1947

## אין קינדערהיים

קינדער אין בעטעלעך ווײַסע,
שפּילצײַג צעהאַנגען אויף ווענט.
טאַטעס — אין לאַגערס געשאָכטן,
מאַמעס — אין אויוונס פאַרברענט...

קינדער — פון דערפער, פון קלויסטערס;
קינדער — פון נאָנט און פון ווײַט;

קינדער — פון בונקערס און גריבער;
קינדער — פון בלוטיקער צײַט — — —

קינדער געבראַכטע פון הפקר —
פייגל פון שטורעם צעזייט...
גייען אום פרויען אין ווײַסן
צווישן די בעטלעך גרייט.

גרייט מיט אַ צערטלעכן שמייכל,
גרייט מיט אַ ליבלעכן בליק.
קינדער — מלאכימלעך ווײַסע
טרוימען אין בעטלעך צוריק...

רויק די פּנימלעך ראָזע,
פּנימלעך צאַרטע אין ריי.
לאַכן פון שלאָף — ס'זײַנען זיכער
מאַמעס געקומען צו זיי...

לאַכן זיי גליקלעך צו מאַמעס,
זיס זײַנען מאַמעשע הענט! — — —
קינדער אין בעטלעך ווײַסע,
מאַמעס — אין אויוונס פאַרברענט — — —

וואַרשע, 1948

## אַן אָנדענק

כ'האָב אין דעם וואַנדערוועג מיר מיטגענומען
אַ שטיקל קאַפּל פון מײַן הויז, —
אַ פּיצל קאָפּל פון אַ וויסטן אויוון —
צום אָנדענקען — אַנשטאָט אַ רויז.

איך היט דעם זכר, גלײַך ווי אַ קמיע:
נאָר דאָס געבליבן מײַן פאַרמעג.
כ'קוק אָפּט אין שפּיגל־ווײַסן חורבה־קאָפּל
און זע, און זע די עבר־טעג.

זײַן װײַסער שפּיגלדיקער גלאַנץ דערמאָנט מיר
די ליבע װאַרעמקייט, די פרייד,
די װענט די הײמישע, די דלד אַמות,
איך הער, דוכט, לאַנג־פאַרשטומטע רייד...

פון טיפער, שטילער שפּיגלדיקער װײַסקייט
שטום שמייכלט עמעצער אַרויס: —
געזיכטער נאָענטע און צאַרטע בליקן,
די ליבע שאָטנס פון מײַן הויז.

איך רייד, איך רייד צו זיי און זיי דערציילן,
כ׳פאַרנעם אין עלנט זייער קול...
צעשווימט די װאָר װי אין אַ װײַטן חלום
און ס׳װיגט מיך אײַנעט דער אַמאָל — — —

לאָדזש, 1948

## עלעגיע װעגן גראָדנע

אַ היימישער ניעמאַן, אַ היימישע ברעגעס
מיט הײַזלעך צעװאָרפן אין גרין.
כ׳דערמאָן אײַך אין שטילע, אין אײנזאַמע רגעס.
איר לעבט אין מײַן האַרץ, אין מײַן זין...

די נעכט אויף די ברעגעס איך זע פאַר די אויגן,
די פלעמלעך — װי שטערן צעהעלט.
די בריק אין דער לופט איבער װאַסער פאַרצויגן,
די צוגן, װאָס לויפן אין װעלט — — —

קאַלאָזשע... לאָסאָסנע... דער גרינער גן־עדן
אין שאָטן פון ביימער בײַם טײַך — —
(אַ, װיפל חלומות און זוניקע פריידן
גענומען אין װאַנדער פון אײַך!...)

די רויקע גאַסן, די רויקע ייִדן,
די האַרציקע ייִדישע שטוב — —
אַוועק און נישטאָ מער. אַלץ חרוב, פאַרשניטן,
קיין זכר, קיין קבר, קיין גרוב.

די טעכטער באַחנטע, מיט ביכער, מיט נאָטן,
די מאַמעס פון — „גאָט פון אַברהם" — —
געקומען אויף וועלט איז אַ פינצטערער שטן,
געעפנט אַ בלוטיקן תהום...

אַ היימישער ניעמאַן... געוועזן ביסט אַן עדות
פון שחיטות, פון גרויזאַמע טעג — —
איצט טראָגסטו נאָר טרערן פון קינדער ביז זיידעס,
איצט טראָגסטו נאָר בלוט אין דייַן וועג — — —

לאָדזש, 1948

## מיר וועלן געדענקען...

דעם זכר פון די אויפשטענדלערס
אין וואַרשעווער געטאָ.

מיר וועלן אייַך אייביק געדענקען, גבורי ישראל!
אין היכל פון אומה פאַרבלייַבט אייַער פלאַמיקע פאָן.
כאָטש קליין אין דער צאָל, אָבער גרויס אין דער הייליקער גבורה —
אין קאַמף צווישן חורבות, אויף קראַכנדע ווענט פון בעטאָן.

פון האַס און נקמה געשמידט איז געווען אייַער וואָפן,
פון טויט און פון צאָרן די פליִענדע פלעשער בענזין.
צעשמעטערטע קעפּ פונעם שונא אין ברענענדע טאַנקען
דערפילט האָבן גבורה פון ייִדישע טעכטער און זין.

און איר האָט דערהויבן דעם כבוד פון מענטש און פון אומה.
פאַרשעמט איז געוואָרן די גלייַכגילטיק־שווייַגנדע וועלט...
צעפלאַקערטע געטאָ געוואָרן אַ לייַכטנדער פאַקל
וואָס וועקט און וואָס רופט, און פאַרוואַנדלט דעם שקלאַף אין אַ העלד!

פאַרקלונגען האָט אײַער געראַנגל אין אײביקע צײַטן,
פאַר דורות געוואָרן פאַרחתמעט דער קאַמף און דער מוט.
מען וועט אינעם עתיד צעוויקלען ווי פאַרמעט־יריעות
די פײַער־מגילה פון פײַן, פון נקמה און בלוט...

געוויזן האָט איר, ווי עס שטאַרבן גבורי־ישראל —
ווען ס׳לעבן געוואָרן אַ חוזק פון חיהשן פײַנט...
עס וועט אײַך געדענקען דער ייִד פון באַחרית־הימים,
עס טראָגט אײַך אין האַרץ דער פאַראַבלטער ייִד פונעם הײַנט! — — —

לאָדזש, אַפּריל 1948

## מלכות ישראל

פון וואַרשעװער געטאָ ביז מלכות ישראל —
עס ציט זיך איין ייִדישער פראָנט!
די זעלביקע העלדן, די זעלבע גיבורים,
זיי קומען פון ווײַט און פון נאָנט.

פון דורות פון ווײַטע ביז בלוטיקע טעג איצט —
עס ציט זיך איין גאָלדענע קייט:
בר־כוכבא — צה״ל — אַלץ די זעלבע קנאים
אין הרי יהודה צעשפּרייט.

פון דורות פון ווײַטע ביז אונדזערע צײַטן
דערלאַנגען זיך שונאים די האַנט:
צי מצרי, צי פּלשתי, צי טיטוס, צי המן,
צי היטלערס פון איטלעכן לאַנד.

חזק, זײַט געשטאַרקט, אָ איר קעמפערס ישראלס,
געבענטשט אײַער מוטיקע שווערד! —
ס׳איז קאַמף מיט מײַדאַנעק, מיט גאַז און מיט אויוונס
דער קאַמף פאַר דער ייִדישער ערד!

דאָס לעבן איז שיין אונטער הימל פון תכלת,
עס לאָקט דער כנרת און רייצט, —

דאָך הייליק דער טויט איז פאַר לאַנד און פאַר אומה
און הייליק דאָס בלוט, וואָס עס פלייצט — — —

פון וואַרשעווער געטאָ ביז ירושלים —
עס ציט זיך אײן ייִדישער פּראָנט!
געבענטשט זײַט, איר העלדישע ברידער און שוועסטער,
געבענטשט זײַט פון ווײַט און פון נאָנט!

**לאָדזש,** מײַ 1948

## אויף אָטוואָצקער „ליניע"

סאָסנע־וואַלד. פּאַרקאַנעס. ווילעס.
ייִדיש געווען איז אָטוואָצק.
פול דאָ געווען איז מיט ייִדן,
חסידים פון גער און פון קאָצק.

קאַפּאָטעס, יאַרמולקעס, פּיאות.
שוואַרצקייט מיט גרין אַ געמיש.
פלעגט מען דאָ פּראַווען שבתים,
פּראַווען רבייִשן „טיש".

זמירות, ריקודות, ניגונים
פלעגן פאַרקלינגען העט ווײַט.
פול איז געווען מיט ייִדן
דאָ אין אַמאָליקער צײַט...

*

סאָסנע־וואַלד. פּאַרקאַנעס. ווילעס.
ייִדיש געווען אומעטום.
„וואַכמאַן"... „אַטלאַנטיק"... „איראָפּע"... —
אַלע „פּרעסאַרניעס" אַרום...

„זאַלבערג"... „יעווגעניע"... „זאַכענטאַ"... —
ווינקעלעך אַלע באַקאַנט.

וואַרשעווער געסט... רעדאַקטאָרן...
שרײַבערס... די „פּני" און דער „שמאַנט"...

ייִדישע פּרויען פאַרברוינטע,
טעכטער מיט ייִדישן חן,
פרייד, און געלעכטער, און לידער.
(שווער שוין הײַנט פרייד צו פאַרשטיין...)

דאַנסינגס, און טענץ, און פאַרווײַלונג...
נעכט אַזוי ווײַט שוין, ווי ווײַט...
פול איז געווען מיט ייִדן
דאָ אין אַמאָליקער צײַט...

*

סאָסנע־וואַלד. פאַרקאַנעס. ווילעס.
ס'הייבט זיך פון וואַסער באַלד אָן,
קומט נאָר מיעדזעשין — סיראָטע
זינגט שוין פון אַ פאַטעפאָן.

פאַלעניץ... פול איז מיט עֶמק
דאָ אין דעם זאַמדיקן אָרט.
קלינגט דאָ דאָס ייִדישע לשון,
קלינגט דאָ דאָס ייִדישע וואָרט.

אָט אָ מיכאַלין, יוזעפּוּוו,
שווידער. דאָס טײַכל דערבײַ.
פול איז די פּליאַזשע מיט יוגנט,
מיידלעך צעבליט ווי דער מײַ.

הילכט דאָ דער הילכער פון ראַדיאָ,
טאַנגאָס דורך וואַלד און דורך פליין,
פרייד אויפן זאַמד, אינעם וואַסער.
(שווער שוין הײַנט פרייד צו פאַרשטיין...)

*

פרײַטיק־פֿאַרנאַכטן צעגליטע.
ס׳קומען אָן צוגן אַצינד.
וואַרשעווער ייִדן אויף שבת
פֿאָרן צו ווײַב און צו קינד.

הענגט מען אויף טרעפּ און בופֿאָרן,
זיצט מען אויף דאַך אין דער הויך.
שטויסט מען זיך, שפּאַסט מען — ס׳איז לוסטיק,
שמעקט גאָר ווי בשמים דער רויך.

פֿול אויף די סטאַציעס מיט ווײַבלעך —
וואַרטן פֿאַרשרפּהט, פֿאַרברוינט.
שמייכלען די מאַנען צופֿרידן:
— ס׳קאָסט טאַקע... נאָר ס׳האָט געלוינט...

וואַקסט דער יאַריד בײַ די סטאַציעס
צווישן די זאַמדן און גרין:
שווידער, יוזעפֿוו, מיכאַלין,
פֿאַלעניץ און מיעדזעשין...

*

דופּטיק איז צווישן די סאָסנעס,
הימל גיסט בלויקייט אַראָפּ.
פֿרויען אין זון אויף „לעזשאַקעס"
ברענען די „צערע" זיך אָפּ.

היימיש איז אויף די ווערעאַנדעס.
ס׳שפּיגלט אין גלעזער דער טיי.
„דאַווענט מען" ווי בײַ אַ „פּאָקער",
קלעקט גאָר קיין צײַט נישט פֿאַר זיי.

זיצט מען אויך ווי טיף פֿאַרמוחט
איבערן ברעטל פֿון שאַך.
אָדער אַ ייִד אין אַ קאַפּל
קוקט גאָר אַרײַן אין תנ״ך.

קינדער אין „וואָזקעס" דאָ־דאָרטן,
יונגינקע מאַמעס אין וואַלד.
שטופּן די קינדער באַנאַנעס,
מאַכן די קינדער אַ גוואַלד.

גייען אויך אָן ווי דיספּוטן,
„איזמען" עס ווערן דערמאָנט.
היימיש איז אויף די וועראַנדעס.
שטימען פון ווײַט און פון נאָנט.

דופּטיק איז צווישן די סאָסנעס.
הימל איז בלוי און איז ריין.
זומער־לעב. פרייד און געלעכטער...
(שווער שוין הײַנט פרייד צו פאַרשטיין...)

*

טרויעריק הײַנט אויף דער „ליניע",
צווישן די סאָסנעס אין וואַלד.
אויף די וועראַנדעס קאַלירטע
זעסט נישט קיין יידיש געשטאַלט.

אויס מיט די פרײַטיק־צו־נאַכטסן,
אויס מיט שבתים אַצינד.
אויס מיט די יידישע מאַמעס,
אויס מיטן יידישן קינד...

ס'קלינגט מער קיין יידישער ניגון,
מ'הערט מער קיין היימישן קלאַנג.
עוועס, און מאַניעס, און דאָרעס —
אַלע פאַרברענטע פון לאַנג — — —

שווידער, יוזעפּוו, מיכאַלין,
פאַלעניץ און מיעדזעשין... —
אַלע איין גרויסער בית־עולם,
שטומער בית־עולם אין גרין...

טרויערן סאָסנעס נאָך ייִדן,
ווילעס פאַראָבלט און שטום.
קומט נאָר דער אָוונט — געווײנען
הערט מען פון גרינעם אַרום — — — —

לאָדזש, 1948

## פון בוך: „ווערבעס ביים וואַסער‟

### ווערבעס

פרידן צו אײַך, מײַנע ווערבעס!
איר שטייט נאָך בײַם טײַך ווי אַמאָל.
וואָסערן וויפל פאַרשוווּמען
אָט דאָ אינעם היימישן טאָל.

גרעבער די שטאַמען, די צווײַגן,
און רײַף די גרין־לאָקיקע קעפּ.
איך בין שוין אויך נישט דער זעלבער,
וואָס דאַן אויף דעם אָנהייב פון טרעפּ.

שטייט איר אַזוי זיך בײַם וואַסער
און וועט אַזוי יאָרן נאָך שטיין.
הימל פון אויבן, פון אונטן,
ווי טײַך אײַער חלום איז ריין.

קומען די פרילינגס, די זומערס —
פאַר אײַך און פאַר אײַערער פרייד.
איך נאָר... עס האָט נישט איין טרויער
די פרילינגען מײַנע פאַרוויט.

וועט מיר באַשערט זײַן צו קומען
מיט לאָקן מיט גרויע צו אײַך —
ווערבעס! איר וועט נאָך דאַן גרינען
און בליִען בײַם היימישן טײַך.

װעל איך פֿאַרשליסן די אויגן,
אין הימישער ערד מיד פֿאַרגײן —
װערבעס! אין האַרבסט־נעכט און רעגן
דערמאָנט מיך אין אײַער געװײן — — —

װאַרשע, 1931

## מײַן הײם פֿון אַמאָל

אַ הײַפֿעלע הילצערנע כאַטקעס אין ערגעץ אַ טאָל —
דאָס איז זי, מײַן אָרעמע ליטװישע הײם פֿון אַמאָל.

אַ צערקװע, אַ קאָשציאָל, זײ סטאַרטשען פֿון דעכער אַרױס.
נאָך קלענער, נאָך ניד׳ריקער דריקט זיך אַ הױז צו אַ הױז.

אַ לאָנקע, װוּ ס׳פּאַשען זיך קי און געפּענטעטע פֿערד,
און בײטן קאַרטאָפּל אױף פֿרישער, אױף פֿעד־שװאַרצער ערד.

און פֿעלדער פֿון גריקע, פֿון לײַן און פֿון קאָרן און װײץ;
אַ װעלדל בעריאָזקעס, און זאַמדיקע בערגלעך פֿול רײץ.

אַ טײַכל, װאָס בלאָנדזשעט און װאַנדערט דורך פֿעלד און דורך װעג,
עס מורמלט און נישטערט, און קײן מאָל געפֿינט עס קײן ברעג.

אַ הײַפֿעלע הילצערנע כאַטקעס ליגט תּמיד פֿאַר מיר —
צי זומער אין גרינקײט, צי װינטער אין שנײיִקן ציר.

צי כ׳װאַנדער אױף פֿעלדזן, דורך זוניקע שטעט, צי דורך ים;
אין רױכיקע קנײַפּעס; אין פֿרײד, צי בײַם בעכער פֿון סם... —

מײַן הײם זע איך שטענדיק — די הילצערנע הײַזלעך אין טאָל,
מײַן אָרעמע ליטװישע הײם פֿון אַמאָל, פֿון אַמאָל...

װאַרשע, 1932

## אויף מיין טאַטנס געסלעך

אויף מײַן טאַטנס שטילע געסלעך האָב איך איצט נישט קיינעם,
די הײַזלעך ווערן טונקעלער פון יאָר צו יאָר;
ס'בלאָנדזשען דאָרט אַרום מיט טלית־זעק גרײַז־גרויע זקנים —
די לעצטע, לעצטע שאָטנס פון מײַן טאַטנס דור.

אויף מײַן טאַטנס קליינע געסלעך רוט אַ מרה־שחורה,
עס בײַטן זיך די גייערס אויפן קרומען ברוק.
אין בית־מדרש זײַנען אַנד'רע עולה צו דער תורה —
אַלץ נײַע פּנימער און פרעמדע אויפן קוק.

ס'זײַנען מײַנע „חדר"־פרײַנד צעשפּרייט ווו איבער ימען:
ווער ס'איז אַ שרײַפעלע אין ניו־יאָרקס טרײַבמאַשין,
ווער ס'איז „אונטערצינדער" ווו פון „רעוואָלוציע־פלאַמען"
און ווער פאַריאָגט פון גורל איז ווער ווייסט וווהין.

אויף מײַן טאַטנס שטילע געסלעך האָב איך איצט נישט קיינעם,
חוץ ליבע סטעזשקעלעך און וועגן, באַרג און וואַלד.
זוך איך נאָר מײַן עבר דאָרט, איך זוך אים און באַוויין אים,
און — „יזכור!"... — זינגט מיר נאָך אַן אומזעבאַר געשטאַלט...

וואַרשע, 1938

## מיין באָבעס קרעטשמע

מײַן באָבעס קרעטשמע בײַ אַ ליטוויש דערפל קליין און גרוי.
אַ כאַטע הילצערנע, פאַרטונקלטע פון רעגנס, שניי.
די שײַבלעך פלעגן פרי זיך אויסלעשן אין אָוונט־שעה,
באַגינען פלעגט שוין אויפוועקן פון האָן דער ערשטער קריי.

פון פויערים אין „סערמיגעס" פלעגט רודערן אין שטוב.
ס'פלעגט וויקלען זיך אַ ליולקע־רויך פון ביטערן טיטון.
ה'ער ברענגען פלעגט פאַרקניהגען אַ קערצל קאָרן, ווייץ,
און ווער אַן אייגן אויסגעכאַליעטע און פעטע הון.

די באָבע פּלעגט מכבד זײַן מיט „פּערציקער" די געסט,
מיט הערינג „מילכיקן" אין קילן עסיק צום פֿאַרבײַס.
און פּלעגט זיך ווײַזן ווען אַן אורח ייִדישער פֿון שטאָט —
אים פּלעגט זי באַלד מהנה זײַן מיט זויערמילך ווי אײַז.

אַ קאַרגער וויאָרסט פֿון קרעטשמע רוישן פּלעגט אַ וואַסערמיל.
בײַ טאָג, בײַ נאַכט — ס'פּלעגט שטענדיק דרייען זיך דער וואַסער־ראָד.
עס פּלעגן לאַנגע „דראַבעס" אָנגעפּאַקט מיט זעקלעך מעל
אַן אָפּרו בײַ דער קרעטשמע מאַכן אויפֿן וועג צו שטאָט.

דאַן פּלעגט פֿון „ווײַסע" לײַט דער באָבעס קרעטשמע ווערן פֿול.
צי זומער, ווינטער — ס'פּלעגט דאָרט רודערן ווי אַ יאַריד.
בלויז אין ימים־נוראים פּלעגט די קרעטשמע ווערן פּוסט:
דאַן פּלעגט מײַן באָבעס הויזגעזינד אַוועק צו שטאָט און ייִד...

וואַרשע, 1937

## אַ האַרבסט־פּייזאַזש

עס ליגן פּעלדער נאַקעטע, שוין דאָ און דאָרט פֿאַראַקערטע.
אַ נעפּל — זילבער־לײַלעכער — אין טאָל צעשפּרייט זיך ברייט.
פֿאַרלייגט פֿול אַלע שײַערן מיט סנאָפּעס ניט־געדראָשענע.
אין גאָרטנס קירבעס בײַכיקע זיך געלבן פֿונעם בייט.

פֿון הינטער די געפּלאָכטענע פֿאַרשימלט־גרינע פֿאַרקאָנדלעך
שטום ווינקען אַסטערס קוסטעסווײַז מיט שמייכלעך בלוי און העל.
עס שפּרינגען פֿערד געפּענטעטע אויף לאָנקע אויף באַגראָזיקטער.
אַ פּאַסטעך אויף אַ ווערבע־פֿײַפֿל טרילערט טרעל נאָך טרעל.

עס קרייען יונגע הענער שוין, דערוואַקסן שוין און האָפּערדיק;
זיי יאָגן זיך אויף וועג אַרום מיט גלײַק־רויטן קאַם.
אַ פֿערדל ציט אַ גאַנצן באַרג — אַ וואָגן קאָנישינע פֿול, —
צעשפּרייט עס ריחות דופּטיקע, וואָס זײַנען מלא טעם.

אין סאָד נאָך הענגען עפּל פּיל — ראַנעטן געלבלעך־באַקיקע;
מיט קופּעס אויבסט איז אָנגעפּילט דאָס שטרויענע געצעלט.

אַ ייִד גייט־אום אַ בערדיקער, אין טלית־תפילין אָנגעגורט.
אַט האָט ער בײַ אַן אַלטן בוים שמונה־עשרה זיך געשטעלט.

ווארשע, 1937

## מיין היים

מייַן היים! ביסט איצט מחיה מתים
וואָס אָפּגעשטאָרבן לאַנג אין מיר.
ס׳קומט אָפּט דער טויט אין מיר — ווער ווייס אים
דורך וועלכן טויער, וועלכע טיר.

ר׳טויט־אָפּ וואָס כ׳האָב אַמאָל געקליבן
און אָנגעזאַמלט אין מײַן האַרץ.
ס׳איז בלויז דער הויך אין טיף געבליבן
פון זײַנע פליגל פינצטער־שוואַרץ.

איצט גיי איך, היים, אויף דײַנע וועגן
און זאַמל, זאַמל אויף דאָס נײַ, —
כאָטש כ׳ווייס: ס׳איז אויף פאַר זײַנעטוועגן.
ער וועט פאַרלעשן סײַ ווי סײַ!

כ׳טרינק זון, כ׳טרינק גאָלד פון דער לבנה,
איך נעם מיר אָן מיט פעלד און זאַנג!
נאָר כ׳ווייס: קיין גאָט און קיין מאַדאָנע
וועט שיצן עס פון אונטערגאַנג — — —

1928

## זון אויף דעכער

אויף שוואַרצע דעכער פאַלן שמייכלען גאָלדענע פון זון
דאָ־דאָרט פון גרויע ווענט אַ שויב טוט העל אַ בליץ, אַ לאַך.
די אַלטע ליפּע אויפן מיטן הויף — אַ נס! — זי גרינט!
האָט איבער נאַכט צעוויקלט יונגע בלעטעלעך אַ סך.

ווי שומרים היטן זי שטאַכעטן אײַזערנע אַרום —
אַ צאַם פאַר שטייק, אַספאַלט און פאַר בעטאָן, פאַר שטאָט אַ צאַם.
דערמאָנט זי דאָ יאָר־אײַן, יאָר־אויס די מענטשן פון די ווענט,
אַז ערגעץ בליט אַ וועלט, אַז ערגעץ רוישט אַ וואַלד, אַ ים...

עס פראַלן־אויף זיך תפיסה־פענצטער פאַר דער ווײַסער זון.
אַ יונגפרוי, ווי אַ נאָנע בלאַס, דערשײַנט אויף אַ באַלקאָן.
און אויבן, פון אַ דאַך־קאַרניז, אַ שוועלבל שרײַט און רופט:
„ווער לויפט מיט מיר אין פעלד אַוועק פון אײַזן און בעטאָן?"

וואַרשע, 1938

# דורך שלייערן

איך קוק אויף אַלץ פון ווײַט דורך שלייערן און פריזמען —
כ'האָב פײַנט די פאַרב די אמתע פון גרויער וועלט.
פיל רײַכער די נשמה, גלייבעוודיקער איז מען,
ווען אָפגעשיידט און ווײַט מען בויט זיך אַ געצעלט.

און וויל איך — קוקן ווי פּאַלאַצן אויס רוינען,
און וויל איך — שפּילן כּישוף־פאַרבן אין אַ טרער.
אין יאָמער הער איך זיגער־שפּיל אויף טאַמבורינען,
אין שקלאַף דערזע איך גאָר דעם צוקונפטיקן הער...

וואַרשע, 1937

# דאָס געזאַנג פון פרייד

(סאָנעט)

ס'איז פעלדזיק־שווער דײַן דריקנדיקע משא, גרויזאַמער שיקזאַל!
דאָך כ'בייג מײַן רוקן קיין מאָל נישט צו דר'ערד, איך פאַל נישט מיד.
מיך נערט אַ גרויסע פרייד — אַ קוואַל, וואָס תמיד רוישט און זידט.
כ'פאַרזינג אַיעדע זילבער־האָר, וואָס טוט שוין ווען פון קאָפּ אַ שטראַל.

זײַ חורבן אויף מײַן וועג! מיט שוואַרצן טויט דו פינצטער אין דער מיט —
אומזיסט! מיך וועסטו נישט באַצווינגען, שטאָלענער שיקזאַל!
עס קלעקט מיר פרייד אויף טרויער־טעג — אַן אוצר פרייד, אַ שלל!
צווישן טויטע שאַרבנס קען איך זינגען אויף מײַן לעבנס־ליד.

כ׳וועל לעבן אין געזאַנג און — קומט יענץ רגע — אויסגיין אויך אַזוי.
עס טרינקט זיך דאָך אַ וועלט אַ גאַנצע אין געזאַנג און קלאַנג.
עס זינגט דאָך יעדער ביימל, גרעזעלע, ס׳זינגט יעדע זאַנג.

ס׳איז אויך אויף מיר געפאַלן הימלס פרישער, זאַלבנדיקער טוי,
און ס׳זינגט פון מיר אַרויס אין כאָר דער הימל און די ערד,
און ס׳איז אַפילו שטאַרבנדיק צו זינגען מיר באַשערט! — — — —

וואַרשע, 1928

## הימען

דו מאָרגן־זון! פאַרכליניעט לויף איך אום פעלד־אויס, פעלד־אײַן
פון דײַן צעפלאָסן גאָלד, וואָס גיסט זיך פון דער הויכער הויך.
הײַנט האָב איך ליב די גאַנצע וועלט, איך קוש הײַנט יעדן שטיין,
כ׳האָב ליב אַלץ, וואָס עס לעבט און בליט, כ׳האָב ליב — די מענטשן אויך...

איך וואַרף פון האַנט דעם גליווער־קאַלטן בעכער סם אַוועק,
וואָס מײַנע ליפּן האָבן שוין אָט־אָט שיִער נישט באַרירט...
צום טײַוול! וואָס זשע טויג עס מיר דער שוואַרצער קבר־דעק,
ווי גוף אַ מאָלצײַט פאַר די ווערעם און נשמה פרירט?...

דו מאָרגן־זון! הײַנט שליס איך מיט דער וועלט אַ נײַעם בונד.
איך בלײַב, איך בלײַב נאָך אויף דער ערד, ווי דו ביסט, זון, פאַראַן!
עס ציט צו דיר דאָך יעדער ווערעמל פון ימים־גרונט,
צי פון יבשה, ווו עס קען נאָר טאָן איין־איינציק שפּאַן...

כ׳וועל בענטשן דיך צוזאַמען הײַנט מיט שמעטערלינג און בין,
וואָס זינגען־אויס פאַרשיכורטע אַ הימען צו דײַן ליכט.
דו מאָרגן־זון! האָסט הײַנט פאַרכליניעט מיר מײַן האַרץ, מײַן זין.
הײַנט פריי איך זיך צוזאַמען מיט „גאָטס קיִעלע“, וואָס קריכט — —

1931

## אונטער קלאָרן שניי...

אונטער קלאָרן שניי ליגט היינט די גרויסע שטאָט,
די גרויע חורבה ווי דער מאַרמאָר־שלאָס.
ס׳האַלט שוין מן הסתם פון גלייַכקייט היינט אויך גאָט:
ס׳איז ווייס פאַר קנעכט ווי פאַר דעם באַלעבאָס...

ליגן גאַסן, גאַסן אויסגעצירט אין ווייס
און קיינער זעט נישט היינט די שוואַרצע נויט.
אפשר האָבן היינט אויך אַלע מענטשן שפּייז
און קינדער אָרעמע צו זעט דאָס ברויט?...

אונטער קלאָרן שניי ליגט היינט די גרויסע שטאָט,
אַ ווייסע וועלט איז היינט פאַר אָרעם, רייַך.
ס׳שיט מיט ווייסע שטערן היינט אויף אַלע גאַט,
אויף טראָטואַרס, גראָנאָסטייַ — אויף אַלע גלייַך...

וואַרשע, 1935

## צווישן טאַנגאָס

צעווישן טאַנגאָס זיסלעכע, סענטימענטאַלע,
וווּ פּאָרלעך וויגן זיך אין טאַנץ גאַלאַנט —
ס׳איז גוט פאַרגעסן זיך אַזוי און זיין ווי אַלע,
נישט זיצן איינזאַם ביי אַ טישל לעם דער וואַנט.

פאַרנייג זיך אויך דיין שיינער שכנטע דערנעבן
און דריי זיך אויך אַוועק מיט איר אין שטילן טאַנץ. —
טאַנץ, טאַנץ... ס׳קען אויך דער קלענסטער צופאַל גליק דיר געבן,
אַפילו, דוכט, אַט צווישן מענטשנס פוסטן גלאַנץ.

צעווישן טאַנגאָס זיסלעכע, סענטימענטאַלע,
ווען שמייכלען רייצן דיך, ווען אויגן זאָגן־צו — —
נישט אַלע קענען זיין ווי דו — זיי דו ווי אַלע.
די פרייד איז אַזוי פשוט — פשוט זיי אויך דו — —

וואַרשע, 1935

## רעגן

עס איז דער טאָג אין טרערן הײַנט געבוירן.
זײַן קאָפּ אין אַש, אין גרויען אַש.
גיסט עס הײַנט אַ גאַנצינקן פרימאָרגן.
גלאַנצן אונטן קאַלט שוין אויסגעוויינטע שטיינער.
שוידערן פון טראָפּעלעך די וואַסערלעך אין גאַס.

עס איז דער טאָג אין טרערן הײַנט געבוירן.
גיסט עס הײַנט אַזוי... זי וועט נישט קומען...
עס האָט נישט ליב איר שיכעלע קיין נאַסן שטיין,
איר באַק — קיין הימל־טרער...
איר שטיבל ווײַט, דורך גאַסן, ווײַטע גאַסן.
זי בליקט מסתּם צו פֿײַכטער שויב
און קרימט זיך: „גיין...
איך וועל נישט גיין..."
און לאָזט אַליין —
און לאָזט מיך דאָ אַליין — — —

עס איז דער טאָג אין טרערן הײַנט געבוירן.
שטיי איך שעהען־לאַנג בײַם קאַלטן פענצטער.
דאָרט אונטן אײַלן מעשה־שטן מיידל־שאָטנס.
טריטלעך... טריטלעך... איינס, און צוויי, און דרײַ...
טריפּ־טראָפּ, טריפּ־טראָפּ...
פון אויבן שירעמס וויגן זיך — אַ רעטעניש: נו, טרעף... —
אַך זי?... ביין, ביין!
אומזיסט! זי וועט נישט גיין...

זינג איך מיר אַ לידעלע אָן ווערטער.
איך זינג־אַרויס אין כמאַרעדיקער גרויקייט
פון מיידעלעך, וואָס לאָזן שעהען וואַרטן,
פון שיכעלעך, וואָס לײַדן נישט ווען גאַס איז נאַס,
פון בעקעלעך, וואָס דולדן נישט קיין הימל־טרערן — —

עס איז דער טאָג אין טרערן הײַנט געבוירן.
עס ברענט מײַן האַרץ אין זײַנע סנהיק־ווײַסע פלאַמען

און וויל נישט אונטערגעבן זיך דעם זינען:
„זי וועט דאָך זיכער שוין נישט קומען"...

1928

## פּאַריזער מאָטיוון

### 1. אויף שטילן סען...

אויף שטילן סען פֿאַרחלומט שווימט דאָס בלויע שיפֿל,
ווי אַ לונאַטיקער, וואָס בלאָנדזשעט אום פֿאַרטראַכט.
אין טיפֿקייט — פֿײַערן, ווי גאָלדענע חלומות.
פֿון בײדע ברעגן שאַלט און רוישט: פֿאַריזער נאַכט!

עס גליטשט דאָס שיפֿל זיך דורך טונקלקייט פֿון בריקן.
פֿון אויבן וואַרפֿט מיט שטראַלן אַלעקסאַנדער־בריק.
סען־קלו. אַ מינאַרעט. אַט פֿינצטערט וואַלד בולאָנער.
עס שוועבן אויפֿן ברעג די אויטאָס הין־צוריק.

אויף שטילן סען פֿאַרחלומט שווימט דאָס בלויע שיפֿל,
און ערגעץ בלײַבט עס שטיין — אַ רוישיקע קאַפֿע.
אַ דזשאַז, און ווײַן, און טענץ... צעהוליעטע געמיטער.
ציגײַנער־קינסטלער, צי אַפּאַשן —כ'בלײַב מיט זיי!

### 2. העי, גאַרסאָן...

העי, גאַרסאָן! צוויי ווײַן פֿאַר מיר און פֿאַר מײַן דאַמע.
העלער, ראָזער זאָל צעפֿלאַמען זיך די לוסט!
שיכור בין איך אין דער שטאָט פֿון טויזנט פֿריידן, —
כ'האָב נאָך פֿון אַ פֿרייד אַזעלכער נישט געוווּסט.

ס'ברויזט די פֿרייד פֿון בונט־צעפֿלאַקערטע בולוואַרן.
ס'זינגט און יובלט יום־טובדיק פֿאַריזער נאַכט.
ס'רוימט מײַן דאַמע מיר: „שערי" און קושט אין אויער,
און זי האָט די לוסט אין מיר אַרײַנגעלאַכט.

העי, גאַרסאָן! צוויי ווײַן! שוין ווידער לער די גלעזלעך.
ס׳גאַרט פאַרטרינקען זיך מײַן צפונדיק געמיט.
הײַנט, מײַן דאַמע, טרינקען מיר ביז גרוי באַגינען,
ביז פײַערן מאָנמאַרטערס בלאָס און מיד — —

3. ווערסײַל

די הערשער ליגן אין מוזייען,
אין סאַרקאָפאַגן שטאַר און שטום;
אין טויטן מאַרמאָר גאַנצע רייען
זיי רינגלען דאָ די ווענט אַרום.

די לודוויק־קייט, צי באָנאַפּאַרטע —
נאָך ווערן שאַנד, נאָך ווערן לויב... —
די זין פון מאַרס און פון אַסטאַרטע,
עס רוט אויף אַלץ פון צײַט דער שטויב.

אין לײַוונטס פון רובענס געבליבן
די קרוינען און די ריטער־שווערד.
עס האָט די צײַט שוין אַלץ פאַרריבן,
דעם עבר נאָר דאָס אַלץ געהערט.

מען קומט דאָ איצטער ווי פּילגרימען
פון יעדן פאָלק, פון יעדן לאַנד.
איצט הערט מען קלינגען פרײַהייט־שטימען.
ס׳איז סצעפּטער — ראָסט און טויט זײַן האַנט...

איצט טרעט דאָס פאָלק אין שלאָס־אַלייען.
די סטאַטון ליגן שטום צעשפּרייט.
עס ציִען מענטשן, מענטשן גייען.
עס קומט אַ דור, אַ דור פאַרגייט.

פּאַריז, 1929

# אין אַ דאָרף

ס׳איז צעשוווּמען די שטאָט ווי אַ חלום אַ וויסטער
פון אַ שוואַרצער, קאַשמאַרפולער האַרבסטיקער נאַכט.
ווערט געבוירן אַ טאָג פול מיט יונג־בלוט און שמייכלען
און אַ זון אין דער דאָרפישקייט הויך זיך צעלאַכט.

דרינגט אַן אור־פרייד אין האַרץ, פרייד פון תחית־המתים.
רופט דער זומער און צאַפּלט אין קריי פונעם האָן.
ווערסטו ממש פאַרכאַפּט פון די סטאַדעס אין לאָנקע.
גלײַך ווי ס׳הייבט זיך פון בראשית דײַן לעבן איצט אָן.

ס׳ליגן הויפנס פון פרייד אויף די דאָרפישע וועגן,
אויף די מאָך־גרינע בריקלעך פון פעלדערשן טײַך.
ס׳איז די הייליקסטע רו אויפן זאַמד פונעם בערגל,
בשעת ווינטמיל דיך גריסט מיט זײַן פליגלשן שלײַך.

עס ווערט פעלדזיק דײַן גוף פונעם דאָרפישן שוואַרצברויט.
עס ווערט גלויביק נשמה פון העל־בלאָנדע צעפּ.
גלײַך ווי ס׳הייבט זיך דײַן ליבע ערשט אָן פון בראשית,
ווערסטו שיכור פון בלויקייט, ווערסט פרײַ ווי דער סטעפּ — — —

1935

# האָרבסט

1. אַזוי אומעטיק שטאַרבט הײַנט...

אַזוי אומעטיק שטאַרבט הײַנט דער שמייכלענדער טאָג,
ווי אַ גוססדיק קינד זײַנע אויגן פאַרמאַכט.
ס׳איז די שקיעה — אַ פלאַמיקע ברכה דער ערד,
אויף די גאָלדענע ביימער פאַלט ראַש אָן די נאַכט.

אַזוי שטיל גייט אַוועק הײַנט דער צערטלעכער טאָג,
מיט די דופטן די לעצטע פון לאָנקע און פעלד.
שטערן קאַלטע זיך צינדן אין הימל באַלד אָן,
גלײַך ווי אָבל־ליכט בלייכע צוקאָפּנס פון וועלט...

### .2 האַרבסט־קאַשמאַרן

אַ נאַכט אַ בלינדע פון קאַשמאַרן.
עס האָט אין גרויל פאַרוויגט דער וואַלד.
מיר האָט געטרוימט: איך ליג אין קבר.
עס פויזשען ווערעם פויל און קאַלט.

בליצט דורך אין שאַרבן: ס'איז געווען, דוכט,
אַ הימל ערגעץ און אַ זון...
נאָר וווּ און ווען?... דער פוסטער שאַרבן
פאַרגעסן האָט שוין לאַנג דערפון — — —

### .3 אַזוי פיל געלע בלעטער...

אַזוי פיל געלע בלעטער הײַנט אויף יעדן טריט,
ווי פרישע, יונגע קברימלעך צעזייט, צעשפּרייט.
ס'זאָגט קדיש שטיל דער ווינט נאָך אַלץ, וואָס אָפּגעבליט;
נאָך אַלץ, וואָס יונג און שיין געווען און פאַרגייט.

אַזוי פיל קראָען הײַנט זיך ציִען אין דער הויך,
ווי כמאַרעס פינצטערע אַריבער וועג און שטעג.
דאָס קומט איצט אין דער לופטן די לוויה פאַר
פון אַלע שענסטע, העלסטע זומערדיקע טעג — — —

שווידער, 1935

## ווײַסע שטערן

עס שיט און שיט דער הימל הײַנט מיט ווײַסע, ווײַסע שטערן
פון פולער האַנט!
אויף דאַך און גאַס, אויף סקווער, בולוואַר, אויף בוים און אויף לאַמטערן
ר'שיט נאָכאַנאַנד.

אַ ווײַסע שטאָט! אויף געסלעך אָרעמע אין שוואַנען־קליידער —
די נויט בלאַנקט אויך...
עס שיט מיט פרייד דער הימל... ווײַסע שטערן־נעץ כסדר
פאַלט פון דער הויך — —

יאַנואַר, 1934

## עלעגיע

און וועסטו זיך אומקוקן ווען אויף די יאָרן די פריִע, פאַרלאָפענע,
און וועסטו אַ בלעטער־טאָן ווען אין אַ פרילינג דאָס בוך אויף צוריק, —
דאַן וועסטו דערזען וויפל זוניקע טעג גאָר אַזוי זיך פאַרשלאָפענע,
אין בוך גאַנצע בלעטער אין בלויזן! אין ווילדקרויט די שטעגן פון גליק.

און בייטן זיך ציִען און ציִען פאַרגעסן, נאָך גאָר נישט צעאַקערטע,
און בלומען אין גאָרטן פאַרוויאַנעטע: ס'האָט זיי די האַנט נישט געפליקט;
און אויפגאַנגס אין מזרח צעפלאָסענע, שקיעהס אין מערב צעפלאַקערטע —
פאַרבלייכט און פאַרגאַנגען און ס'האָט גאָר דאָס אויג זייער פלאַם
נישט געבליקט...

דאַן לויפן וועסטו אין די גאַסן, בולוואַרן, פון בענקשאַפט געטריבענער,
ס'וועט צופאַלן ס'האַרץ דײַנס צו צאַרטע, צו דראָבנע יונגפרויִשע טריט.
נאָר זײַן וועסטו דאַן ווי אַן עלנטער דאָרן אין האַרבסט אַ געבליבענער,
וואָס האָט על־פי נס אויף אַ טאָג זיך אין קעלט און אין רעגן צעבליט.

די מיידלעך, זיי וועלן פאַרבײַגיין מיט רייץ פון די קערפערס די זינגענדע,
מיט דופט און מיט שיכרות פון פרילינגדיק־גליִענדן צוואַנציקסטן יאָר...
און טרויעריקער ווערן וועט דיר פון די שטימען די יונגע און קלינגענדע,
און שפּירן וועסטו אויף דײַן קאָפּ דאַן דעם זילבערנעם פראָסט
אין די האָר — — — —

1928

## אַ פּרעלוד

פאַראַן נאָך רגעס הייליקע און שטילע,
ווען ס'איז נשמה פול מיט פרום געזאַנג;
עס פליסן ווערטער, פלעכטן זיך אין תפילה,
צו שקיעה־הימלען טראָגט זיך קלאַנג נאָך קלאַנג.

פאַראַן נאָך רגעס, ווען פון אַלץ ווערט חלום,
ווען ערד און הימל זײַנען בײדע גלײַך, —
דאַן מאַכט אַפילו טויט מיט לעבן שלום: —
דאָס איז דער מוזעס בלויע קיניגרײַך — — —

1937

## נאָמבערגס לוויה

גייט אַ לוויה דורך גאַסן פון שטאָט,
ציט זיך פּאַמעלעך, און הייליק, און שטיל.
קרענץ... כריזאַנטעמעס תכריכימדיק ווײַס...
גייט אַ לוויה צום לעצטן אַזיל...

ציט אַ לוויה דורך גאַסן פון שטאָט.
קאַלט איז דער הימל, פאַרשנייט איז די ערד.
וואַרט שוין זײַן קבר — נירוואַנאַ און רו...
אייביקייט־וועלטן, זיי ווערן צעשטערט...

טראָגן דעם טרויער נאָך הערצער אַ ים —
ווי נאָכן אָרון אַ לעצטן באַלוין.
גייט אַ לוויה דורך גאַסן פון שטאָט,
טראָגט אים נאָך מאַסע זײַן גאָלדענע קרוין.

מערן זיך קברים בײַ פּרצעס זײַט.
רײַסן זיך רינגען פון גאָלדענער קייט...
טריב ווערט אין היכל פון יידישן וואָרט.
שטערן נאָך שטערן אין טרויער פאַרגייט — — —

וואַרשע, 1927

## מעמענטאָ מאָרי!

(סאָנעט)

כ׳האָב פּײַנט די גרויסע שטאָט פון פּופציק טויטן יעדן טאָג.
אַז ווי דו גייסט, באַגעגנסטו עגלות דאָרט און דאָ.
מען גוססט גאָר אָן פּויזעס דאָ, מען שטאַרבט דאָ יעדע שעה.
כ׳האָב פּײַנט די גרויסע שטאָט פון פּופציק טויטן אַלע טאָג.

אָט נענטערט זיך צו דיר מוזיק: שאָפּענס אַקאָרדן־קלאָג.
אַ קאַראַוואַן: אַ „יחוס"־טויט. געזיכטער שטײַף און גראָ.
אַ צווייטע גאַס — לוויה־טריט. מוזיק איז שוין נישטאָ:
„פלעבייער"־טויט. בלויז עפּעס דאָרט אַ מאַמעס אַ „פּאַרמאָג".

גאַס־אײַן, גאַס־אויס. דער צוג פון טויט, ער ציט זיך אומעטום
און לאָזט דיך נישט פאַרגעסן פון דעם מעשהלע דעם סוף,
אַז ערגעץ איז אַ חלף דאָ, וואָס קוילעט־אויס די שאָף.

דו קוקסט און ציילסט: איינס, צוויי און דרײַ... און זעקס... דו זעסט אַרום

אַבלים בלויז, מלווים בלויז, געזונקען טיף די קעפּ.
און ווו דו זאָלסט נישט גיין און שטיין — נאָר קרעפּ, נאָר קרעפּ,
נאָר קרעפּ — — —

וואַרשע, 1936

## צום דיקטער — מענטש

און אַז דײַן נאָמען זײַן וועט צווישן די אומשטערבלעכע —
איז וואָס דערפון?
דאָס זעלבע בערגעלע, די זעלבע קרקע פינצטערע
אָן זין, אָן זון...

די זעלבע ווערעם דורשטיקע, די נאַכט אומענדלעכע
פאַר אַלע גלײַך!
דו דיכטער — מענטש! דו דיכטער — גוף! ס'וועט דײַן געביין פאַרגיין
אין ליעטאַ־טײַך...

און אַז דײַן נאָמען וועט זײַן צווישן די אומשטערבלעכע —
איז וואָס דײַן רום?
עס איז אַ ווילגערוך אַ לעולם ועד בלאָנדזשענדער,
נאָר אָן דער בלום — — —

1938

## דעם טאַטנס טויט

### א. איין מאָל פאַרטאָג

עס האָט אַ צוג בײַ נאַכט מיך אָפּגעריסן פון אַ כרך,
געבראַכט מיך צו אַ שטאָט שוין אין פאַרטאָג.

טריב־רעגנדיק. בלויז ווו נישט ווו אין גאַס קריכט־אום אַ וואָך.
און אָט — יענץ הויז. כ׳דערהער פון נאָנט אַ קלאָג.

ס׳איז אָפן טיר. עס פאַלן מײַנע הענט אַראָפּ. כ׳בלײַב שטיין:
ער ליגט שוין אויף דער ערד — פאַרגליווערט, שטאַר.
צוויי־דרײַ בטלנים־ זקנים זאָגן תהילים... אַ געוויין...
צוויי פרויען שלײַכן זיך צו מיר אין צער...

איך טרעט אַרײַן אין שטוב און כ׳פּיל: כ׳בין אויף דער דעק פון פּײַן.
מיך ווערגט אין האַלדז. איך קען נישט בלײַבן מאַן.
פיל ליכט אויף דר׳ערד. פיר שורות ליכט. נאָר שוואַרץ איז זייער שײַן.
איך שפיר: דער טויט אַליין איז דאָ פאַראַן...

ב. אויף אַ ביסעלע שטרוי...

און דאָס איז, בן־אָדם, דער סוף פון די סופן...
אַ ביסעלע שטרוי און פאַרדעקט דאָס געזיכט.
אַ צודעק אַ שוואַרצער — צום אייביקן שלאָפן.
עס נייגן אין טרויער זיך פלעמלעך פון ליכט.

און דאָס איז דער לעצטער, דער אמתער פּתרון:
אַ נאָענט געוויין, וואָס ס׳פאַרנעמט נישט ס׳געהער...
עס שאָקלט זיך זקן צו זקן: „מה יתרון?"...
עס קאַפּעט אויף צודעק אַ טרער נאָך אַ טרער...

ג. תהילים

...און דאָס איז דער מזמור פון דוד בן ישי...
עס זינגען די זאָגערס די פּסוקים כסדר.
עס איז אַ געקלאָג נאָך די יאָרן פאַרוועלקטע,
און פול מיט געוויין איז דאָס טונקעלע חדר.

און וואָס איז דער מענטש און צו וועמען געגליכן? —
אַ ווינט, וואָס פאַרווייעט, אַ טרוים, וואָס פאַרפלויגן...
עס גיסט זיך און גיסט זיך דער אַבלשער ניגון
מיט טרויער מיט קאַלטן — ווי בר־מיננס אויגן...

עס זײַנען שוין מיד און פֿאַרחלשט אַבלים,
בלויז תהילים שטיל פֿליסט ווי דער ווײַ פֿונעם האַרצן.
און ס׳האָרכט, דוכט, זיך אײַן אויך דער טויטער, דער שתקן,
פֿון אונטער דעם צודעק דעם אָבלדיק־שוואַרצן — — — —

און דאָס איז דער מזמור פֿון דוד בן ישי — — — —

ד. לוויה

עס טרייסלט זיך דער אָרון איבער שטיינער,
פֿאַמעלעך שפּרײַזט דאָס שוואַרצע קהלשע פֿערד.
עס גייען־נאָך פֿאַרזונקען די באַוווינער.
די ערד מוז צונעמען, וואָס איר געהערט...

נישטאָ קיין הײַזער מער. ס׳ליגט דער בית־עולם
צעווישן באַרג און טאָל, בײַם ניעמאַן־טײַך.
ס׳ווערט שיטערער אַלץ דער מלווים־עולם.
אַרויף־אַראָפּ. דער פֿאַרקאַן ווײַזט זיך גלײַך.

ווי טהרה־ברעטער שוואַרץ — עס עפֿנט זיך אַ טויער.
ס׳נעמט־אויף אַ וועלט אַ שווײַגנדיקע שטום.
מצבות, אוהלס אין אַ ווײַסן טרויער.
דאָ־דאָרטן וויגט זיך אַ בעריאָזקע פֿרום.

ס׳בלײַבט ערגעץ שטיין די שיטערע לוויה —
דאָ איז די גרענעץ, פֿון דעם וועג די ענד...
אַ גרוב זיך אָפֿן שוואַרצט און ברעטער נײַע —
די לעצטע, שטומע, פֿינצטערע פֿיר ווענט — — — —

ה. קבורה

אין טלית אײַנגעהילט ווי אום יום־כּיפּור,
ווי גרייט צו שטעלן זיך פֿאַר יום־הדין.
צוקאָפּנס ערד אַ ביסל פֿון ארץ־ישׂראל.
שוין קרעכצן רידלען ערד אַרײַן: דזין־דזין...

אל מלא רחמים... — קלינגט דאָס קול פון חזן,
און מיט די רידלען ערד פאַלט־מיט געוויין.
אַ יתום־קדיש בײַ דעם געלן בערגל
און עולם נעמט זיך שטומערהייט צעגיין — —

### ו. צוריק פון בית־עולם

צוריק פון בית־עולם — עס כליפּעט וועט באַנג.
געלאָזן אַ בערגל אויף דורות, אויף לאַנג.
צי זומער, צי ווינטער, צי רעגן, צי שניי —
דאָס בערגל וועט ליגן אין קברימשער ריי.

צוריק פון בית־עולם — די טריט פאַלן שווער.
קערסט־אום זיך אין שטיבל — איז עלנטיק לער.
עס פעלט זײַן געשטאַלט דאָ, עס פעלט דאָ זײַן וואָרט.
אַ חלל אַ וויסטער, אַ ליידיקער אָרט — —

### ז. שבעה

די ערשטע רגעס אויף די בענקלעך קליינע.
די ערשטע בליקן אויף די שטומע ווענט.
אַ פּוסטע שטייט דעם נפטרס בעט אין חדר.
אין חלל בלאָנדזשען־אום נאָך דאַרע הענט.

עס דוכט: אָט רעדט ער, גאַרט נאָך וואָס צו זאָגן.
מען הערט נאָך אין דער לופט זײַן שטילן קול.
פאַרשטאַרט איז אַלץ. פאַרזונקען די אַבלים.
זיי זעען איצט זײַן גסיסה נאָך אַ מאָל — —

### ח. קדישים

נאָך אַ קדיש, נאָך אַ קדיש,
ס׳וועט אים גרינגער זײַן די ערד... —
אַזוי זאָגן אַלטע ווײַבער, —
ס׳קומט דער מת אַליין און הערט.

נאָך אַ קדיש, נאָך אַ קדיש —

גרויס זאָל בוראס נאָמען זײַן.
ר'איז דאָך עפּעס דײַן־אמת,
דאַנק, בן־אָדם, אים פֿאַר פּײַן...
און ס'דערציילן אַלע די ווײַבער,
וואָס ס'פֿאַרלויפֿט אויף יענער וועלט:
ווי מען נעמט אַראָפּ די שערבלעך
פֿון די אויגן, וואָס פֿאַרשטעלט — —

נאָך אַ קדיש, נאָך אַ קדיש.
אַלע ענטפֿערן: „אָמן"...
דײַן־אמת... נאָר אַבלים
קענען קיין מאָל דאָס פֿאַרשטיין — — —

ט. מעריב־צײַט

מעריב־צײַט אין שטוב פֿון אָבל.
אַ טונקלקייט מיט שאָטנס פֿול.
זיי קומען־אָן, די שאָטנס שוואַרצע,
מיט היימישקייט אין נפֿטרס גבול.

אַבלים זיצן שטום, פֿאַרזונקען.
דאָ־דאָרטן בלייכט קוים אַ געזיכט.
בלויז שכנטעס דערציילן, פּרעפּלען,
זיי פּרעפּלען ביז מען צינדט־אָן ליכט.

ס'פֿאַרבאָרגן ערגעץ זיך די שאָטנס
און אָבל־בליק גלאַנצט־אויף מיט טרער.
עס קלײַבן ייִדן זיך צום מנין
און — „והוא רחום..." — זיפֿצט שוין ווער.

עס גיסט דער ניגון זיך פֿון מעריב
און שליסט דעם טרויער־טאָג פֿון צער.
ס'צעגייען זיך די שכנות־ווײַבער
מיט ברכות פֿאַר דעם גאָט דעם האַר — —

י. עפּיטאַפיע

דאָ ליגט אַ ייִד אַ הויכער, דאַרער,
וואָס תמיד זאָרגן פלעגט פאַר ברויט;
האָט „גראָבע קעפ" געלערנט „שרייבן",
מיט זיי געגריזשעט זיך ביז טויט.

אַ „שטילער ייִד", כמעט אַ שתקן,
געשפּרייזט אין גאַס מיט שטילע טריט —
ווי ר'וואָלט געקלערט: וועט אים דאָס מזל
נאָך עפּעס געבן, אָדער ניט?

אַ דירה תמיד פון פיר איילן —
צום „שרייבן", עסן און צום שלאָף.
אַז הערינג פלעגן הייסן „דגים",
בלויז צו „כפּרות" זיין פלעגט עוף.

שבתים, יום־טוב — דאַרע־קוואַרע,
אַ דאַרער „טשאָלנט" מיט טיי פון „הלאַק".
צו פרי שוין גרוי, צו פרי געבויגן
פון מיחושן אַ גאַנצן פּאַק.

צום טאָג פון טויט — שוין אויסגעלייטערט
אויף דער־וועלט נאָך פון יעדן חטא.
געבליבן איז אַ הויפן ביינער
אויף האַרטן, שווערן טויטן־בעט...

פּה נטמן — ס'ליגט דאָ אַן איש תמים,
אַ סימן — אביון ביזן סוף...
דאָ איז ער גלייך מיט די אַדירים:
ער רוט ווי זיי אין זעלבן שלאָף — — — —

גראָדנע, 1927

# דאָס ליד פון פאַרגיין

און וואָס וועט שוין זײַן, אַז איר וועט מיך נאָר לויבן,
באַשיטן מיט רויזן מײַן בערגל, מײַן שטיין? —
אַז אויפגיין אַ זון וועט אַ פלאַמיקע אויבן
און ס׳וועלן די שטראַלן צו מיר נישט דערגיין.

און וואָס וועט שוין זײַן, אַז מײַן ליד וועט איר זינגען,
דערמאָנען מײַן נאָמען אין טרויער, צי פרייד? —
אַז אונטן זיך וויקלען די שלאַנגען ווי רינגען
און פראַווען אַ מאָלצײַט פאַרשיכורטערהייט.

און וואָס וועט שוין זײַן, אַז איר וועט מיך געדענקען? —
עס וועט דאָך קיין שפור בלײַבן פון מײַן געביין;
עס וועלן די רעגנס מײַן בערגל פאַרשווענקען
און אײַנזינקען וועט אויך צוקאָפּנס מײַן שטיין — — —

1929

## VII

# פון אַלע נע־ונדן

(בוענאָס־אײַרעס, 1955)

### און ווידער טראָגט מיין גורל...

און ווידער טראָגט מײַן ייִדיש גורל מיך אויף באַנען.
ער טראָגט מיך צו אַ ווײַטער, אומבאַקאַנטער וועלט.
כ׳געזעגן, פוילן, דיך אַצינד, דײַן ערד, דײַן הימל.
כ׳נעם מיט אין האַרץ אַן עלנט נאָר, אַ וויסטע קעלט.

געלאָזן אויף די פעלדער דײַנע נאָר בית־עולמס,
געלאָזן כ׳האָב מײַן פאָלק בײַ דיר אין אַש צעשפּרייט.
פון אַלע געטאָ־חורבות טראָג איך מיט דעם טרויער,
וואָס אומעטום און תמיד, תמיד מיך באַגלייט.

אין שטעט און שטעטלעך ייִדישע געלאָזן הפקר
די שולן, בתי־תפילה, פּוסטע, אָן איין ייִד.
נישטאָ קיין דאַווענערס דאָרט, קיין תפילות, קיין קדישים.
אויף די בית־עולמס פּאַשען ציגן זיך אין מיט.

געווען, פוילן, כ׳בין בײַ דיר אויף קבר־אָבות,
אויף בערגלעך ציגל און אויף קופּעס שטויב און ליים.
נאָר ווו די קברים פון מײַן קינד און פון מײַן מאַמען?
געפונען נאָר מײַן וויסטע גאַס, מײַן וויסטע היים.

איז ווידער טראָגט מײַן ייִדיש גורל מיך אויף באַנען,
ער טראָגט מיך צו אַ ווײַטער, אומבאַקאַנטער וועלט.

אַז פרעמד איז, פוילן, איצטער מיר דײַן ערד, דײַן הימל.
אַלץ ווייעט איצט אויף מיר מיט קבֿר און מיט קעלט.

פּאַריז, 1948

## דער פרעמדער הימל

ס׳קען אויך דער פרעמדער הימל זײַן צו דיר ווען מילד און גנעדיק,
און ליב קען ווערן דיר אַ מאָל די פרעמדע ערד.
זי קען געוויס אויך געבן דיר די לעצטע דלד אַמות,
אויב ס׳איז דער סוף אין מיטן וואַנדערונג באַשערט.

עס קענען ווערן ווייך אַפילו שטיינער דיר צוקאָפּנס,
ווי דאַן, פאַר יעקבֿן, בײַם לייטער־טרוים אין פעלד.
דאָך היים איז אַנדערש, הייט איז עפּעס אַנדערש, היים איז מאַמע,
אַ מאַמע איינע נאָר פאַראַן איז אויף דער וועלט — —

ווײַטעל, 1949

## דער דופט פון עבֿר

דער דופט פון עבֿר איז צו מיר דערגאַנגען
אויף אַ פרעמדן, אומבאַקאַנטן, גרינעם פעלד.
עס האָט אַ קאָרן־בלימל צווישן העלע זאַנגען
אַ ווײַז געטאָן פאַר מיר מײַן טויטע, ליבע וועלט.

אַ בונטער שמעטערלינג איז העל פאַרבײַגעפלויגן,
מיט סאַמעט־פליגעלעך אַ גלעט געטאָן מיך דין.
ווי דאַן, ווי דאַן... עס שטייט־אויף אַלץ פאַר מײַנע אויגן:
די לאָנקע און דאָס טײַכל, שוועלבעלע און בין.

איך זע אַ הויפן הײַזקעס אין אַ טאָל באַהאַלטן,
דאָך אונטער בלויען הימל, אונטער ווײַסער זון.
איך זע אַפילו ס׳בערגל פון בית־עולם אַלטן,
די שטיינער, די כהנים־הענט און דעם פּ״נ — — —

אַ זוניק־יונגער טאָג פון מײַנע יונגע יאָרן.
פאַרחלומט ליג איך אויפן דופטיק־קילן גראָז.
דערנעבן בלענדט פון ווײַסקייט טרוקן־רײַפער קאָרן,
וואָס וויגט אין כוואַליעס זיך ווען ווינטל טוט אַ בלאָז.

איך קוק אין הויכן הימל און איך נעם אויך שוועבן
צוזאַמען מיט דער סטאַדע וואָלקנדלעך ווי שאָף.
העלע די חלומות, העל דאָס יונגע לעבן,
שמייכלט זון פון אויבן: ליב, און גלייב, און האָף...

דער דופט פון ווײַטן עבר איז צו מיר דערגאַנגען...

ווישי, 1951

## אומעטום...

אומעטום, אין אַלע דײַנע פרעמדע וואַנדער־וועגן,
באַגעגנט דיך אַ ליבער בוים מיט שאָטן און מיט רו.
צי־אויס די מידע גלידער דײַנע פרעמדער זון אַנטקעגן
און טרוים אַ ווײַל, און שליס אַ ווײַל די אויגן דײַנע צו.

נאָר נישט געפינען וועסט אין ערגעץ יענע דלד אָמות:
עס קאָן דאָס אַש פון ווײַטער היים ניט אויפבלײַען צוריק, —
ווי ס'קענען נישט פון פלאַמען אויפגיין מער די מאַמעס,
די אַלע ברידער פון דער גאַז־קאַמער, צי תליה־שטריק.

אומעטום, ווו דײַנע וואַנדער־טריט עס וועלן שפּאַנען
און אומרו טראָגן דיך אין ווײַטער נע־ונדער וועלט, —
אומעטום קענסטו אַ טרער נאָר לאָזן און דערמאָנען
דײַן ווײַטע, טויטע היים, דאָס שכנותדיקע גרינע פעלד.

ווערבערי, 1949

## שאַטנס

אומעטום באַגלייט איר מיך, איר אַלע מײַנע נאָנטע,
וווהין איך זאָל נישט וואַנדערן, וווהין איך זאָל נישט גיין.

און נעכט אין לאַנגע, שלאָפלאָזע איר שטייט בײַ מײַן צוקאָפּנס,
איר קומט צו מיר, איר ווייסט דאָך וויל: געבליבן כ׳בין אַליין.

איר רעדט צו מיר, איר רעדט צו מיר, איר נעמט מיר אויסדערציילן
פון טעג פון גרויליק־פּינצטערע, פון אײַער לעצטן וועג — — —
איך שטרעק צו אײַך די אָרעמס אויס, איך ווער אַליין אויך שאָטן.
און ס׳דוכט: צוזאַמען כ׳בין מיט אײַך דורך פלאַם און רויך אַוועק — — —

ווילנע, 1949

## קדושים

אַלע שטומע הימלען שפּיגלען אָפּעט אײַ׳רע בליקן.
אַלע ווינטן טראָגן אײַער אַש און אײַער שטויב.
אַלע ערדן ווערן אײַערע צעשפּרייטע קברים.
נשמות פלאַטערן אין רוים ווי פליגל פון אַ טויב.

אַלע פייגל זינגען־אויס אַ טרויעריקן קדיש.
אַלע וועלדער רוישן אין אַ יאָמערדיק געוויין.
קיינער קען פאַרגעסן אײַך — אין אַש און אין שטויבן, —
כאָטש ניט באַשערט קיין קבר אײַך, כאָטש ניט באַשערט קיין שטיין...

ווילנע, 1949

## איך גלייב נישט...

איך גלייב דיר מער נישט, זון, עס איז פאַרפירעריש דײַן שמייכל,
און ס׳שטעכן מיך ווי שאַרפע שפּיזן דײַנע שטראַלן:
האָסט אויך אַזוי געלאַכט, האָסט אויך אַזוי באַחנט געשמייכלט,
ווען ס׳זײַנען קדושים טויזנטער אין ראָוו געפאַלן.

איך גלייב דיר מער נישט, הימל, פאַלש איז מיר דײַן כישוף־בלויקייט,
און ס׳איז מיר איצטער שוין דײַן פרילינג־רייץ דערווידער:
האָסט אויך אַזוי געבלענדט, געבלויט, אָן שאָטן גאָר, אָן כמאַרע,
ווען רוצחים האָבן אויסגעשאָכטן מײַנע ברידער!...

פּאַריז, 1950

## עלעגיע

מיר דוכט אַ מאָל: אַט לאָזט זיך שוין אַראָפּ דער פאָרהאַנג,
אַ סוף צו וווּנדער־שיינער אויסטערלישער שפּיל.
אין פּוסטן זאַל ווערט פינצטער. לאַנגע נאַכט פון קבר.
און אַלע שיינע שטורעמס גייען אויסעט שטיל.

גיי טענה צום רעזשיסאָר און זײַן רעזשיסירן!
פאַר אַט דער קורצער שפּיל אַזוי פיל רעקוויזיט:
אַ הימל און אַן ערד, מיט ימים און יבשה,
מיט באַרג און טאָל, מיט בוים און בלום, מיט פייגל־ליד.

מיט שיינקייטן צעוואָרפן איבער שטעט און לענדער,
מיט רייץ פון זון און שטערן, ליבע און געזאַנג — — —
מיר דוכט אַ מאָל: אַט לאָזט זיך שוין אַראָפּ דער פאָרהאַנג
און ס׳בלײַבט פון אַלץ, פון אַלץ אַ הוילער, פּוסטער קלאַנג.

ווישי, 1951

## ס׳איז אייביק...

ס׳איז אייביק דאָ אַן עפּעס, וואָס פאַרבלענדט, באַרוישט;
וואָס גיט אַ העלע, ראָזע פאַרב דײַן טריבן זײַן, —
אַפילו ווען דו טרינקסט זיך אינעם תהום פון לײַד,
אַפילו ווען דו ברענסט אין גיהנומדיקן פּײַן.

ס׳איז אייביק דאָ אַן עפּעס, וואָס דיך לאָקט און האַלט;
וואָס גיט דיר אַ פאַרבאָרגענעם, געהיימען זין, —
אַפילו ווען דו שטייסט שוין אויפן ראַנד פון גרוב,
אַפילו ווען דער טויט פאַרשפּרייט שוין זײַן געשפּין.

ס׳איז אייביק דאָ אַן עפּעס... ס׳איז אַ מאָל אַ ליד,
אַ כישוף־ליד, וואָס רייצט און פאַנגט דײַן קראַנקע זעל.
אַ מאָל איז עס אַ שטראַל, אַ מאָל — אַ דופט פון פעלד,
אַ מאָל — אַ בלויען פייגלס פרילינגדיקע טרעל.

אַ מאָל — אַ בליק, אַ שמייכל פון אַ צאַרטער פרוי,
אַ מאָל — אַ הייס געפּליסטער אין אַ בלויער נאַכט — — —
ס'איז אייביק דאָ אַן עפּעס, וואָס פאַרבלענדט, באַרוישט;
וואָס אויך אַן טויט אַפילו דיך פאַרגעסן מאַכט.

ווישי, 1951

# די שטאָט פון טויזנט חנען

## 1. אַ יום־טוב אייביקער

פּאַריז! פּאַריז! אַ יום־טוב אייביקער אויף דיינע גאַסן.
עס וואַרפט דיין אייפל־טורעם פאַקעלן אין יעדער נאַכט.
ביסט אייביק יונג, ביסט שפּילעוודיק ווי אַ צעבליטע יונגפרוי,
דאָס יונגע לעבן זינגט פון דיר אַרויס, עס זינגט און לאַכט.

ביסט פריי אַזוי, אַן זאָרג, ווי דיינע פּופּציק טויזנט קינסטלערס,
וואָס האָבן דיך פאַראייביקט טריי אין רייך פון בלויען סען.
די פריי־הייט שריַיט־אַרויס פון דיינע קנייפּעס און טאַווערנעס.
זי שריַיט פאַר נאַכט פון אונטער ערד — פון מעטראָפּאָליטען.

פאַר נאַכט פון אונטער ערד... דאָס קערן זיך אַהיים אום
די מאַסן פון פאַבריקן, ווו די קוימענס שפּייען רויך.
פון זעלבע הענט מאַזאָליעטע געפאַלן דיין באַסטיליע;
פון זעלבע הענט אַ פריי־הייט־זייל איז אויפגעהויבן הויך.

די שטאָט פון פרייהייט ניט נאָר פאַר נשמה — אויך פאַר קערפּער!
געפילן־ווערן קנעכטיש נישט דערשטיקט אין דיר, פּאַריז!
עס זייען דיינע טעכטער לוסט, ווי אין אַ פעסט פון באַקכוס,
זיי וואַרפן הויפנס פרייד אין דיינע גאַסן, פרייער ריז!

דו שטאָט, ווו שפּיל און ליַיכטקייט איז געמיש מיט טיפן ערנסט.
דו שטאָט פון „נאָטר דאַם", פון „לוווּר" און „פאָלי בערזשער".
אַפילו אויך די טויטע רוען אין פאַלאַצלעך:
דיין „פּער לאַשעז" — אַ קונסטמוזיי! איז קאַרג דאָס אויג אויף טרער.

עס איז אַ קונסט־מוזיי אויך דײַן בית־עולם אויף מאָנמאַרטער,
ווו אונטער פּליטעס שכנישע עס ליגן קריסט און ייִד.
ס'הערשט שלום צווישן צלם און „פּה נטמן״ איבער טויטע.
אויך אונדזער הײַנריך הייַנע רוט דאָרט אין זײַן לעצטן פֿריד.

פּאַריז, 1929

### 2. אין פּאַרק מאָנסאָ

אין פּאַרק מאָנסאָ, אין שאָטן פֿון די גרינע צווײַגן,
בײַם פּיאַנאָ זיצט פֿאַרחלומט פֿרידעריק שאָפּען.
די שטאָט רוישט ערגעץ הינטער צוים, נאָר דאָ הערשט שווײַגן.
דאָ שווימט־אַרויס אַ וועלט, וואָס איז אַמאָל געווען...

דער לאָקן־קאָפּ פֿאַרגאָפֿט צו אויסגעטרוימטע ברעגעס,
ס'קוקט מיטלאַלטערלעך דער דיקלעכער זשאַבאָ.
אין סורדוט, נעט און שמאָל, ווי אויף אַ צויבער־פּעגאַס
אין הייליק־שעפֿערישער, דעמערדיקער שעה.

עס זיצט אַזוי דער מאַן מיט האַלב־פֿאַרמאַכטע אויגן,
די פֿינגער פֿאַלן צו קלאַווישן מיט באַריר, —
און ס'האָבן כּישופֿן אין הימלען זיך צעפֿלויגן
פֿון איבער ווײַסן, קאַלטן, מאַרמאָרנעם קלאַוויר.

נאָקטורן... פּאָלאָנעז... אַנדאַנטע פֿליסן קלאַנגען,
זיי פֿליסן פֿון אַ ווײַטער, חלומפֿולער וועלט...
אַ יונגפֿרוי זינקט פֿאַר אים, פֿון כּישופֿן געפֿאַנגען — —
אין פּאַרק מאָנסאָ, אין גרינעם צווײַגיקן געצעלט — —

פּאַריז, 1951

### 3. אויף פּלאַץ מאַלזהערב

אויף פּלאַץ מאַלזהערב, אין רינג פֿון קליינע, גרינע סקווערלעך
אַ דרײַלינג פֿראַוועט אייביקייט אין בראָנדז און שטיין:
דער טאַטע און דער זון — די ביידע אַלעקסאַנדערס, —
און זי, די קינסטלערין בערנאַר, אין קלוגן עלטער־חן.

די גרויסע סאַרע שפּילט איר לעצטע ראָל אָן גרים שוין.
איר צושויער איז איצט די גאַנצע וועלט אַרום.
עס טוישן „בינע־שטערן" זיך, רעפּערטואַרן —
דאָך קניִען די פּאַריזער נאָך פּאַר סאַרעס רום.

און ווער עס גייט פאַרביי, און ווער עס קומט אַהערצו
פון יענער קנייפּע־קונסט פערוווערזער אויף פּיגאַל —
בלײַבט שטיין אין טיפן ערנסט, שטיל ווי אַ בעל־תשובה,
אַן אַנדער בינע טוט אַ בלענד, אַן אַנדער זאַל...

און זיי, די פעדער־ריטערס אויף די פּיעדעסטאַלן —
דיומאַ: דער גרויסער טאַטע און דער גרויסער זון!*
זיי וואַכן איבער פאָלק און לעבן־מיט געשיכטע,
און וועקן אַלעמען צו שיינקייט און צו זון...

עס דוכט, זיי רײדן: ס'מײַדן קריגן און רעוואָלטן...
עס טוישן ראָלן זיך און העלדן... לינקס און רעכטס...
דאָך אייביק איז פון גײַסט די שיינקייט — פאָלקס פאַרמעגן! —
טאָ היט עס, דורות, אָפּ פון אַל דאָס שלעכטס...

און ס'דוכט, עס בלאָנדזשען אום דאָ ביידנס טרײַע העלדן —
די מושקעטערן דרײַ, דער טראַגיש שיינער קין.
און ס'קומט פון מאָנמאַרטער־קבר די קאַמעליען־דאַמע
און שלוכצט און פאַלט בײַם פּיעדעסטאַל אין ביימער־גרין.

אויף פּלאַץ מאַלזהערב, אין רינג פון קליינע, גרינע סקווערלעך...

פּאַריז, 1951

### 4. אויף די „גרויסע בולוואַרן"

בײַ נאַכט אויף די „גרויסע בולוואַרן".
עס לאָקן קאַפייען און באַרן.

---

* אויפן זעלביקן פּלאַץ איז אויך געשטאַנען אַ דענקמאָל פון אַלעקסאַנדער דיומאַ דעם זיידן — אַ גענעראַל. אָבער זײַן בראָנדז־פּיגור האָבן די דײַטשישע וואַנדאַלן איבער־געגאָסן אין אַמוניציע.

און טויזנטער שטראָמען געזיכטער
אין בלענד פון נעאָניקע ליכטער.

אין אַלערליי פאַרבן די פרויען:
אין שוואַרצן, אין רויטן, אין בלויען.

זיי שלײַכן, פאַרשפּרייטנדיק דופטן.
געלעכטערס פאַרקלינגען אין לופטן.

און מענער פון אַלע קאַלירן, —
ציוויל און אַרמיי־אָפּיצירן, —

אי ווײַסע, אי שוואַרצע, אי ברוינע —
געאָרעמט מיט כלה, צי זונה.

דוכט: ערגעץ אַ יום־טוב פאַראַנען,
ווו אַלע זיך ציִען און שפּאַנען.

— — — — — — — — — —

בײַ נאַכט גייסטו אויך אין די שטראָמען,
פאַרלוירן אין מענטשישע תהומען.

מיינסט: עמעצן ווּעסטו געפינען,
וואָס נאָענט אין דײַן האַרץ און דײַן זינען;

מיט יענעם דײַן עלנט דערטרינקען...
נאָר בליקן, נאָר פּרעכע דיר ווינקען

פון זונהס אויף די טראָטואַרן... —
בײַ נאַכט אויף די „גרויסע בולוואַרן".

אַפילו בײַ קירך פון מאַדלענע —
אויך דאָ ווינקט דיר איינע פון יענע.

די זײַלן פון טעמפּל פון פרומען,
זיי קוקן זיך צו און זיי שטומען.

— — — — — — — — — —

בײַ נאַכט אויף די „גרויסע בולוואַרן" —
דו קענסט נישט דײַן איינזאַמקייט נאַרן.

דײַן עלנט וועט יאָגן דיך, טרײַבן —
אַליין וועסטו תמיד פֿאַרבלײַבן — — — —

פּאַריז, 1951

5. אַלט־פּאַריז

אויף געסלעך ווײַטע פֿון מאָנמאַרטר,
גייסט באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ.
ס'איז דאָרפֿיש, שטעטלדיק. אָט זעסטו
אַ מיידל אויך נאָך מיט אַ צאָפּ.

ס'איז זונטיק. אויף אַ וואַנט אַ הויכער
אַפֿישן וועגן טענץ און שפּיל;
אַ „בודע" ווי פֿון קונצן־מאַכערס,
און אויבן פֿליגל פֿון אַ מיל.

שטײַגסט העכער, העכער. הײַזקעס אַלטע.
ס'איז יעדע קראָם — „סאַלאָן דע ל'אַרט".
פּאָרטרעטן, שאַרזשן, אַקוואַרעלן,
און בראָנדז, און גיפּס — פֿון יעדער אַרט.

אַ מאַרק געגליכן צו אַ שלאָס־מם.
אַרום — טאַווערנעס. פֿול, געדיכט.
דער מאַרק איז פֿול מיט מאַרמאָר־טישלעך,
די אויגוסט־זון באַגילדט מיט ליכט.

עס רויטלט זיך „ווען רוזש" אויף טישלעך,
דאָס קינסטלער־פֿאָלק זיך אַמוזירט
מיט „מוזעס" אָדער מיט „מאָדעלקעס",
ווער ס'קיבעצט, ווער עס ראָמאַנסירט.

אָט צייכנט ווער אויף אַ סערוועטקע
(אַ מאָלער נאָך מיט לאַנגע האָר),
און אָט אַ זקן זינגט אַן אַריע —
כאָטש אַן דער שטים, ער נעמט מאַזשאָר.

און יונגוואַרג אַפּלאָדירט דעם זקן,
וואָס האָט אַמאָל געגלאַנצט מיט רום.
אין פרייד פאַראייניקט זיי צוזאַמען —
די יונגע, אַלטע פון אַרום.

גייסט העכער. ס'בלאַנקט די „סאַקר קער"־קירך
מיט מינאַרעטן שטאָלץ און הויך.
אין טאָל — פּאַריז מיט זײַנע טורעמס,
די ברעגן ווײַט אין בלויען רויך.

פּאַריז, 1929

6. מאָנמאַרטער בײַ נאַכט

גאַסן קליינע, שמאָלע.
ס'פלאַמען בונט קאַפייען.
מיידלעך אויף די ראָגן
אויסגעשמינקטע שטייען.

פּראַלט דער דזשאַז אין גאַסן,
רײַסט זיך פון טאַווערנעס.
דאָ און דאָרט בײַ טירן
רויטלען זיך לאַמטערנעס.

דרייען זיך שיכורים,
ווי אויף שטריק זיי גייען;
קומען צו די מיידלעך,
לאָקן אין קאַפייען.

קלאַפּן מענער־זוילן,
בלאַנקען מיידל־זאָקן.
געגעצן ווו שוצלײַט
אין די קורצע ראָקן.

שווינדן זיי, די פּאָרלעך,
דאָרט איז יענע טירן,
ווו לאַמטערנעס רויטע
לאָקן און פאַרפירן.

שפּעט בײַנאַכט. אַ פּוסטקייט.
ס'שלאָפט דער מענטש פון זאָרגן.
נאָר אין יענע קנײַפּעס
רוישט עס ביז פרימאָרגן.

ס'קומען ווײַסע, שוואַרצע;
ס'קומען יונגע, אַלטע.
נאַקעטקייט פּערווערזע.
ליפּן — שמינקע־קאַלטע.

גרימפּלט צו אַ פּיאַנאָ,
הייזעריק קלאַווישן.
און די „מאַדמאַזעלן"
טאַנצן שוין אויף טישן.

און בעתן טאַנצן
פאַנגט מען זיי, די „נאַרן":
ווער עס שווינדט מיט וועמען
הינטער די קאָטאַרן.

און ווען ס'נעמט שוין גרויען,
ווען עס קומט באַגינען —
שלעפּן זיך אויף גאַסן
שיכורע אָן זינען.

פּאַריז, 1929

### 7. אויף פּלאַץ האָטעל דע וויל

אויף פּלאַץ האָטעל דע וויל, אויף גריגעם טעפּיך פון גאַזאָן,
אַ מחנה טויבן פלאַטערן פון הויכקייטן אַראָפּ.
זיי ווייסן: ס׳וואַרטן קינדערלעך מיט אייגלעך הימל־בלוי,
וואָס וואַרפן צו זיי ברעקעלעך — נו, טאַנצן זיי האָפּ־האָפּ.

זיי פּיקן מיט די שנאָבעלעך און זײַנען מלא פריידן:
ווער זאָגט עס: „טײַבלעך קוילעט מען?" פאַרקערט, מען גיט זיי ברויט.
און ס׳פרייען זיך די קינדערלעך, די טײַבעלעך מיט זיי.
סײַ קינדערלעך, סײַ טײַבעלעך — זיי ווייסן נישט פון טויט...

ווישי, 1951

### 8. נאַכט אויף פּיגאַל

נאַכט אויף פּיגאַל. פון אַמורן
זינגט מען אין איטלעכן באַר.
פרויען־קעפּ. שוואַרצע פריזורן.
ס׳טרינקט זיך אין ליכט דער בולוואַר.

ס׳רייצן, עס רופן בעאָגען,
זאָגן וואָס צו אין דער נאַכט.
פרויען אויף ראָגן דערמאָנען:
נאַכט איז פאַר ליבע געמאַכט...

שטראָמט זי, די מענטשישע מאַסע —
ווײַסע, און שוואַרצע, און ברוין.
ס׳וויס נישט פאַריז פון קיין ראַסע —
ליבע נאָר טראָגט דאָ די קרוין.

ליבע אין יעדער טאַווערנע,
ליבע אין יעטוועדן באַר.
קושט מען זיך בײַ אַ לאַמטערנע,
אָדער אין מיטן בולוואַר.

ווינקען פון געסלעך האָטעלן,
טונקעלע געסלעך בײַם זײַט.

און פון זײַן הויכקייט, אין העלן,
קוקט „סאַקר קער״* פון דער ווײַט.

קוקט זיך צו פרום, אַ פאַרטראַכטער
אונטן צו זינדיקער ערד.
רוישט דער פיגאַל אַ צעלאַכטער:
ס׳איז אים די ליבע באַשערט.

פאַריז, 1951

9. דאָס „פלעצל״

ס׳איז ri דע ראָזיִע אַ מוזיי
פון ייִדן מיט פּיאות און בערד,
מיט מצות אַ קײַלעכדיק יאָר,
אַ ייִדיש, אַן עכטן, איר הערט.

מיט כשרע וווּרשטן אַ שלל,
מיט קאַרפּן — די ייִדישע פיש!
מיט „אָדערקעס״ געלע פון גענדז —
צו „טשאָלנט״ אויף שבת צום טיש.

מיט „אוליקעס״־הערינג, מיט יי״ש,
מיט קוילעטשן, לעקעכער, טאָרט —
צו שמחות: אַ חתונה, ברית,
צי אויך ווען מען מאַכט נאָר אַ „וואָרט״.

פון קראָמען מיט בשמים זיך טראָגט
אַן איידעלער, פײַנער גערוך;
פון ערגעץ אַ שויפענצטער קוקט
אַ באָבעשעס טערקישע טוך.

דאָ־דאָרטן אַ „כשר״ פאַרבעט
אין עס־שטיבער ייִדישלעך־ פרום;
אַ רבֿ פון גאַליציע איר טרעפט,
ער גייט נאָך אין זאָקן אַרום.

* די קירך „הייליק האַרץ״.

אַ גלאַנציקער פּילץ־קאַפּעלאַש
פאַרדעקט דעם רבנישן קאָפּ;
די פּאָלעס צעקנעפּלט, צעשפּרייט,
די ציצית, זיי הענגען אַראָפּ.

איר טראַכט: איז עס ממש אַ רב?
צי אפשר גאָר בלויז רעקוויזיט?
די באָרד גאָר פון קליאָטשע געמאַכט?
איז איצט דען נאָך דאָ אַזאַ ייִד?...

אַ שמאָלע דאָס געסל און קורץ,
מיט שולכלעך, ווו תמיד ס׳איז לער.
מיט שטעקעלעך־ייִדן לרוב,
וואָס דרייען זיך אום הין און הער.

שדכנים און מעקלערס אַ סך:
מ׳דאַרף "מזונות" פאַר ווײַב און פאַר קינד.
בלחש מען קויפט, מען פאַרקויפט —
עס בליט דאָ דער האַנדל מיט... ווינט...

און גייט איר פאַרבײַ די פּאַווע —
צו מנחה מען בעט אײַך אין שול:
אַ יאָרצײַט. צום "מנין" עס פעלט,
(יום־כיפּור נאָר איז דאָרטן פול...).

אַ "קדושה" איר כאַפּט דאָרט אַרײַן,
אַ מצווה זיך כשר פאַרדינט...
— — — — — — — — — — — — —
דאָס "פּלעצל" — עס איז אַ מוזיי
פון ייִדישקייט אַלטער אַצינד.

ווי־טעל, 1952

10. אַדיע, פּאַריז!

אַדיע, פּאַריז! מיר וועלן זיכער זען אַ מאָל זיך ווידער.
מען קען דײַן שאַרם, דײַן צויבער קיין מאָל, קיין מאָל נישט פאַרגעסן.
ביסט ווי אַ פרוי, וואָס טראָגט דעם רייץ אין אירע צאַרטע גלידער.
ווערסט קיין מאָל זאַט מיט איר, זי ווערט דיר קיין מאָל נישט דערעסן.

כ׳וועל תמיד זען אין דמיון דײַנע געסלעך און בולוואַרן,
די שמאָלע באַרג־אַרויפֿן פֿון מאָנמאַרטער, דײַנע סקווערן.
די סענע־ברעגן, בריקן, בוקיניסטן, די קלאָשאַרן,
קאַפֿעען אין די נעכט, וואָס לעשן זיך גלײַך מיט די שטערן.

די גרינע פּאַרקן, די שאַטאָס, די דענקמעלער, מוזייען.
אַ שטאָט — אַ פֿאַרביקע געשיכטע פֿון צוויי טויזנט יאָרן!
רעוואָלטן, גיליאָטינעס. שטורעמס קומען און פֿאַרגייען,
און דו — פּאַריז! — ביסט אײביק יונג, ווי תּמיד נײַ־געבאָרן.

ס׳איז קורץ דאָס לעבן — דאַרף מען קענען נעמען עס, געניסן.
ס׳איז אַלץ פֿאַר דיר — די קונסט, מוזיק, די פֿרוי, דער ווײַן, די לידער!
דאָס לײַב איז עכט און שיין, ווען פֿײַגנבלאַט אַראָפּגעריסן,
דער קערפּער זינגט די פֿולע פֿרייד דאָן אויס פֿון רמ״ח גלידער...

אַדיע, פּאַריז! איך וועל צו דיר אַ מאָל נאָך ווידער קומען.
מעג זײַן אַפֿילו נישט אין גלאַנץ דורך דײַן נצחון־טויער...
איך וויים: רי דע ראָזיע, פּאַווע... מען וואַרט דאָרט נישט מיט בלומען...
ס׳איז אונדזער דלות ייִדישער... ס׳וואַרט אונדזער אַלטער טרויער...

אַטלאַנטישער אָקעאַן, סעפּטעמבער 1952

# אויף היימישער ערד

### א. צום האַפֿן

און אָט איז דאָס לאַנד שוין, און אָט איז דער ברעג.
עס גריסט שוין פֿון ווײַטנס די היימישע ערד.
עס גריסט שוין דער כּרמל, דער חרמון אין שניי.
דער האַפֿן אַלץ נאָענטער, נאָענטער ווערט.

דער הימל צעשפּילט זיך מיט בלויקייט און זון.
אַ מעוועס־געקרײַז אין דער לופֿט אַרום שיף.
דער ים אַזוי שטיל. פֿונעם שטורעם קיין שפּור.
עס ברויזט אין נשמה אַ חדווה נאָר טיף.

עס צאַפּלט די חדווה און רײַסט זיך פֿאַרויס.
שטיל גליטשט זיך די שיף צו צו שטיינערנע ווענט.

ס׳איז ייִדישער ברעג. ס׳איז דאָס היימישע לאַנד.
— שלום! — אַ צעהילך. ס׳פּאַכען ייִדישע הענט.

ב. איבערן כביש

ס׳איז אָוונט. מיר שוועבן אויף גלאַנציקן כביש.
אַלץ ווײַטער, אַלץ טיפער אין מלכות פון ייִד.
פון דאָ און פון דאָרט גריסן דערפער און שטעט
מיט לײַכטנדיע פענצטער פון שלווה און פריד.

עס ווינקען זיך איבער די שטערן פון הויך
מיט פײַערלעך שטילע דורך גרינקייט פון סכך.
ס׳איז אָוונט. די הימלען אין קריאַת־שמע פאַרטיפט.
עס דרימלען פּרדסים בײַם שטיינערנעם שליאַך.

מיר שוועבן, מיר שוועבן אויף גלאַנציקן כביש.
דאָס האַרץ ווי אַ פויגל עס רײַסט זיך פון טיף.
אָט! ס׳ברענגט אונדז די נאַכט פון אַנטקעגן אַ שטאָט —
צעשפּרייט און צעלויכטן — עס איז תל־אָביב!

ג. הר־ציון

מי יעלה בהר ד׳ ומי יבוא
במקום קדשו. (תהילים)

נישט די פיס — נאָר דאָס האַרץ טראָגט מיך העכער און העכער,
אַרויף אויפן שטיינערנעם באַרג, אין דער הויך. —
איך קום פון אַ לאַנד, ווו פאַרברענט איז מײַן אומה,
פאַרשווונדן אין פלאַמען, פאַרשווונדן אין רויך — — —

איך קום אויפן באַרג און איך פאַל צו די שטיינער: —
אַ גרײַז־גרויער זיידע אַ קינד נעמט אין שויס.
כ׳זע ירושלים פון אַלע פיר זײַטן.
עס טויכן געשטאַלטן פון דורות אַרויס.

כ׳זע מלכים אין קרוינעז, כהנים אין ווײַסן,
עס זינגעז לוויִים אַ שירה אין כאָר — — — —
קיין גלות, קיין בייז — עס איז גאָר נישט געווען,
אַ חלום אַ וויסטער פון צוויי טויזנט יאָר.

ד. מגדל־דוד

אין די געוועלבער אַלטע, טונקעלע פון מגדל־דוד,
ווו ס׳נעסטען שאָטנס הייליקע און פּילן־אָן דעם רוים, —
דאָרט זיצן איצט די אור־אור־אייניקלעך פון מלך דוד
און אַלע זינגען תהילים אויס און שאָקלען זיך קוים־קוים.

אויף לאַנגע בענק, בײַם לאַנגן טיש אַ יונגע קינדער־מחנה:
מיט פּיאות גלאַנציקע, מיט שוואַרצע אייגעלעך — מען זינגט.
מזמור שיר לדוד... — ס׳פליסט קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל.
אין הייל אין אַלטער, טונקעלער מתיקות זיך צעקלינגט.

איז וואָס, אַז אויף די מויערן — בשכנות פונעם מגדל —
דער שונא טוט אַליין לויערן, מיט וואָפן תמיד גרייט. —
עס ליגט דאָך אונדזער מלך דאָ. עס איז דאָך קבר־דוד, —
נו, זיצן קינדער יידישע מיט תהילימלעך צעשפּרייט.

ה. אויף הרי־יהודה

איך ליג אויף אַ שטיינערנעם באַרג.
ס׳איז אונטן — די הייליקע שטאָט.
כ׳נעם־אַרום דעם אַרום מיטן בליק,
די הויכקייט, די הימלען — און גאָט.

איך רייד צו די טורעמס פון ווײַט.
איך שמועס מיט באַרג און מיט טאָל.
און כ׳האָב מיך אין עבר דערזען.
איך האָב זיך דערזען אין אַמאָל — — —

און דער בית־המקדש שווימט־אויף,
איך הער, דוכט, לוויִים־געזאַנג...

און ס'בלענדט מיך, פֿאַרבלענדט יענער גלאַנץ,
יענע שיינקייט פֿון לאַנג שוין, פֿון לאַנג — — —

ו. צווישן זאַמדן

צווישן זאַמדן פֿון מדבר
אַ שטאָט זיך צעבליט, —
מיט ווײַסינקע הײַזער,
מיט פֿרייד און מיט ליד.

מיט קינדער שוואַרץ־אויגיק,
מיט מאַמעס פֿול חן,
מיט הימל, וואָס תּמיד
איז לויטער און ריין.

אַ ברעג מיט אַ בלויקייט
פֿון ימישער ווײַט,
צומאָל מיט געבייזער
פֿון שטורעמס פֿאַרשײַט.

אַ שטאָט מיט ציפּרעסן,
מיט פּאַלמעס באַצירט,
מיט יידישע זעלנערס
באַשירעמט, באַהיט...

ז. די גיבורים פֿון יד־מרדכי

זיי רוען אַצינד אויפֿן זאַמדיקן באַרג,
די קברים אין שורות, באַדעקט קוים מיט גראָז.
זיי זײַנען געפֿאַלן אין הייליקן קאַמף,
געפֿאַלן און האָבן געוווּסט גוט פֿאַר וואָס...

זיי האָבן געוווּסט, אַז כאָטש קליין איז דער צאָל,
דאָך ריזיק דער ציל איז און פֿלאַם — דער באַגער.
זיי זײַנען געוואָרן די שטאָלענע וואַנט
אַנטקעגן דעם שונא, וואָס טויזנטפֿאַך מער.

זיי האָבן פֿאַרשריבן מיט אייגענעם בלוט
אַ בלאַט אין מגילה פֿון כּבֿוד און רום — —
עס קוקט איצט דער הימל מיט ערפֿורכט אויף זיי
און איבער די בערגעלעך בוקט מען זיך שטום — —

ח. באר־שבע

מיך שמידן־צו די אַלטע, אַלטע ברונעמס פֿון באר־שבע,
אין זייער טיפֿער טונקלקייט יאָרטויזנטער פֿאַרזונקען.
עס זײַנען דאָ אין מדבר־היץ די אור־זיידעס געזעסן,
זיך קוויקנדיק אין שאָטן, ס׳קילע וואַסער דאָ געטרונקען.

אָט דאָ געגאַנגען איז אַמאָל, אַמאָל אַברהם אָבינו,
צי אויף אַ ניד׳ריק קליינעם אייזעלע פֿאַרבײַגעריטן.
אַהער פֿלעגט קומען אָפֿט נאָך וואַסער אונדזער מאַמע שרה
מיט קרוג אויף אַקסל, אָדער אין דער הויך אויף קאָפּ צעבליטן.

און ערגעץ דאָ בשכנות האָט אַמאָל אַברהם אָבינו
אין שאָטן פֿון געצעלט די פֿרעמדע אורחים אויפֿגענומען.
דאָ האָט ער זיי דערלאַנגט דעם פֿײַנעם כּיבוד: צונג מיט זענעפֿט,
וואָס איז געווען מלא טעם און זיס צו זייער גומען.

און דאָ האָט אויך אַברהם געטאָן די גוטע בשורה הערן,
אַז ס׳וועט זײַן אַלטע שרה „מירצעשעם“ אַ זון געבוירן;
אַז ס׳וועלן זײַנע קינדס־קינדער ווי זאַמד זײַן און ווי שטערן;
אַז ס׳וועט צו זיי דאָס שיינע לאַנד כּנען אַמאָל געהערן...

מיך שמידן־צו די אַלטע, אַלטע ברונעמס פֿון באר־שבע...

ט. אין נגבֿ

צעווישן מדבריות פֿון נגבֿ
אַ ייִשובֿ אַ נײַער זיך שפּרייט.
דאָ בויט מען, דאָ גראָבט מען, דאָ שאַפֿט מען,
דאָ ווערט שוין געאַקערט, געזייט.

זעסט פנימער ברוינע, פאַרברענטע
פון זון, פון חמסין און פון ווינט.
תימנים מיט פיאות געדרייטע,
תימנים מיט ווײַב און מיט קינד.

דאָ לאָקט אין דער שורה פון הײַזקעס
אַ גרינער, אַ שלאַנקער ציפּרעס,
און דאָרטן — אַ פּאַלמע צעשפּרייטע
דערציילט פונעם ייִדישן נס, —

פון ייִדישן נס אין דער מדבר,
ווו ס׳גייט־אויף אַ לעבן אויף ס׳נײַ...
דאָ בויט מען, דאָ גראָבט מען, דאָ זייט מען —
און וויסטקייט צעבליט זיך ווי מײַ.

י. מאַמע רחל

קול ברמה נשמע
רחל מבכה על בניה.

דאָרט הינטער עיר ירושלים, אויף אַ דאַך פון „רמת־רחל",
בין איך געשטאַנען לאַנג, אין שקיעה־צײַט, פאַרבענקטערהייט.
ס׳איז ערגעץ נאָנט דײַן עלנט קבר — פאַר דער אַלטער שטאָט בית־לחם,
וואָס ליגט אַנטקעגן אויף אַ ברייטער הויכקייט אויסגעשפּרייט.

איך האָב זיך צוגעהערט אין שטומקייט פון די שווײַגעוודיקע הימלען
און האָב פון ווײַט פאַרנומען, דוכט, דײַן שטיל און טריב געוויין:
עס האָט דער אומגעשטילטער רויש פון טײַכן בלוט און טײַכן טרערן
פון דײַנע גלות־קינדער צו דײַן רו געטאָן דערגיין.

און ס׳הערט נישט אויף גאָר דײַן געוויין אויף אַלע קינדער, וואָס געשאָכטן,
דו מאָנסט דורך טעג און נעכט פון שטומען הימל משפּט, דין.
— — — — — — — — — — — — — — — — —
אַ מאַמע! ביזן יום־הדין פאַרנעם איין טרייסט כאָטש: הערסט אין קבר
ווי ס׳קערן־אום צו זייער גבול איצט דײַנע בידנע זין? — —

תל־אָביב — ירושלים, 1950

### י״א. צו ישראל

עס קלאַפּט דאָס ייִדישע וואָרט אין דײַן טויער:
— עפן מיר, לאָז אַרײַן!
איך קום מיט שבתים, מיט ימים־טובים,
כ׳קום מיט פרייד און מיט פּײַן.

איך קום מיט ניגונים אַלטע פון דורות,
מיט קדושה און מיט וואָך;
מיט וויגליד פון גוטע ייִדישע מאַמעס,
מיט שמחה און מיט בראָך.

איך קום מיט לידער פון ראָזשינקעס־מאַנדלען,
מיט פלאַפּל פונעם קינד;
איך קום מיט ברכות, מיט מאַמעשע תחינות,
מיט „ווי איז מיר און ווינד״.

איך קום מיט די טרערן פון מײַדאַנעק,
מיט זיפץ פון אָשוויענטשים — —
מיט רוף דורך שריפות, דורך געטאָס אין פלאַמען:
„ווער זשע פאַרנעמט אונדזער שטים?״...

איך קום דורך די פלאַמען, כ׳קום דורך רויכן,
כ׳קום דורך אַש און דורך שטויב.
איך קום מיטן אַלטן שמע־ישראל,
מיט רום פון אויפשטאַנד, מיט לויב — —

עס קלאַפּט דאָס ייִדישע וואָרט אין דײַן טויער — —

פּאַריז, 1951

## אין שנייִקע טייגעס

### 1. אַ פאָטאָגראַפיע

איך בין „פאַראײַביקט״... כ׳לאַך און קײַך: קוקט־אָן אַקאָרשט דעם אַרעסטאַנט!
דעם נומער דעם פיר־ציפערדיקן פאַרנט אויף מײַן ברוסט!

דעם שוואַרצן פינגער־אָפּדרוק און די ליניעס פון דער רעכטער האַנט.
אָ, מײַנע פרײַנד! אַז איך בין בויכשנײַדער האָט איר געוווּסט?...

דאָס העמד צעכראַסטעט אויסטערליש, די לאַנגע האָר צעשויבערט ווילד,
ווי תיכף נאָך אַ מאָרד גלײַך אין דער אַטעליע געבראַכט.
אַ גאָט! באַווײַז אַ נס און ווײַז מײַן חבר הומאָריסט דאָס בילד, —
ווי וואָלט ער זיך ביז בויכטווייטאָג צעקאַטשעט און צעלאַכט!

העי, פּאַרזיכטיק! אָט פירט מען מיך מיט אמתער פּאַראַד־מוזיק.
פּאַרשטײַט זיך, רונד־אַרום אַ שומרים־קייט מיט ביקס און שווערד.
עס שרעקן קינדער זיך: „אָ מאַמע, מאַמעלע!"... און שנעל צוריק!...
עס ציטערן און שאָקלען זיך פון פּחד זקנים־בערד...

איך בין „פּאַראַייביקט"... כ׳לאַך און קײַ: קוקט־אָן אָקאָרשט
דעם אַרעסטאַנט!
ווי גערן וואָלט איך אָפּגעשיקט דעם „זכר" אין מוזיי:
למען יראו! זעט, אָ זעט דעם בויכשנײַדער, די „שוואַרצע האַנט"!
אָ ציטער. שרעק זיך, דומע וועלט, אַז ווינד איז דיר און ווי...

2. מיר פאָרן...

עס שנײַדט זיך דער צוג פונעם מערב אויף צפון,
ער שנײַדט זיך דורך טאָג און דורך נאַכט.
איין חלל אין קראַטן איז אויבן נאָר אָפן,
מיר זײַנען פון ביקסן באַוואַכט...

מיר פאָרן, מיר פאָרן... וווהין און ביז וואַנען?
עס נעמט גאָר קיין סוף נישט דער וועג.
מיר פאָרן, ווו בערן ווו ווײַסע פּאַראַנען,
ווו ס׳איז פונעם לעבן דער ברעג...

אַלץ ווײַטער, אַלץ ווײַטער... פון וועלט שוין אַנטלאָפן...
נישטאָ שוין נישט דאָרף און נישט שטאָט.
נאָר „זאָנעס", נאָר „זאָנעס"... עס שמעקט שוין מיט צפון.
נאָר „זאָנעס" פאַרצאַמטע מיט דראָט...

מיר שנײַדן דורך װעגן, װאָס, דוכט זיך, אָן ענדע,
צו אײביקע שנײען און קעלט...
מיר זינקען, מיר זינקען אין שװאַרצער לעגענדע,
פאַרלאָזנדיק לעבן און װעלט — —

### 3. די „זאָנע"

אַ הױפן באַראַקן מיט נאַרעס —
דער טאָל פונעם מענטשלעכן װײ.
זומער — מיאַזמען, קאָמאַרעס,
װינטער — אין ימים פון שנײ.

אַרום נאָר די סופּלאָזע טײַגעס,
קײן סימן פון לעבן, פון װעלט.
פאַרװועלקסטו אין עלנט און דאגות,
װי בלומען אין פראָסט און אין קעלט...

### 4. אױפן װײַטן צפון...

אױפן װײַטן צפון,
אין דעם ים פון שנײ,
שטום גײט־אױס דײַן האָפן,
לעשט זיך אױס אין װײ.

אין דעם יאָך געבױגן,
אין דער טײַגעס קעלט —
קוקן דײַנע אױגן
צו דער װײַטער װעלט...

טאָמער װעל איך פאַלן
אונטער האַק און זעג —
זון! דורך דײַנע שטראַלן
כ׳גריס מײַן הײמיש ברעג!...

### 5. אויף די נאַרעס

צעקנאָדערטע מאַסע פון גופים,
אין לאַכעס, אין טראַנטעס פאַרהילט,
עס סטאַרטשען צעוויטיקטע אברים,
אַזוי ווי פאַרגליווערט, פאַרקילט.

צעבראָכן פון יאָך און פון פּראַצע
אין טײַגע מיט זעג און מיט לאָם —
איז ליגט זי, די מאַסע פון גופים,
פאַרזונקען אַזוי ווי אין תהום.

עס טרעפט, אַז עס זעט ווער אַ חלום:
אַ ליבסטע, אַ פרוי און אַ קינד.
ווי איינער, וואָס עפנט די אויגן,
וואָס לאַנג, לאַנג געווען זײַנען בלינד.

נאָר ברודיקע מאַסע אין ענגשאַפט
אַ חלום אַזאַ באַלד דערדריקט.
און שפּעטער דער בעל־החלומות
אין טרערן אין הייסע שוין ליגט...

עס ברעכן די גלידער פון מידקײַט,
פון פּראַצע, פון טײַגע, פון עול.
וואָלט דויערן אייביק דער חושך,
קיין טאָג זאָל נישט זײַן גאָר קיין מאָל.

נאָר ס'הילכט באַלד — „פּאַדיאָם!" * — און די נאַרע
צעראָיעט זיך פּונקט ווי אין מיסט.
אין דרויסן — אַ פראָסט אַ צעגליטער,
אַ חושך אין טײַגע און וויסט.

— הײַ, מאַרש! הײַ, דאָרט ווײַטער געגאַנגען! —
עס טאָפּטשען אין שנייען די טריט.

* אויפשטיין!

עס קלעפּן זיך אַלץ נאָך די אויגן,
עס ברעכט נאָך אַיעטוועדער גליד.

עס קריכן אַזוי די בריגאַדעס
דורך טעג, דורך נאַכט און דורך שניי.
פאַר וואָס ? און פאַר ווען ? און פאַר וועמען ?
עס רופט זיך נאָר אָפּ די זאַווײ.

### 6. בריגאַדעס

געענדיקט דער טאָג שוין אין וואַלד.
די „פּראָסיעקעס״ * אַלע געמאַכט.
די ביימער אין סטאָסן צעלייגט.
געוואָרן מיט מזל איז נאַכט.

עס קלייבן זיך מענטשן צונויף,
פאַרהונגערטע, מיד אין דער ריי.
ווי שאָטנס אין טעגישער נאַכט
עס טאָפּטשען בריגאַדעס אין שניי.

אַ שווייגן. מען רעדט נישט קיין וואָרט.
קיין כוח צו ריידן נישטאָ.
פון פינצטער ביז פינצטער. דער טאָג —
קיין אָנהייב, קיין סוף האָט ער דאָ.

מען ציט צו באַראַקן — די „היים״ —
פאַרצוימטע מיט שטעכיקן דראָט.
פאַרוואָרפן פון לעבן און וועלט,
פאַרבאָרגן פון מענטש און פון גאָט...

עס וואַרטן דאָרט נאַרעס אין קויט,
און קורץ איז די רו דאָרט אויף זיי.
ווי שאָטנס אין טעגישער נאַכט
עס טאָפּטשען בריגאַדעס אין שניי.

* וואַלד־וועגן, אויסגעהאַקטע דורכגענג.

ס׳איז שווער איצט צו טראָגן די האַק,
ס׳איז שווער איצט די זעג און דער לאָם.
און שווער אויך דער אייגענער גוף.
ס׳גלוסט פאַלן איצט כאָטש אין אַ תהום!...

עס טאָפּטשען בריגאַדעס אין שניי — — —

7. די ווײַסע נעכט

די ווײַסע נעכט דאָ זײַנען נישט פאַר שיינקייט.
ס׳לייגט קיינער נישט אויף זיי קיין ביסל אַכט.
עס צויבערט קיינעם נישט די פּראַכט פון הימל,
זײַן פאַרבן־שפּיל אין טײַגעס צווועלף בײַ נאַכט.

די ווײַסע נעכט, זיי ווערגן נאָר די שקלאַפן:
צוויי שיכטן אַרבעטן אין ווײַסע נעכט.
ס׳הערט גאָר נישט אויף אין טײַגע גרילץ פון זעגן.
עס קרעכצן אינעם יאָך די בידנע קנעכט.

אין ווײַסע נעכט צעהוליען זיך אינזעקטן,
צעבײַסן לײַב און פּנים פונעם שקלאַף.
די ווײַסע נעכט דאָ זײַנען נישט פאַר שיינקייט —
און ס׳שילט דער מענטש דערדריקטער גאָטס באַשאַף! — — —

8. קיין מאָל נישט...

קיין מאָל נישט קיין בלוט פאַרגאָסן,
נישט געשאָכטן פרוי און קינד... —
זאָגט, פאַר וואָס דער האַרבער עונש?
זאָגט, פאַר וועלכע שווערע זינד?

זאָגט, פאַר וואָס די וויסטע טײַגע
און דער צאַם פון שטעכיק דראָט?
זעסט נאָר זעג, און האַק, און רידל,
און — די ביקס, וואָס תמיד דראָט.

האָקסטוביימער, גראָבסט קאַנאַלן
סײַ אין פראָסט און סײַ אין ווינט. —
זאָגט, פאַר וואָס דער האַרבער עונש?
זאָגט, פאַר וועלכע שווערע זינד? — —

## און וויפל נאָך וואַנדערן?

און וויפל נאָך וואַנדערן? וויפל נאָך וואָגלען?
ווו איז יענער הימל? ווו איז יענע ערד?
ווען וועל איך צו ערגעץ אַ ברעג שוין דערשווימען?
ווו איז מיר צו לעבן און שטאַרבן באַשערט?

די וועלט אַזוי ברייט, אַזוי שיין, אַזוי הערלעך!
אין טויזנטער ריטמען דאָס לעבן צעשפּילט.
נאָר איך דריי זיך אום ווי אַ שערבל פון חורבן,
מיט אַש אויפן קאָפּ און אין שוואַרצן געהילט.

כ׳זע תמיד אין לופט נאָך דאָס אַש פון מײַן מאַמען,
וואָס איז אין די אויוונס טרעבלינקער פאַרברענט.
אין שטילקייט פאַרנעם איך אַ ווײַטן געיאָמער,
עס ציִען פון פלאַמען זיך בעטנדע הענט — — —

איז ווו זשע דען קען איך פון טרויער אַנטרינען?
נישטאָ אַזאַ הימל, נישטאָ אַזאַ ערד.
איך ווייס: ער וועט אומעטום זײַן מײַן באַגלייטער,
ווו ס׳איז מיר צו לעבן און שטאַרבן באַשערט — — — —

ווינטעל, 1952

## פרעמדע ערד

(סאָנעט)

ס׳קלינגט אומעטיק דאָס ליד אויף פרעמדער ערד.
מעג זײַן די פרעמדע ערד ווי שיין און רײַך.

דערפֿאַר האָט אין געזאַנג זיך אַ געוויין געהערט
אַמאָל נאָך ביי אַ יעדן בבֿלס טייך...

די ערד, די פֿרעמדע ערד, וואָס דיר באַשערט,
איז תּמיד צו אַ שטיפֿמאַמע דיר גלייך.
דו וויאַנעסט ווי אַ פֿלאַנץ און ווערסט פֿאַרצערט
אין קאַלטן, שוואַרצן טרויערס קיניגרייך.

מדבריות. בערג. אַ פֿאַלמע וווּ־ביט־ווו.
עס ברענגט דיר נישט קיין פֿרייד, עס ברענגט קיין רו
נישט פֿרעמדער הימל און נישט פֿרעמדער פֿליין.

ס׳האָט אַ געוויטער ווייט דיין היים פֿאַרשעמט,
פֿאַרוואָרפֿן דיך אין ווייטער, קאַלטער פֿרעמד.
דעריבער קלינגט אין ליד ביי דיר געוויין...

בוענאָס־איירעס, 1955

## אונטער אַ פֿאַלמע

די רחבֿותדיקע יוסט־צעשפּרייטע פֿאַלמע
אין הייסער מדבר׳ס מיט,
צווישן זאַמדן, שטעכעדיקע דערנער,
פֿון שׂריפֿה־זון צעגליט, —

די שלאַנקע, גרינע, ווונדער־צאַרטע פֿאַלמע,
זי איז מיין טרייסט געווען:
כ׳בין מיד געלעגן אין איר גרינעם שאָטן
און האָב מיין היים געזען.

מיין ליבע היים, מיין ווייטע היים צעשטערטע
פֿאַרלאָזן און פֿאַרשעמט.
איך טוליע צו זיך צו דער פֿרעמדער פֿאַלמע
אין אייביק פֿוסטער פֿרעמד.

עס קען די וויסטעניש קיין רו נישט געבן
דעם וואַגלער אין זײַן וועג.
די שטעכל־דערנער, ווילדע זון און ווינטן —
נאָר פלוך, נאָר פלוך פון טעג — —

פלאַטאַנאַס, 1953

## אַרגענטינער פּייזאַזש

די פלאַכקייטן פאַרלירן זיך אין אַלע האָריזאָנטן.
ס'פאַרטשעפּעט נישט דעם בליק קיין בערגל נישט, קיין וואַלד.
עס גיסן זיך צונויף די אַלע ווײַטן מיט די נאָענטן.
דאָס ווילדגראָז אויף די פּאַמפּאַס, דוכט, ווי וועלט איז אַלט.

עס הויערן די סטאַדעס פּי ווי הפקרדיק אין גראָזן.
זיי קריכן דאָ אַרום ווי נאָך פון אָדמס צײַט.
צעווישן גרינער ווילדעניש צעהוליעט שפּרינגען האָזן,
און מחנות רויבפייגל צעשרײַען זיך פאַרשײַט.

אַט רײַט אַ גאַוטשאָ אויף אַ פערד, אין ווילד גאַלאָפּ נאָך סטאַדע.
דאָס רויע פּנים ווי פון קופּער, שטײַף און ברוין:
דער מענטש דער סטעפּישער פון אַלטע אור־צײַטן אַוודאי,
וואָס איז נאָך נישט פאַרשקלאַפּט פון הערשערישער קרוין.

וווהין פאַרפירן קען דער צוג, וואָס שנײַדט זיך אין די ווײַטן?
יאָ, זיכער, אַז צום סאַמע עק פון אונדזער ערד.
צי ווײַזט עס נישט אַז אור־גאָט מיר די אַלטע גוטע צײַטן,
ווען ס'האָט נאָך נישט געלעבט דער מענטש פון מאָרד, פון שווערד? — — —

אין צוג, 1954

## דאָס טײַכל אין די בערג

דאָס קלאָרע טײַכל אין די בערג דערציילט, דערציילט פון אייביקייט.
עס זינגט אַזוי אָן סוף אין קרומען שטיינער־וועג:

ווי אַ בציבורדיק און שטענדיק דאַוונען, אָן הפסקה גאָר,
אַ לאַנגער הלל, וואָס עס רוישט דורך נעכט און טעג.

עס קוקן גוט און פרום אַרויס געוואַשענע, געלײַטערטע
די ווײַסע שטיינדעלעך פון וואַסער־דעק, פון טאָל.
און איבער טײַכל נייגן זיך די ווײנענדיקע ווערבעס שטום
און ציִען־אויס, ווי גרינע ליכט, די צווײַגן שמאָל.

איך ווער אַזוי פאַרוויגט אין שטיינער־טאָל בײַם טײַכל רוישיקן:
עס גלעט דאָס ליד פון אייביקייט, פון אייביק זײַן.
אַפילו ס׳מינדסטע שטויבעלע איז זיך מצרף פרום
אין לויב צום אייביקן באַשאַף — וועלט־אויס, וועלט־אײַן...

מינאַ קלאַוועראַ, 1954

## יאַנוש קאָרטשאַק מיט זיינע קינדער

קינדער ייִדישע פון שול־פּאַלאַצן ווײַסע!
כ׳וועל דערציילן אײַך אַ טרויעריקע מעשה:

אויך פון קינדער, פונקט ווי איר, פון טאַטן־מאַמען,
ס׳האָבןווילדע חיות זיי געיאָגט אין פלאַמען.

מ׳האָט זיי פון אַן אָרעם קינדערהיים גענומען —
אַלע ווי די קנאָספּן, אַלע ווי די בלומען.

ס׳האָט דער לערער קאָרטשאַק זיי געטאָן באַגלייטן;
האָבן זיך געטוליעט איינער צו דעם צווייטן.

און אַזוי אין גאַסן לעצטן וועג געגאַנגען.
איבער זיי דער הימל טרויעריק געהאַנגען.

ס׳האָט געטריפט מיט טרערן פון אַ וואָלקן טריבן,
ווען די דײַטשן־רוצחים האָבן זיי געטריבן.

ס׳האָבן גאָר די קינדער נישט געקענט זיך שיידן
פון דעם גוטן לערער, פון דעם גוטן זיידן.

איז דער גוטער לערער אויך מיט זיי צוזאַמען
לעצטן וועג געגאַנגען, אין דעם גרויל פון פלאַמען.

קינדער ייִדישע פון די פּאַלאַצן ווײַסע!
נישט פאַרגעסט קיין מאָל די טרויעריקע מעשה:

פון דער גרויסער ליבע, וואָס עס האָט קיין ברעגעס,
פון דער טרייסט, וואָס מונטערט ביז די לעצטע רגעס.

אין די שול־יום־טובים, אין די שפּילערײַען,
ווען איר טוט מאַרשירן אין די גלײַכע רייען, —

ווען איר שפּרייט פונאַנדער די בלוי־ווײַסע פאָנען —
יענעם לערער, יענע קינדער טוט דערמאָנען...

בוענאָס־אײַרעס, 1954

## פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע...

(אויפן טויט פון שמערקע קאַטשערגינסקי)

פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע ביסטו צו אונדז געקומען.
אין געטאָ ווילנע האָט געריפּט דײַן מוט אין פּײַן און צער.
פאַר קינדער פאַר געשאָכטענע נקמה האָסט גענומען,
פאַר מאַמעס פאַר געקוילעטע אין גריבער פון פּאָנאַר.

פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע ביסטו צו אונדז געקומען,
ווען שונא איז געלעגן שוין באַשפּיגענער אין שאַנד.
געקומען אַ צעזונגענער, ווען טײַכן בלוט פאַרשווומען,
אין געטאָ־חורבות אויסגעוויכערט שוין דער לעצטער בראַנד.

פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע — מיט ווילנעס ליכט און גלויבן!
באַפליגלט האָסט פאַראָבלטע מיט פרייד און מיט געזאַנג.
דו האָסט אַליין געשוועבט און אַנדערע מיט זיך דערהויבן,
אַריבער אַש צעשפּרייטן — אין גאולהישן געקלאַנג...

פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע ביסטו צו אונדז געקומען,
געקומען אַ צעזונגענער צו אונדז, אין אונדזער מיט.

נאָר ווי! ביסט ווי אַ טרוים אין לעצטן אַדלער־פּלי פאַרשוווּמען,
און ניט געענדיקט נאָך, און ניט דערזונגען נאָך דײַן ליד — — —

בוענאָס־אײַרעס, מײַ 1954

## פון בוך: „ווערבעס ביים וואַסער"

### אַ פרעמדע

אַ פרעמדע איז געווען דאָס הויז פון טאַטע־מאַמען.
אַ לעבן אָפּגעלעבט צעווישן פרעמדע ווענט.
קיין ביימל און קיין איינציק שטיין, וואָס זאָלן שטאַמען
פון היים ירושהיקער — די מי פון אָבות׳ הענט.

דעריבער האָב איך קיין מאָל נישט וווהין צו קומען
אין טעג פון נע־ונד, מיט שטומער גרויער פּײַן.
מיך נעמט נאָר אויף דאָס פעלד מיט ווערבעס, ווילדע בלומען,
נאָר ס׳עפנט זיך קיין היימיש׳ טיר, איך זאָל אַרײַן.

איין אייגן אָרט איז איצט מײַן טאַטנס קליין פאַרמעגן:
די דלד אַמות, וואָס ס׳איז איטלעכן באַשערט.
אַהין קום איך צוגיין אַ מאָל פון אַלע מײַנע וועגן,
און דאָ דערשפּיר איך ערשט די היימישקייט פון ערד.

וואַרשע, 1931

### אַ שטאָטישער פּייזאַזש

איך זוך מיר אויס אין שטאָט די ווײַטסטע־ווײַטע פּלעצער
צעוואָרפן, פּשוט אָרעמע, דאָ־דאָרט אויף באַרג און טאָל.
כ׳האָב ליב די אַלטע פאַרקאַנעס, די קינדער־שפּיל אויף קלעצער,
די כאַטקעס קליינע הילצערנע, וואָס ריידן פון אַמאָל.

עס איז מיר דאָרטן נאָענט די אָרעמקייט, די בלייכע, גרויע,
די העכער גרין און שימלדיק, די ווענט פאַרקלעפּט מיט ליים.

און ערגעץ אויף אַ פּלאַץ אַ בידנע ציג זוכט מיט הנאה
אַ קרײַטעכצל, אַ גראָז, — ווי דאָרטן, אין מײַן אַלטער היים...

אַט צופֿן, פּיקן זיך צווײ הענער בײַ די רויטע קאַמען,
דאָרט עפּעס אַ משוגענער מאַכט קונצן, זינגט און לאַכט.
און אַט־אַ גייט אַ פּרוי פֿאַרבײַ — דערמאָנט זי מיר מײַן מאַמען:
איר פּנים איז מיט קנייטשן פֿול און אָרעם איז איר טראַכט...

כ׳גיי ווײַטער: אַ קאַנאַלכל. קינדער באָדן זיך — אַ „מאכל!"
עס גייט אַ „שווימערײַ" — מען רײַבט זיך אָפּ אין זאַמד דעם בויך.
איך וואָלט געשווירן — ס׳איז מײַן היים! דאָס איז דעם גלחס טײַכל...—
ווען פּלוצלינג שוועבט נישט דורך אַ צוג מיט אימפּעט און מיט רויך.

וואַרשע, 1939

## אומעט אין שלייער

ס׳איז בלײַ די פּרעמדקייט צווישן מויערן־גיגאַנטן,
ס׳איז גרויל די איינזאַמקייט צעווישן אַ מיליאָן.
דער אומעט שפּרײַזט־אַרום אין שלייער עלעגאַנטן
גאַס־אײַן, גאַס־אויס, ווען אָונט שטאָטישער קומט־אָן.

ר׳באַגלייט דיך אומעטום אויף אַלע דײַנע וועגן:
ער זיצט לעם דיר בײַם מאַרמאָר־טישל אין קאַפּיי;
אין קלאַנגען פֿון אָרקעסטער קומט ער דיר אַנטקעגן;
אין טונקל פֿונעם קינאָ זיצט ער בײַ דײַן ריי.

ער רעדט צו דיר אין צירק דורך בונטע אַרלעקינען;
ער הויכט אויף דיר אַראָפּ פֿון זילבערנעם עקראַן.
און קומסט אין חדר דײַנעם — וועסט אים גלײַך געפֿינען.
ער איז דאָ שטענדיק פֿריִער נאָך פֿון דיר פֿאַראַן.

איך זע, איך זע אים אומעטום, דעם אַלט־באַקאַנטן —
אין שענק אין רויכיקן, אין גלאַנץ פֿון דעם סאַלאָן.
ס׳איז בלײַ די פּרעמדקייט צווישן מויערן־גיגאַנטן,
ס׳איז גרויל די איינזאַמקייט צעווישן אַ מיליאָן — —

וואַרשע, 1930

## אַ שטאָט — אַ פּלאָנטער

אַ שטאָט — אַ פּלאָנטער. גאַסן — לאַנג, פיל־וויאָרסטיקע.
ווי אָדערן געקרייצט גערדיכט אַהין־אַהער.
און לעבנס אַ מיליאָן אין נעצן האַרטע, שטייניקע.
אַן עמעץ יאָגט און טרייבט מיט האַסט — ס׳וויס קיינער ווער.

און קומט דער אָוונט אָן — אַן אומרו כאַפּט די בלאָנדזשיקע,
ס׳איז יעדער טראָטואַר — אַ טייך! אַ מענטשן־שטראָם!
ס׳איז נישט לבנהס רייץ, וואָס לאָקט — זי איז אַ נסתר דאָ.
דאָס האָט אַ שד אַזאַ געעפנט דאָ אַ תהום...

און פּרוווסטו זיך באַהאַלטן ווען אין ווינקלען איינזאַמע —
דאַן יאָגט עס דיך אַרויס: פילסט קראַמף פון דעם מיליאָן.
און אויף דער שטראָמען־גאַס ביסטו נישט דו — אַ שטויבעלע,
אַ שווימיק שטרויעלע, וואָס האָט נישט קיין רעזאָן.

עס רוישט דער שטראָם דער גאַסיקער, דער רויער, לאַכיקער.
עס ווערט די שטאָט פאַרכליניעט אַזש פון קאַלטער פראַכט.
און וויל זיך ווער פאַרשיכורן פון גרויער נישטיקייט —
אַ לילית־טאָכטער גיט אים אָפּ איר טומאה־נאַכט — — —

וואַרשע, 1930

## דער ל׳עצטער מענטש

ס׳וועט דער לעצט־לעצטער מענטש זיין שוין קליגער און שענער,
פול חכמה, פאַרשטאַנד פון מיליאָניקסטן יאָר.
אין די אָדערן זיינע וועט בלוי־בלוט נאָר פליסן —
געמאָסטן, געוווגן, ווי ס׳פּאַסט פאַר זיין דור.

ער וועט פליִען מיט פליגל ווי איצטער די פייגל
(דאַן וועט שוין פאַר פייגל צו קאַלט זיין די ערד):
ס׳וועט זיין בענקען און ליבע, זיין טרוים און זיין תאווה
דורך מאַטאָרס און דראָטן דאַן ווערן גענערט.

סײַ דער גרונט פֿון די ימים, סײַ הייך פֿון די הימלען —
ס׳וועט זײַן פֿאַר אים אַלץ ווי אַן אָפֿענער בוך.
אָבער קאַלט וועט אים זײַן. און ער וועט זיך פֿאַרבענקען
נאָך פּשוטער שוואַרצערד, נאָך פֿעלדער־גערוך.

אָבער גליִווערן וועט אַלץ די זון אין די הימלען,
טויט־פֿעלדזיק וועט ווערן די ערדישע טראַכט.
ווען עס גליקט אים אַ „וועלט־מאָטאָר“ שאַפֿן — דאַן וואָלט ער
די אָדם־ און חוה־צײַט ווידער געבראַכט.

וואַרשע, 1931

## אַ טאַנגאָ

אין אַ רוישיקער קנײַפּע, פֿול רויך און גערייד,
כ׳האָב געקוקט אויף דיר לאַנג. כ׳בין געזעסן אַליין.
האָסט אַזוי פֿיל געשמייכלט, אַזוי פֿיל גערעדט,
דורך קאַרמינישע ליפּלעך, ווײַס־פֿלאַמיקע ציין.

ס׳האָט זיך גליקלעך געשמאָלצן דײַן פֿליכיקער מאָן,
וואָס אין גאַנצן באַרוישט פֿון דײַן זוניקער פֿרייד. —
האָב איך אויך פֿון דער ווײַטנס געגנבעט אַ שטראַל —
אין דער קנײַפּע, וואָס פֿול איז מיט רויך און גערייד.

אָט הייבט אָן דער אָרקעסטער אַ טאַנגאָ פֿאַרבענקט.
ווערסט אַנטשוויגן אין אומעט, דײַן שמייכל אַוועק.
אין דער רגע געוואָרן מיר ביסטו אינטים,
ווי אַ ליד, ווי אַ ליד פֿון פֿאַרלוירענע טעג...

כ׳האָב געוואַגט און פֿאַרנייגט זיך, געבעטן צום טאַנץ.
ס׳איז געבליבן אַליין דאָן דײַן פֿליכיקער מאָן.
ס׳האָט געשפּילט דער אָרקעסטער דעם טאַנגאָ פֿאַרבענקט.
אין מײַן אָרעם געציטערט האָסטו ווי אַ שוואַן.

— ביסט דאָך שלאַנק, ביסט דאָך שיין! — שטיל געזאָגט האָב איך דיר,
און געקוקט אין די אויגן — אין לאַקיקן תהום.

— „אַך, מײַן מאַן ... אַך, מײַן מאַן...“ — קוים געפּליסטערט האָסטו
און מיך ווײַטער געצויגן אין טאַנציקן שטראָם.

האָסט געוויגט זיך דאָ ווײַט און דאָ וואַנזיניק נאָנט!
ס'האָט דײַן מאַן פון דער ווײַט אַזש געגליט אין זײַן רויך.
נאָר די רגעס פאַרחתמעט געווען שוין אין מיר.
אין דער קנײַפּע געבליבן איז פרייד בײַ מיר אויך.

ס'איז דײַן מאַן דאַן אַ בייזער מיט דיר גלײַך אַוועק.
כ'בין נאָך שפּעט דאָרט געזעסן אין רויך און גערייד.
כ'האָב געאָנט, ווי דו פלאַטערסט אין זײַד־העמד און וויינסט,
ווען אַ „פליך“ האָט געזעצלעך געמאָנט בײַ דיר פרייד — — —

וואַרשע, „זשעמיאַנסקאַ“, 1931

## VIII

# אויף פרעמדער ערד

(בוענאָס־אײַרעס, 1962)

### פּרעלוד

לידער מײַנע — בלויע פלאַמען
פון מײַן דעמערדיק געמיט.
אין מײַן נע־ונד צוזאַמען
שטענדיק איז מיט מיר מײַן ליד.

איבער וועגן, איבער שטעגן,
איבער מדבר, איבער ים —
מעג עס זײַן דעם טויט אַנטקעגן —
שטענדיק מיט דעם בלויען פלאַם — —

### רויכן פון מיידאַנעק

די ערד איז נאָך אין וווּנדן פול — די מאַסן־קברים;
מײַדאַנעק־אַש — ער גליט און שרפעט נאָך ווי שחין.
ס'וועט דורות, דורות פרעסן דער געוויסן־וואָרעם,
אין קיין־שאַרבנס לעכערן דעם מוטנעם זין.

קיין הימל־תכלת וועט אויף אייביק נישט פאַרדעקן
די ערד די פוילישע, וואָס בליט און גרינט אויף ס'נײַ:

עס שרײַט דאָס בלוט פֿון טיף אַרויס מיט אַלע שרעקן —
מעג זײַן אין מיטן רייץ פֿון אַ צעשטראַלטן מײַ.

מעג שנאה יובלען דאָרט, ווו טײַכן זײַנען טרערן;
מעג האָס פֿאַריאָגן אויך דעם לעצטן אָבל־ייִד, —
ווער ס׳האָט אַן אויער, וועט אין נאַכט־שטילקייט דערהערן
געיאָמער אינעם וואַלד־גערויש, אין פֿייגל־ליד.

מײַדאַנעק־רויכן בלאָנדזשען אום אין אַלע רוימען,
פֿאַרטונקלען אַרגיעס שיכור־שוימיקע פֿון וועלט.
דעם „שמע ישראל״ פֿון פֿאַרגאַזטע ווער קען צוימען?
ער גרייכט צו רויִקסטע מיט שוידער און מיט קעלט — —

בוענאָס־אײַרעס, 1957

## פֿון יענער ערד...

מיט רעשטלעך פֿון די לעצטע ייִדן
פֿון יענער ערד בין איך אַוועק.
די היים, וואָס איז אויס היים געוואָרן,
געטרישט אויף נע־ונדן וועג.

געלאָזט דאָס אַש, געלאָזט די חורבות,
דעם שטומען יאָמער אין די נעכט:
די טויטע אָן תכריכים, קברים —
זיי מאָנען, מאָנען זייער רעכט.

געלאָזט דעם צער פֿון פּוסטע שולן,
בית־עולמס אָן אַבלים גאָר:
אַז די אַבלים אויך פֿאַרברענט דאָך,
אין פֿלאַמען איז אַוועק אַ דור — —

איז וואָגל איך אין וועלט אין פֿרעמדער —
אַ ניט־דערקוילעט בידנע שאָף.
ס׳וויל קיינער הערן פֿון די גרוילן,
וואָס רויבן רו, וואָס רויבן שלאָף.

ס׳גייט־אָן אין שטעט די שפּיל פון לעבן,
און ס׳קען נאָך לאַכן אויך אַ ייִד.
ווער וויל, ווער דאַרף דעם בעל־מקונן
און די יסורים פון זײַן ליד? — —

נאָר איך — דער ניט־דערברענטער קרבן —
געבליבן בין איך נאָר דערצו:
דער וועלט צו וואַרפן אַלע פּײַנען
און דווקא רויבן שלאָף און רו — —

טשאַפּאַדמאַלאַל, 1957

## אשמנו...

שוין פאַרטיק בײַם וועלדל דער גראָבן דער לאַנגער,
די ייִדן עס שטייען בײַם ראַנד.
אַליין זיך געגראָבן דעם קבר בציבור,
זיי קלאַפּן אין האַרץ מיט דער האַנט:

— אָשמנו... בגדנו... — עס מורמלען די ייִדן,
מיט אויגן צום הימל געווענדט.
אָט באַלד — און אַ זאַלפּ וועלן געבן די רוצחים,
אָט באַלד — און זיי ווערן פאַרלענדט.

— אָשמנו...בגדנו... — פאַרהילט אין זײַן טלית
עס זאָגט מיט דער עדה דער רב.
און ס׳זאָגן נאָך אַלע אין שטילער יללה,
אָט באַלד — און זיי פאַלן אין ראָוו.

— אָשמנו... בגדנו... — ווער איז אויף אַן אמת
דער זינדער: די ייִדן, צי גאָט?
און ווער איז דער בוגד? צי גאָר כביכול,
צי פאָלק, צי די עדה פון שטאָט?

איז ווער זשע דער שופט און ווער זשע דער דיין?
און ווער טראָגט אַרויס דעם גזר־דין?

— אָשמנו... בגדנו... — בײַם ראָוו שטייט די עדה
און ס׳צילט דער פּלוטאָן שוין אַהין — — —.

קאַסטעלאַר, 1960

## אַתה נגלית...

אַתה נגלית בענן כבודך על עם קדשך לדבר עמם.
(פון די ימים־נוראימדיקע תפילות)

דו האָסט זיך אַנטפּלעקט אונדז אין וואָלקן,
אין גרויסקייט און רום;
פון הימלען דײַן קול געלאָזט הערן
אין גאַנצן אַרום.

דו האָסט זיך אַנטפּלעקט אויפן סיני
אין לויטערסטן שײַן;
דו האָסט אונדז געלערנט: „לא תרצח!",
ווי ייִדן צו זײַן.

דורך פלאַמען, דורך דונער און בליצן,
דורך שופרות־געשאַל,
אַ בונד מיט דײַן פאָלק האָסט געשלאָסן
אין שכינה־צעשטראַל.

פאַר וואָס דעם „לא תרצח" געלערנט
האָסט אונדז נאָר אַליין?
נו, האָבן אונדז אומות געשאָכטן,
כאָטש מיר זײַנען ריין.

און דו האָסט געקוקט און געשוויגן
פון הימלשער הויך —
ווען מ׳האָט אונדז אין אויוונס געוואָרפן,
אין פלאַמען און רויך — — —

אוי, אַתה נגלית... צו אונדז נאָר...
אויף סיני... אַמאָל...

פאַר וואָס אויך צו זיי מיט „לא תרצח"
עס שאַלט נישט דײַן קול ? — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1956

## אין די חרובע שולן

איבער שטעט, איבער שטעטלעך פון פוילן
די שכינה פאַראָבלט גייט אום ;
קוקט אַרײַן אין די שולן די פוסטע.
אין די פענצטער קיין ליכטל. טויט־שטום.

נישט קיין ייִדן און אויך נישט קיין תפילות —
אַז די ייִדן אַוועק מיטן רויך.
גייט נישט אויף מער קיין בכיה צו הימלען,
צו דעם כסא־הכבוד דאָרט הויך.

ס'איז נישטאָ וועמען משפּטן איצטער
אין די הייליקע פאָרכטיקע טעג.
אַז געשוויגן האָט אויך דאָך דער הימל,
ווען די עדהס צו שחיטה אַוועק.

איצטער חרוב די שולן און פינצטער
און די שכינה, זי וואָגלט אַליין...
פול מיט צער און אין ווײ פון אַבלות
זינקט די שכינה אין טיפן געוויין — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1958

## אין אַ פרעמדן וואַלד

די הויכע, שלאַנקע סאָסנעס פונעם פרעמדן וואַלד
דערמאָנען מיר מײַן וויסטע חרובדיקע היים.
דאָרט ווייען איצטער ווינטן הפקרדיק און קאַלט,
אַלץ ליגט אין חורבות דאָרט, אַלץ ליגט אין קופּעס ליים.

די פרעמדע סאָסנעס פליסטערן מיר טרוי׳ריק־שטיל
פון מאַמע פון געשאָכטענער אויף יענער ערד.
אין וואַלד־געדויש איר „שמע ישראל״ כ׳הער און כ׳פיל
איר לעצט געשריי פון אונטער דעם רוצחס שווערד.

די פרעמדע, שטילע, גרינע סאָסנעדיקע וועלט —
זי קען נישט געבן מיר קיין רגע רו, קיין פרייד;
די ווײַטע הימלען ברענגען מיר פון דאָרטן קעלט,
און ווינטל מיט אַ ווײַטן גרוס פון קברים ווײַט...

לאַס טאַסקאַס (אורוגוויַ), 1959

## רעמיניסצענצן

די גרין־צעשפרייטע ווערבע בײַ מײַן פענצטער
פון שטעטלדיקער אַלטער היים;
דאָס קליינע שטיבל אָרעמע און גרויע,
די ווענט מיט פלעקן געל פון ליים;

די אַלטע גוטע, פרומע טאַטע־מאַמע,
געבויגענע פון זאָרג און נויט
(אַז שטענדיק פול געווען די לופט פון שטיבל
מיט פחד פאַרן ביסן ברויט...);

די כאַטקעס הילצערנע, די קליינע געסלעך,
דער בית־המדרש אין דער מיט
(אַ, וויפל קדושה כ׳האָב פון דאָרט געירשנט,
דאָרט אויך געוועבט מײַן ערשטלינג־ליד) —

דאָס אַלץ איז מער נישטאָ, ווי נישט געווען גאָר,
מיט קברים פול נאָר יענער אָרט.
געבליבן נאָר חלומות, וואָס גענומען
איך האָב אין גרויסער וועלט פון דאָרט.

דאָך זע איך פאַר די אויגן אַלץ יענץ שטיבל,
די ווערבע וויגנדיק זיך שטום;

מײַן טאַטן אין זײַן אָרעמאַנסקן טלית,
מײַן מאַמען בײַ איר סידור פרום.

זי בעט פאַר מיר אין מײַנע שוואַרצע שעהען,
אין מײַנע נע־ונדע טעג...
כ׳וועל פילן אירע טרערן און איר ליבשאַפט
בײַם סוף אויף פון מײַן וואָגל־וועג — — —

טשאַפּאַדמאַלאַל, 1960

## אין קיינעמס לאַנד

כ׳בין ווי אין קיינעמס לאַנד פאַרבליבן,
דאָ גייען מײַנע טעג פאַרבײַ.
און כ׳קען נישט אונטער פרעמדע הימלען
זיך אויפשטעלן אַ היים אויף ס׳נײַ.

איך בין געבליבן ווי אַ פרעמדער
אין טומל פון אַ ווײַטער שטאָט.
מיך לאָקן נישט די פלאַכע פריידן,
ס׳איז פרעמד מיר דאָ אי מענטש, אי גאָט.

עס איז מײַן גורל פון אַ וואָגלער —
נאָר מדבר, פוסטקייט פילן, זען...
צו לעבן נאָר מיט די זכרונות,
נאָר מיט דער וועלט, וואָס איז געווען...

נאָר מיט דעם נעכטן, וואָס פאַרשווונדן,
וואָס אָפּגעמעקט דורך מאָרד און בראַנד.
אַזוי איז שוין מסתּם מײַן גורל —
צו אויסגיין אויך אין קיינעמס לאַנד — — —

טשאַפּאַדמאַלאַל, 1960

## וואָס ווייטער...

וואָס ווײַטער ס׳רוקט זיך אָפּ די צײַט פון אונדזער חורבן,
וואָס ווײַטער ס׳ווערן יענע אָבל־שוואַרצע טעג;
וואָס מער פאַרוואַקסן ס׳ווערן אַלע מאַסן־גריבער,
ווהין געגאַנגען איז מײַן פאָלק אין לעצטן וועג;

וואָס מער די וועלט וויל אָפּווישן פון איר געוויסן
דעם הבל־מאָרד, דעם גרעסטן שווידער פון דער צײַט, —
אַלץ ווילדער און אַלץ שוואַרצער שווימט ער אויף גאָר,
דאָס בלוט עס שרײַט פון ערד אַרויס. עס מאָנט און שרײַט.

און ס׳הערט נישט אויף צו מאָנען, ס׳הערט נישט אויף צו שרײַען,
עס מוז, עס מוז נאָך קומען ווען דער טאָג פון שטראָף,
עס האָט אײַן פאָלק אַ פאָלק במזיד אויסגעשאָכטן,
אַזוי ווי ס׳קוילעט אויס אַ שוחט בידנע שאָף.

וואָס מער די וועלט וויל מאַכן אונדז אָן אַלץ פאַרגעסן
און אָפּווישן מחילהדיק די מערדער־האַנט, —
אַלץ מערער שאָטנס טויכן־אויף פון מאַסן־גריבער
און וואַרפן אויף די האַרן פון דער וועלט די שאַנד.

וואָס מערער גראָז פאַרדעקט שוין אַלע ברידער־קברים,
אַלץ פײַנלעכער איז אונדזער קדיש איבער זיי.
עס וועלן דורות גיסן טרערן איבער קינות,
און אייביק וועט נישט אײַנשטילן בײַם פאָלק דער ווי׳ — —

נעקאָטשעאַ, 1956

## סדנא דארעא

ס׳איז סדנא דארעא חד הוא,
מיט שיינקייטן אַלערליי, —
איז ווילט זיך די ערד נישט פאַרלאָזן
נאָך איידער געזען האָסטו זיי.

איז ציט דיך אין שטעט און אין לענדער,
דורך וועגן, דורך באַנען, דורך ים.
אַז אומעטום לאָקט דיך אַ שיינקייט,
פון שקיעות — דער פאַרביקער פלאַם.

אַ פאַלמע דיך גריסט מיט איר רחבות;
אַ באַרג צו זײַן הייכעניש רופט;
אַ וואַלד דיך פאַרבעט אין זײַן שאָטן;
אַ רויז־קוסט פאַרשיכורט מיט דופט.

דאָ רוישן קאַסקאַדעס צעהפקרט
און שפּריצן מיט זילבער אַראָפּ;
און אונטן אין טאָל יאָגט אַ טײַכל,
עס יאָגט זיך אַזוי אין גאַלאָפּ.

אַ בין זשומט פאַרבײַ מיט אַ ניגון,
אַ שוועלבל אין לופט טוט אַ יאָג.
ס'איז אַלט שוין און נײַ ווי דער פרילינג,
און נײַ איז אויך תמיד דער טאָג.

אַ שמייכל פון אויגן פון שוואַרצע
פאַרכישופט מיט פרוויזשן חן.
אַז אומעטום פריידן דערוואַרטן —
ווהין זאָלסט ניט שוועבן און גיין.

אַז סדנא דארעא חד הוא —
און אייביק די שיינקייט און נײַ.
חטוף ואכול — כאַפּ די שיינקייט
נאָך איידער דײַן ליד איז פאַרבײַ — — —

אטלאַנטישער אָקעאַן, 1960

## ווי אַ גוטע מאַמע...

אָ, נאַר מיך, בלענד מיך ווידער, פרילינג,
אָן נאַרעריי ווי שווער!

ווען דו פֿאַרוויגסט מיט בלויען כּישוף —
אַ פּערל ווערט די טרער.

פֿאַרשיט מיט דײַנע רויטע רויזן,
מיט דופטיק ווײַסן צוויט;
און לאָז דײַן פֿייגל־כאָר פֿאַרזינגען
מײַן טרויעריק געמיט.

אָ, פֿרילינג, ברענג מיך, פֿיר מיך ווידער
אין די בראשית־טעג.
פֿאַרוויג מיך ווי אַ גוטע מאַמע,
ווען ס'ווינקט דער שוואַרצער ברעג — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1961

## ווען די בלויקייטן לייגן...

גיי וואָס ווײַטער און קלעטער. שטײַג העכער.
צום שפּיץ פֿונעם באַרג איז נאָך ווײַט.
טיף אין טאָל ווערן קלענער די דעכער.
דו פֿאַרגעס אינעם שטײַגן אָן צײַט.

ווענד די אויגן צו בלויקייט, צום אויבן,
און ניט שענק מער צום נידער דײַן בליק.
ווייס, דאָס שטײַגן גיט פֿליגל, גיט גלויבן;
ווייס, דאָס שטײַגן גיט חדווה און גליק.

ווי אַן אָדלער אין שטײַגן וועסט ווערן,
מיט די רחבותן בלויע באַנאַנד.
מיטן האַרץ צו דער זון און צו שטערן,
און געשטרעקט צו דעם הימל די האַנט.

באַרג־אַרויף איז אַ חלום אַ בלויער,
באַרג־אַרויף איז אַ מעשהלע שיין.
עס פֿאַרגעסט זיך די ערד מיט איר טרויער,
עס פֿאַרגעסט זיך דער צער פֿון פֿאַרגיין — —

כאָטש פון שפּיץ — אויב דו גרייכסט — קען דיר פירן
נאָר דער וועג באַרג־אַראָפּ, נאָר צו ערד;
כאָטש ווערסט דעמאָלט דעם חלום פאַרלירן,
נאָר פיר איילן סוף־סוף דיר באַשערט... —

דאָך איז גוט נאָר אַלץ העכער צו שטײַגן,
צו פאַרשווינדן דערווײַל כאָטש אין בלוי;
עס איז גוט ווען די בלויקייטן לײַגן —
שיין צו לעבן און שטאַרבן אַזוי — — —

בוענאָס־איירעס, 1960

## דער לוח

עס שווינדן טעג ווי בלעטלעך פון אַ לוח —
מען רײַסט זיי אָפּ, מען וואַרפט זיי אויף דער גאַס.
פאַר וואָס זשע אַזוי שנעל? פירסט אַ וויכוח
מיט בורא־עולם פאַר זײַן לעבנסשפּאַס.

דו רײַסט די בלעטלעך מיט נשמה־פלאַטער,
ס'ווערט דינגער אַלץ דער לוח אויף דער וואַנט.
אָט נאָך אַ בלעטל... — ווערסט אין ציילן מאַטער,
און שוואַרצע שאָטנס הילן דעם פאַרשטאַנד.

עס שווינדן טעג ווי בלעטלעך פון אַ לוח,
און וויפל נאָך געבליבן ביזן סוף?
אַלץ גייט אַהין... געטריבן פון אַ רוח,
עס גייט אַהין די בידנע סטאַדע שאָף — — —

בוענאָס־איירעס, 1961

## אין קאַראַהאַד

פליִען אין קאַראַהאַד לאַנקעס און פעלדער,
דרייען זיך בערג אין אַ פריילעכן טאַנץ;

טאַנצן אויך מיט די צעפּאַליעטע וועלדער,
שלענגלט אַ טײַך זיך מיט זילבערנעם גלאַנץ.

לויפן־אַן דערפער און שטעט פון אַנטקעגן —
רויטע די דעכער און ווײַסע די ווענט;
העלע שאָסייען און דאָרפישע וועגן
ציִען זיך, ציִען ווי שטרעקיקע הענט.

אָט איז אַ כאַטקע באַהאַלטן אין ביימער,
פאַרנט אַ גערטל מיט רויזן אַ ים,
פליסט דאָ אַ לעבן אין גרינקייט געהיימער,
כישופט מיט ליבשאַפט אַ פּרוי מן הסתם.

טראָגט זיך דער צוג אין די ווײַטן און ברייטן,
עפנט זיך וועלט און איר שיינקייט אַנטפּלעקט,
ציט דיך און לאָקט דיך אין הפקר צעשפּרייטן,
בלויקייטן, גרינקייטן, רייצט דיך און וועקט.

דאַרפסטו ניט שטאָט און דו דאַרפסט מער נישט קיינעם,
ליב די מנוחה אין מלכות פון פאַן,
פרייען זיך, זינגען מיט פייגל אין איינעם,
דוכט, נאָר אין שטילקייט אַ זין איז פאַראַן.

פליִען־אַן פעלדזן אין שנײַ ווי עטרות,
צערטלען זיי וואָלקנס ווי העל־בלויער רויך,
ווײַזט זיך אין טאָל גאָר אַ גרין בית־הקברות, —
ווײַזט ער דעם סוף פונעם שטײַגן אין הויך — — — —

אין וועג זשענעוו—פלאָרענץ
יולי 1960

## כ׳קום אַלע מאָל...

כ׳קום אַלע מאָל צום האָפן
און קוק פאַרבענקט זיך צו:
עס גייען אָפּעט שיפן
אין בלויען ערגעץ־ווּ.

מיך האָט אַ שיף געבראַכט דאָ
אויף פון דעם ווײַטן בלוי:
פאַרגעסן מיך צו נעמען,
געלאָזט מיך דאָ אַזוי.

געלאָזט מיך מיט מײַן טרויער
אויף ווײַטן, פרעמדן ברעג.
איז קום איך צו דעם האַפן
אין מײַנע טריבע טעג.

איך וואַרט, דערוואַרט מײַן שיף אַלץ, —
ווען זי נאָך קומען וועט?
„ס'איז קיין צוריק נישטאָ מער
פאַר אַלץ, וואָס איז געווען"... —

דאָס פליסטערט מיר אַ דעמאָן
און לאַכט און לאַכט אַזוי.
און שיפן קומען, גייען
אין ווײַטן, ווײַטן בלוי...

נעקאַטשעאַ, 1956

## דער דופט פון גראָז...

דער דופט פון גראָז געקאָסיעטן האָט אויפגעבראַכט אין מיר
די לאַנקע היימישע, וואָס פּאַזע בײַ דעם וועג.
אַ האַנט געהיימע אויפגעמאַכט האָט פון אַמאָל די טיר,
געבראַכט מיך ווידער צו דעם אָנהייב פון די טעג.

אין מיט פון דײַנע יאָרן — שטורעמס... חורבות... אַש און בלוט...
אַ מבול האָט פאַרפלייצט דײַן גאַנצע ליבע וועלט.
נון, אין דײַן האַרבסט — נאָר בע־ונד. האָסט רעכט נאָך נישט גערוט.
האָסט אַלץ קיין רויק ווינקל נישט פאַר דײַן געצעלט.

כ'לויף תמיד פון דער שטאָט, זוך ווינקלען איינזאַמע אַרום.
אַ פעלד. אַ בוים. אַ טײַכל. ווײַט פון שטאָט און מענטש.

אַז ס׳פּרעסט מיך אויף די קאַלטע פּרעמדקייט ווי איך גיי און קום.
אַ, דופּט פון גראַז! כ׳פּיל הײם... גלוסט תּפילה טאָן און כ׳בענטש...
בוענאָס־אײַרעס, 1956

## אויף אַרגענטינער ערד

### א. פרילינג אין בוענאָס־אײַרעס

מיט יעדן טאָג אַלץ גרינער, זוניקער די גאַסן.
מיט פרישן טוי פון נאַכט די ביימער וואַכן־אויף.
גלײַך ווי טונעלן גרינע לאַקן אַוועניִדאַס,
זיי ציִען זיך אַוועק אָן אָנהייב און אָן סוף.

דאָ־דאָרט פון אַ טשאַלעט דערהויבן שטאַלצע זיך ציפּרעסן,
מיט לאַנגע שפּיצן רײַסן זיך צו הימלס בלוי.
און אָט אַ גאָרטן מיט אַ שורה הויכע פּאַלמעס,
מיט לאַנגע בויגן־בלעטער רחבותדיק אַזוי.

אויף פּלאַסאַ דע קאָנגרעסאָ פול איז הײַנט מיט קינדער,
מיט פרילינג אין די אייגעלעך, צעלאַכט, צעשטיפט.
און מחנות טויבן בלאָנקען, אַזוי צוגעלאָזט צו מענטשן,
פון דעם פאָנטאַן אַ זילבער־רעגן טריפט און טריפט.

און אויף די סקווערן־בענק עס דרימלען זקנים, זקנות,
צעוואַרעמטע פון מילדער פרילינג־זונס אַ שטראַל.
דערמאָנען זיי די טעג פאַרשוועבטע און די יאָרן:
געווען אַמאָל... אַ רווישנדיקער מאַסקנבאַל — — —
בוענאָס־אײַרעס, 1961

### ב. די ערד פּאַרוואָרלאָזטע

די אַרגענטינער ערד פּאַרוואָרלאָזטע, אַ ווילד־פּאַרוואַקסענע
מיט דערנער און מיט שטעכלקעס, מיט ווילדן, דאָרן גראָז.
עס שפּרייטן זיך די וויסטעניִשן אין דער בלויער ווײַטעניש,
באַלעבט פון אַ מאַסקיטן־שאַר, פון אַ צעיאָגטן האָז.

מדבריותן אָן אָנהייב און אָן־סופיקע, פאַרטריקנטע,
שטום ליגן אונטער אַ צעשרפּעטער, צעגליטער זון.
און ווי נישט ווי פאַרצווימונגען פון פלאַכקייטן פון הפקרע:
פון אָקסן איין־קאַליריקע אַ ריזיקער טאַבון.

קיין פאַסטעך און קיין פאַסטעך־ליד. עס קריכן־אום די טשערעדעס
אַליין, גלײַך ווי אויף אייגענעם און הפקרן באַראַט.
פון מאָל צו מאָל דערמאָנט זיך ווער און עפּנט די פאַרצווימעניש
און פירט אַ טייל באַשעפעניש פאַר דער יאַטקע־שטאַט.

די שטעט צעבלאַנקטע און צעוויסלטע, אין די מדבריותן —
גלײַך ווי אַאַזיסן דאָ־דאָרט אויף טרוקן, וויסטער ערד.
און הינטער שטעט צעוואָרפענע — באַלד ווידער די מדבריותן,
מיט גראָזן אויסגעטריקנטע, פון היצן אויסגעצערט.

און אָט אַ דאָרף — אַ ראַנטשאָס־דאָרף. אַ נעסט פון סאַמער אָרעמשאַפט.
עס וואַלגערן זיך קינדערלעך האַלב־נאַקעטע, אין קויט.
קדמונים־צײַט נאָך פינצטערע. פאַרזונקענע די ברואים דאָ
אין פלאַגעניש, אין ראַנגלעניש. בן־בית איז דער טויט...

די אַרגענטינער ערד פאַראָרעמטע, פאַרעלנטע, פאַרלאָזענע —
זי בענקט אין אירע טיפענישן נאָך אַן אַקערס שניט.
זי בענקט נאָך שטאָלצן, פולן זאַנג, נאָך גראָז צעדופטיקטן,
נאָך תבואה־גאַרבן גאָלדענע און נאָך אַ שניטערס ליד...

קאַסטעלאַר, 1959

ג. אין הייסן טאָג

מיט שווערקייט בלײַענער איז אָנגעפילט דער חלל,
מיט פײַער אָטעמען די נידעריקע הימלען.
די ווײַסע קאַקטוס־בלום פאַרחלשט שרומפּט זיך אײַנעט.
אין שאָטן פון אַ פאַרקאַן הינט צעלייגטע דרימלען.

קיין ציטער נישט, קיין וויע פון קיין ווינטל.
קיין וויג זיך פון קיין צווײַגל, פון קיין שטילן גרעזל.

די ברייטע פּאַמפּאַ אויסגעשפּרייט ווי גרויער מדבר.
אַ טויטע וועלט. ס׳לויפט דורך נאָר ווו געשווינד אַ העזל.

פון לעכצעניש די גראָזן דאַר און אויסגעסאָכביעט,
די וויסטע דערנער אינעם הפקר סטאַרטשען מידע.
אַלץ לעכצט נאָך רעגן, לעכצט נאָך קילע, פרישע טראָפּנס
וואָס זאָלן אָפּלעשן די גאַנצע ערד צעגליטע.

באַהאַלטן ליגן קלוגע בעלי־חי — די מענטשן —
און זוכן קילקייט ווו אין טונקעלע חדרים.
אַלץ לעכצט נאָך רעגן, לעכצט נאָך היילנדיקן שטורעם,
וואָס קומט מיט בליץ און רעש, מיט דונערדיקן שברים.

בוענאָס־איירעס, 1960

ד. פליִענדיקע לוויות

וואָס פליִען אַזוי די לוויות און יאָגן?
ס׳איז אייגן גאַס־אַיין און גאַס־אויס.
נאָר קאַטשן געציילטע מיט אָבלשן קלאָגן
נאָך איטלעכן אָרון פאַרויס.

אַרונות זיך טרינקען אין בלומען, אין קראַנצן,
באַהויכטע מיט טרויער און צער.
איז וואָס זשע, אַז קאַטשן־לוויה טוט גלאַנצן? —
ביים סוף בלייבט בן־אָדם דער נאַר.

ביים סוף, ווען מען ליגט שוין אין קאַסטן פאַרריגלט,
מיט אַלע חלומות דערין...
אַלץ איינס, צי דו לאָזסט אַ טשאַלעט, וואָס עס שפּיגלט;
צי ראַנטשאָ, וואָס זשאַווערדיק־גרין.

וואָס פליִען אַזוי די לוויות און יאָגן?
וואָס איז דאָ אַזוי דאָס געאייל?
אויב „ער״ איז אין אייביקייט שטום שוין פאַרטראָגן —
זאָל שטאָט „אים״ כאָטש זען נאָך אַ ווייל.

און זאָלן „אים" שטערבלעכע שענקען באַדויער,
צום לעצטן מאָל, כאָטש אַ מינוט.
און זאָל „אים" באַגלייטן די רגע פון טרויער
ביז קברשער נאַכט, ווו מען רוט.

צי וויל עס דאָס לעבן אָן טויט גלײַך פאַרגעסן —
אַזוי ווי גאָר קיין מאָל געווען? —
סײַ ווי די לוויות דאָך אַלע מעת־לעתן,
כסדר עגלות צו זען...

עס פלִיען לוויות דורך די אַוועני דאַס, —
טאַבלאַדאַ * איז גרויס און איז ברייט.
עס גלאַנצן די קאַטשן. עס גלאַנצן די מיטהס
אין בלומען, וואָס ברענגען קיין פרייד — — —

בוענאָס־איירעס, 1956

ה. סעמענטעריאָ

די אַלע טויערן אויף טשאַקאַריטאַ ** זײַנען אָפן —
די טרויער־קאַראַוואַנען קומען־אָן פון אַלע זײַטן.
די שטאָט איז גרויס — מען שטאַרבט אויף מזרח, מערב, דרום, צפון.
אַלץ קומט אַהער, אַלץ קומט אַהער פון נאָענטן און פון ווײַטן.

אין סעמענטעריאָ ציִען לאַנגע גאַסן זיך, אַלייען.
פּאַלאַצלעך — מיניאַטורן, פענצטערלאָזע. אַלע סטילן.
די זומערס און די ווינטערס אינעם שווײַגן דאָ פאַרגייען.
די טויטע נעכט מיט זייער בלינדער שוואַרצקייט אַלץ פאַרהילן.

בײַ טאָג נאָר קומען תמיד אָן די שוואַרצע קאַראַוואַנען.
די שטומקייט אייביקע דאַן פון געוויינען ווערט צעריסן.
אויף פרישע בערגלעך לאָזן פרויען איבער טוליפּאַנען,
באַטויט מיט הייסע טרערן, וואָס פון אויגן־קוואַלן פליסן.

---

* אַ יידישער בית־עולם.
** אַ קריסטלעכער בית־עולם.

שפּינט צײַט, די גרויע צײַט אַזוי חדשים דאָ און יאָרן
אַריבער שטויב פון לעבנס און חלומות, וואָס פאַרפלויגן — —
פון יענער זײַט רוישט שטאָט. אין ווייך געבעטע קאָטשן פאָרן
פאַרליבטע... וויפל גליק, אָ וויפל גליק אין אויגן! — —

בוענאָס־אײַרעס, 1956

## מאָנטעווידעאָ

געבערגלטע גאַסן און געסלעך,
זיי פליִען אַראָפּ צו דעם ים:
אַספאַלטיק צעגלאַנצט און באַביימערט,
ביז ראַמבלאַ* — האַלב־קרײַזיקע ראַם.

לאַ־פּלאַטאַ פאַלט צו מיט די כוואַליעס
צו ברעגעס פון שטיין און גראַניט.
בײַ טאָג און בײַ נאַכט רוישט דער ניגון,
רוישט אייביק דאָס ברויזיקע ליד.

עס קוקן פון הויכקייטן טורעמס
צו וואַסערן־רחבותן ווײַט.
קוקט רונדיקער סיעררע־באַרג רויק,
דער עדות דער שטומער פון צײַט.

קוקט־צו זיך צו מענטשעלעך אונטן,
וואָס ראַיען אויף פּלאַסאַס דאָ־דאָרט.
די געסלעך צוזאַמענגעפלאָכטן
און לייזן זיך אויף בײַ דעם פּאָרט, —

ווו שיפן עס קומען און גייען,
זיי קומען מיט ווינט און מיט רויך;
דער סיעררע־באַרג שיקט זיי אַנטקעגן
די גרוסן די שטומע פון הויך.

* פּראָמענאַדע בײַם ים.

אַרטיגאַס מיט שטאָלץ אויף זײַן בראָנדז־פערד,
צעווישן די פּאַלמעס אין סקווער,
באַוואַכט דאָ פון פאָלק זײַנס די פרײַהייט, —
ברענגט פאָלק אים פיל בלומען אַהער.

אין נעכט שעמערירן נעאָנען,
בולווארן אין מענטשישן שטראָם.
מען זעט אויך אויף געסעלעך שמאָלע,
אויף ראָגן די פרויען פון תהום.

אָרום אַזאַ גלאַנץ, אַזאַ רײַכקייט —
פאַר וואָס זשע דער האַנדל מיט גוף?
די פרויען די ווײַסע, די שוואַרצע,
זיי שיקן מיט בליקן דעם רוף.

מאָנטעווידעאָ, 1956

## אַ באַגעגעניש אין פּאַריז

דײַן קאָפּ שוין אַשיק־גרוי, דאָך דײַן געזיכט נאָך יונג.
די אויגן היטן נאָך דאָס פײַער פון אַמאָל.
דו האָסט נאָך ליב אַוודאי טאָן אַ טאַנץ, אַ זונג.
כ׳געדענק נאָך גוט דעם זיסן טעמבער פון דײַן קול.

כ׳געדענק אויך די ציגײַנערשע ראָמאַנסן נאָך,
מיט וואָס פלעגסט תמיד צוציִען אַזוי צו זיך.
מיט דיר פאַרגעסן פלעגן אַלע גרויע וואָך.
געווען אַ צײַט, ווען אויך געפאַנגען האָסטו מיך.

איצט ליגט שוין הינטער אונדז כמעט אַן אייביקייט.
ס׳ליגט חורבן... אַש און קברים... וואָגל... טריבע וואָר...
ביסט בראַוו, האָסט אָפּגעהיט אַ פונק פון גלויביקייט, —
כאָטש ביסט דאָך אויך אַ קרבן פון די וויסטע יאָר.

איז גוט אַזוי דערמאָנען זיך מיט דיר אינטים,
אויף מאָנפּאַרנאַס, בײַם ווײַן, אין רוישיקן קאַפע.

אָרקעסטער שפּילט. פֿאַרציסט אַ ניגון. ס'גלעט דײַן שטים.
נאָך יונג. איך זע דיך ווי אַמאָל אין וואַלס־געדריי.

דוכט, ווידער יונג — סײַ דו, סײַ איך. און וואָס געווען —
אַ וויסטער חלום נאָר, אַ פֿינצטערער קאָשמאַר.
זינג, זינג, מײַן פֿרײַנד. איך שווער, ס'איז גאָרניט נישט געשען,
פֿאַרצי ציגײַנעריש, צי עפּעס פֿון „קאָבזאַר" *.

מײַן פֿרײַנד, האָסט ווידער צוגעוואָרפֿן מיר אַ פּונק.
און גלויב, ס'גלוסט אָנהייבן פֿון בראשית אין קאַפּיי —
ווי דאַן, ווען ביידע אַזוי שטיפֿעריש און יונג;
ווי דאַן, ווען אויפֿן קאָפּ קיין שפּור פֿון אַש און שניי — —

## די פֿרעמדע שטעט

די פֿרעמדע שטעט מיט קאַלטן אומעט אויף מיר ווייען,
די ווײַסע קלויסטערס זײַנען אַזוי פֿײַנטלעך, פֿרעמד.
המוגים בעטערס קניִענדיקע אין די רייען
פֿאַר יענעם ייִד געקרייציקטן אין בלויזן העמד.

מיט ווײַרויך אָנגעזאָפּט, המונים פֿרומע זענען
נישט איין מאָל שוין אַרויס מיט לאַנגע מעסערס, העק;
אין מערק, אויף שײַטערס, פֿלעגט מען ברידער מײַנע ברענען,
מיט „שמע ישראל" זײַנען זיי אין פֿלאַם אַוועק.

די פֿרעמדע שטעט... בחינם זוכן מײַנע אויגן
אַ מקום קדוש פֿאַר אַ ייִדס אַ תּפֿילה, טרער.
און, דוכט, דער נאַזאַרעטער ייִד וואָלט אויך געפֿלויגן
פֿון קרייץ... אויך אים אין דערנער־קרוין ווערט ענג און שווער.

אַז אין זײַן נאָמען שעכט מען זײַנע אַלטע ברידער;
אַז אין זײַן נאָמען פֿלייצט דער מבול ייִדיש בלוט...

---

* שעװטשענקאָס לידער־בוך.

און אפשר ווי אַ ייִד צו ייִדן ציט אים ווידער
און ר׳טרוימט פון טעג, ווען ציגעלע מיט לעמפּערט רוט?

די פרעמדע שטעט מיט אומהיימלעכקייט דריקן, שטיקן,
די ווײַסע קלויסטערס סטאַרטשען תּקיפותדיק און גרויס.
אַז נאָענט אַן אָרעם שולכל ס׳איז פאַר מײַנע בליקן,
דער עמוד, „שויתי" אינעם שאָטן פון גאָטס הויז.

אַז נאָענט די לוחות, כּתר, אָרון און פּרוכת,
די קדושה צווישן יענע שטילע, פרומע ווענט,
און דודס תהילים, פון יום־כּיפּור־ליכט די ריחות —
דאָרט האָט מען קיינעם נאָך אויף שײַטערס נישט געברענט — — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1962

## די רויטע שחיטה

געהייליקט דעם זכר פון די פאַרטיליקטע
ייִדישע פען־ברידער
אין סאָוועט־רוסלאַנד, אין 1952.

אין אָרגיע אין צעיושעטער פון סטאַלינשע טיראַנען
געפאַלן איז אויף קעפּ די קאַלטע רוצחים־שווערד.
און זיכער האָט בײַם סוף פון די סאָוועטישע מאַראַנען
אַ „שמע ישראל" נעבן „ווענטל" זיך דערהערט...

געווען אַ פריילעכע כאַליאַסטרע, הערצער פול געזאַנגען,
אין ריי אין פאָדערשער, מיט פלאַקער און מיט ליד... —
אַזוי זײַנען די פען־ברידער פאַרשיכורטע געגאַנגען,
און איינער האָט צעזונגען זיך: „איך בין אַ ייִד!"...

און ס׳האָט צעצאָרנט זיך אַכזריותדיקע שנאה אַלטע,
וואָס איז פאַרדעקט געווען מיט רויטן פּײַגנבלאַט.
אַ תּהום געעפנט זיך... צעפּלייצט אַ לאַווע גיפט אַ קאַלטע...
דער געץ באַזונגענער געווען איז גאָר אַ קאַט...

דער סוף דער טרויעריקסטער פון אַן אײַנגערעדטן גלויבן,
די תשובה זייערע געקומען שוין צו שפּעט.
דער געץ אין רויטער טאָגע האָט מיט שוים די שווערד געהויבן —
אין מיטן ווידוי זייערן און דעם על־חטא...

ווער ס׳האָט געקלאָמערט זיך ביז סאַמע סוף אָן יענער טומאָה,
אַלץ ראַטעווען די בידנע חיי־שעה געוואָלט;
אין בלענדעניש געפּעלשט אין אייגן פֿאָלק, אין אַלטער אומה —
אַלץ איינס האָט ער אין גרויל מיט נפש אייגענעם באַצאָלט...

ווער ס׳האָט אין צײַט דערשפּירט דעם שוידער פונעם גרויסן ליגן,
בצינעה תפילהדיק פאַרגאָסן טרער נאָך טרער, —
אים האָט אין לעצטן וועג באַגלייט דער דורותדיקער ניגון —
ביז אַ פּלוטאָן האָט אָפּגעפּײַערט דאָס געווער...

מיר זײַנען מוחל זיי, די אַלע פיל געפּלאָגטע ברידער —
ס׳איז אָפּגעוואַשן זייער זינד מיט זייער בלוט.
און איינער — דער „אַפּאַלאַ״ מיט די אויפגעברויזטע לידער —
אַ שפּײַ געטאָן מיט האַס האָט אויף דער מערדער־רוט.

מיר זײַנען זיי מצרף צו דער גרויסער קדושים־אומה,
צו די פאַרפּײַניקטע, פאַרגאַזטע זעקס מיליאָן.
פאַרברידערט איז דאָס אַש פון אונטער פוילנס הימלען שטומע
מיט זיי פון דאָרט, ווו ס׳פלאַטערט כלומרשט רויטע פאָן — — —

בוענאָס־איירעס, 1961

## זיי גייען אַוועק...

גע͏הייליקט
מײַנע פּריצײַטיק אַוועקגעגאַנגענע
וואַנדער־חברים.

זיי גייען איינציקווײַז אַוועק, די וואַנדער־ברידער,
די שותפים פונעם גורל און פון וויי.

גלײַך ווי געפלאָצטע סטרונעס, ווי פאַרשטומטע לידער,
און קירצער, קירצער ווערט אַלץ אונדזער ריי.

זיי נעמען־מיט מיט זיך די אַלע גרוילן, פּײַנען
פון וויסטן נעכטן אין דעם קאַסטן שמאָל.
די עדות — די מקוננים — אַלץ קנאַפּער זײַנען,
ווען איכהס רעכט נישט אויסגעקריצט צו מאָל.

ווען ברייטע, ווײַסע פאַרמעטן נאָך בלויזע בלײַבן,
מגילות נאָך נישט אויסגעקריצט מיט פען.
ווער וועט פאַר דורות אונדזער גרויסן בראָך פאַרשרײַבן —
אָן די, וואָס אינעם גרויסן בראָך געווען? — —

## צו ה. לייוויקן

(צו זײַן ווערן אַ בן שבעים)

וועסט שפּאַנען נאָך העכער, וועסט שפּאַנען נאָך ווײַטער
אין גאַנג צו גאולה פון מענטש און פון ייִד.
פון קייטן סיבירער און אַשן טרעבלינקער
געשמידט און געלײַטערט דײַן וואָרט און דײַן ליד.

צו וועלט פון ענויים, צום דנאָ פון יסורים
געבראַכט האָסטו ליכט פון משיחישן פלאַם, —
ווען רוצחישע האַק האָט געשאָכטן דײַן אומה,
פאַרגאָסן די ערד האָט אַ בלוטיקער ים.

באַזינגער, מקונן פון קרבן פון שטומען
אין גאַנג צו עקידה אין לעצט־לעצטן וועג;
פאַרדאַמער פון טומאה־מזבחות, פון מולך;
בעל־חלום און טרייסטער אין איובשע טעג.

וועסט שפּאַנען נאָך העכער, וועסט שפּאַנען נאָך ווײַטער —
צוזאַמען מיט פאָלק אין זײַן אייביקן גאַנג.
פון געטאָס, טרעבלינקעס ביז ירושלים
צעטראָגט ווי אַ טרייסט זיך פון ליד דײַנס דער קלאַנג.

קאַסטעלאַר, 1959

# אין צײַט פֿון אַטאָמען

(צײַט־מאָטיוו)

אין צײַט פֿון אַטאָמען נאָך קלענער
געװאָרן דער מענטש אויף דער ערד.
פֿול חכמה: אַלץ װײס ער, אַלץ קען ער,
דאָך ס׳לעבן זײַנס — קנאַפּער אין װערט.

הײַנט קען מען שוין טײטן מיליאָנען —
איין קנעפּל צו געבן אַ דריק.
די שטעט װעט מען דאַן נישט דערקאָנען —
אַ תוהו ובוהו צוריק.

הײַנט הערשער קען װערן אַ שעכטער,
הײַנט פֿירער קען װערן אַ קאַט.
אויב ר׳קען נאָר — בלײַבט ער דער גערעכטער
און שרײַבט אין געשיכטע אַ בלאַט.

ר׳קען גײן איבער שאַרבנס, דורך תהומען,
פֿאַריאָכן אַ לאַנד נאָך אַ לאַנד.
מיט כּוח פֿון שדים־אַטאָמען
דערפֿירן די מענטשהײט צום ראַנד.

אין צײַט פֿון אַטאָמען — דאָס לעבן
פֿאַרלירט גאָר דעם כּישוף און גלאַנץ.
די גאַנצע יצירה קען געבן
גאָר פֿלוצלינג אין תהומען אַ טאַנץ — — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1959

# ישׂראל־מאָטיוון

א. כ׳קום װידער...

כ׳קום װידער איצט צו דײַנע ברעגן,
צו דער פֿאַרהײליקט אַלטער ערד.

אויף דײַנע הויכקייטן און טאָלן
צו שפּרײַזן איז מיר נאָך באַשערט;

מתייחד זײַן זיך מיט דײַן שיינקייט,
זיך אָנטרינקען מיט הימלס בלוי;
מיט גרינקייט פון באַלעבטן מדבר
און מיט דער פרישקייט פונעם טוי;

פאַרנעמען דעם געזאַנג פון שניטער
אויף תבואה־פעלדער, וואָס צעשפּרייט.
געזייט מיט בלוט, געזייט מיט טרערן —
איז קומט דאָך שנײַדן איצט מיט פרייד.

אין וועלט פון האַס, אין וועלט פון שנאה —
אַ ליכטיק פינטעלע אויף דר'ערד.
איז גלוסט זיך פון דײַן ליבשאַפט שעפּן,
דײַן טרייסט־רוף כ'האָב אין פרעמד דערהערט.

כ'קום ווידער איצט צו דײַנע ברעגן;
עס גריסט דער כרמל שוין פון ווײַט.
ער ברענגט דעם גרוס פון חדר־יאָרן,
פון שיינער ליבער חומש־צײַט — — — —

חיפה, אַפּריל 1960

ב. ירושלים

ירושלים! האָסט באַרירט אין מיר די דינסטע סטרונעס
נאָך אידער, איידער כ'האָב געזען דײַן וווּנדער אויף דער וואָר.
איצט גיי איך אַ פאַרחלומטער אויף דײַנע שטילע גאַסן,
איעדן טאָג מיך וועקט די בלויקייט אויף פון דײַן קאַיאָר.

ווי נאָענט מיר דײַנע שטיינער, דײַנע בערגלדיקע געסלעך,
די גרויע בערג די פעלדזיקע, וואָס רינגלען דיך אַרום.
פון הר־ציון דער מגדל־דוד רעדט צו מיר אַריבער
מיט חומש־שפּראַך רמזימיק פון דורות לאַנג שוין שטום.

איך בלאַנקע אום. מיך ציט, מיך לאָקט אין די הרי־יהודה.
איך זע דאָ איצט באַשײַמפּערלעך, איך זע דאָ דעם אַמאָל.
פון אָט די הויכקייטן געגידערט האָבן די נביאים
מיט פײַערדיקן וואָרט יהוהס, מיט זײַן הייליק קול.

אַז אומעטום ווו כ׳גיי און שטיי — איך שפּיר די טריט פון אָבות,
פון זין געלײַטערט אין געראַנגל פאַר דער אייגן ערד.
ויהי... געווען אַמאָל... ס׳רעדט אומעטום דער אַלטער עבר,
און מיר איז אויף די וועגן דאָ צו טרעטן איצט באַשערט.

אויך זין און טעכטער הײַנטיקע געגאַנגען אין די שפּורן
פון יענע חשמונאים־זין, מיט זעלבן קדושה־פלאַם.
אַן עדות די מצבות פיל דאָ אויף הר־הזיכרון
פון העלדן פון געפאַלענע פאַר ארץ און פאַר עם.

ירושלים, מײַ 1960

## אַ דערמאָנונג

די דאָזיקע עלעגיעס זײַנען געשריבן געוואָרן אונטערן פרישן רושם פון יונג־פאַרשטאָרבענעם פּאָעט, מײַן יוגנט־חבר לייב נײַדוס ז״ל.

מיט דעם ערשטן ליד האָב איך פאַרענדיקט מײַן הספּד־וואָרט בײַ נײַדוסעס אָפענעם קבר (24 דעצעמבער 1918, אין גראָדנע).

די עלעגיעס זײַנען בשעתם געדרוקט געוואָרן אין דער גראָדנער צוויי־שפּראַכיקער צײַטונג „נאַשע אוטראָ — אונדזער מאָרגן״.

### א. בײַם אָפענעם קבר

פאַרחתמעט שוין די ליפּן און פאַרשלאָסן,
די אויגן שוין אויף אייביק שטום פאַרמאַכט;
דאָס יונגע לעבן ווי אַ חלום שוין פאַרפלאָסן,
עס הייבט זיך אָן די לאַנגע קבר־נאַכט.

דײַן מזרח־הימל איז אין קרעפּ פֿאַרצויגן,
ס'איז קאַלט און טריב דײַן ליבלינג — דער אָריענט, —
ווי דײַנע אויסגעלאָשענע, פֿאַרמאַכטע אויגן,
ווי דײַנע בלאַסע, קאַלטע, טויטע הענט.

די אַלע וועלטן דײַנע, טרוימען און חלומות
געשטאָרבן ווי אַ ווײַטער קלאַנג פֿאַר דיר, —
ווי נאָר דער שוואַרצער גאַסט געבראַכט האָט דיר געהיימעס,
ווי נאָר דער טויט געעפֿנט האָט דײַן טיר.

געשטאָרבן דײַנע וועלטן, פֿינצטער דײַנע פֿאַרבן,
די ביימער זיפֿצן טרויעריק און שטום;
עס בלייכן אײַנציקווײַז די שטערן און זיי שטאַרבן,
עס וועלקט אין צער און טרערן בלום נאָך בלום.

דו האָסט דײַן טרוים אין גאַנצן נישט דערשפּונען,
דײַן האַרפֿע וואָלט געשפּילט נאָך אָן אַ שיעור; —
דו האָסט נאָך נישט אַנטפּלעקט אונדז אַלע זונען:
פֿאַרגאַנגען פֿאַרן אויפֿגאַנג גלײַך מיט דיר.

דײַן אָדלער־ליד איז נישט דערזונגען ביז צו ענדע,
געפּלאַצט די סטרונעס אין דער מיט, אָן סוף...
אַ, כורעים פֿאַלט, אַ, קניט פֿאַר דער לעגענדע,
פֿאַר דעם, וואָס גייט אַוועק אין שוואַרצן קבר־שלאָף — —

ב. דו ביסט נישטאָ...

ווי גליקלעך ס'איז צו טראַכטן: ביסט פֿאַראַן...
עס לעבט נאָך און עס שאַפֿט דײַן גײַסט,
וואָס ווערט פֿון שיינקייטן געשפּײַזט. —
ווי גליקלעך ס'איז צו טראַכטן: ביסט פֿאַראַן...

ווי גוט צו טראַכטן, אַז דו ביסט געווען...
האָסט פֿאַר דער אייביקייט געלעבט
און זונען־ליכט פֿאַר איר געוועבט. —
ווי גוט צו טראַכטן, אַז דו ביסט געווען...

ווי שווער צו טראַכטן, אַז דו ביסט נישטאָ...
עס האָט פאַרשטומט אין קבר־נאַכט
דאָס ליד פון זון, דאָס ליד פון פראַכט. —
ווי שווער צו טראַכטן, אַז דו ביסט נישטאָ...

## פּאָסטלוד

געזונגען, געזונגען און נישט דערזונגען,
נאָך אַלץ נישט פון ליד דער סוף.
עס איז נאָר אַ מעשהלע וואָס פאַרקלונגען,
אַזוי ווי אַ טרוים אין שלאָף.

ס׳איז אייביק בראשית אין דער יצירה,
ס׳קומט יעדער טאָג מיט זײַן נס.
כ׳וואַך־אויף אין קאַיאָר צו נײַער שירה,
אין יונגן בלויען מעת־לעת.

אַז תמיד שטראַלט־אויף אַ נײַער באַגינען
נאָך איטלעכן זון־פאַרגאַנג.
ווי קען איך מײַן טרוים ביז סוף דערשפּינען
און ענדיקן מײַן געזאַנג? — — —

# IX

## פון הייסן אַש

(בוענאָס־איַירעס, 1967)

### פון הייסן אַש

(סאָנעט)

אָפּט גלייבט זיך נישט, אַז איך אַליין נאָר, איך נאָר איינער
איין לעבעדיקער פון די אַלע פיל מיליאָנען, —
אַז כ׳בין אַרויס אַ גאַנצער פונעם טאָל פון ביינער...
אָפּט גלייבט זיך נישט, איך קען אַ מאָל עס גאָר נישט אָנען.

מסתמא בין איך אויך אויף אַש פאַרברענט געוואָרן
ווי יענע, גליַיך ווי אַלע מיַינע שוועסטער, ברידער.
געברענט, געברענט ווי חומשדיקער מדבר־דאָרן
און בין פון הייסן אַש אַרויס צום לעבן ווידער.

נאָר ווי און ווי אַזוי — מיר דינט נישט דער זכרון,
גליַיך ווי עס וואָלט אויף ס׳ניַי אַ מוטער מיך געבאָרן: —
צו שריַיען צו דער וועלט, אַ חשבון־צדק מאָנען

פאַר אַלע טויטן דורך די גאַז־קאַמערס, דורך פלאַמען;
פאַר די געשאָכטענע — פאַר יעדן קינד און מאַמען, —
דעם גאַנצן לאַנגן חשבון פאַר די זעקס מיליאָנען — — —

וואַזשע הערמאָסאַ, 1963

## אופן וועג פון קדושים

דאָרט אויפן וועג פון מחנות קדושים האָבן זיך באַגעגנט
מײַן גרויע מאַמע מיט מײַן „קדיש" — מיט מײַן זון.
זיי האָבן זיך געטוליעט אין דעם לעצטן וועג צוזאַמען,
געטריבן אונטער אַ פאַרשעמטער טריבער זון.

עס האָט געוואַרט אויף זיי דער לאַנגער טויטן־טאָל פון בײַנער —
אויף זיי צו ליגן דאָרטן איז געווען באַשערט.
מיליאָנען ברידער־ייִדן האָבן פול געמאַכט יענץ טאָל דאָרט —
ווען ס'האָט אַ מבול בלוט פאַרפלייצט די קללה־ערד.

מײַן אַלטע גרויע מאַמע און מײַן יונגינקער בן־יחיד
מיט זײַנע זיבעצן ערשט אויפגעבליטע יאָר... —
איצט צינד איך ליכט אין יאָרצײַטן, זאָג נאָך מײַן מאַמען קדיש
און קדיש נאָך מײַן „קדיש" אין אַבֿלים־כאָר — — —

בוענאָס־איירעס, 1963

## אין די פלאַמען

דעם הייליקן זכר
פון מײַן בן־יחיד אַלעקסאַנדער.

ביסט אויפגעגאַנגען אין די קרעמאַטאָריע־פלאַמען
מיט נאָך ביט־אויסגעלעבטער קינדיש־יונגער פרייד;
מיט גלידער צאַרטע, אויסגעפּיעשטשעט דורך אַ מאַמען —
אויף זי האָט דיך אין יענעם פלאַמען־וועג באַגלייט.

גענערט פון טיפער ליבשאַפט אין די דלד אַמות;
דורך שויבן ליכטיקע אַ זון האָט מילד געגלעט;
געוואָקסן ווי אַ בוים — די פרייד פון טאַטע־מאַמעס;
מיט ברכה זיידע־באָבעס אין אַ פרום געבעט.

עס האָבן הימלען בלויקייטן פאַר דיר געשפּונען,
דיר אָנגעגרייט אַ העלן, שטראַלנדיקן וועג.

נאָר פרי — צו פרי, מײַן קינד — דעם טויט האָסטו געפונען,
אין פלאַם פאַרצערט די לויטער־אויפגייענדע טעג.

דײַן אַש צעשפּרייט אויף פּוילנס וויסטער ערד געבליבן.
איצט שאָקלען ווידער זיך שוין גראָזן דאָרט אויף זיי.
דײַן טאַטע־אָבל אין דעם ווײַטן וואַנדער טריבן
אַוועק איז מיט זײַן שוואַרצן טרויער און זײַן וויי — — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1963

## שלום עליכם אין די געטאָס

ער האָט געמאַכט אונדז לאַכן
אויך אין דער טיפסטער פּײַן, —
ווען אונדזער וועלט געוועזן
גאָר אָן אַ ברעקל שײַן.

ווען ס׳איז מיט שוואַרצע כמאַרעס
דער הימל אונדז געווען;
און אויף דער ערד די שטריק נאָר
דעם תליונס מ׳האָט געזען.

ווען בלוט האָט זיך געגאָסן
פון זקן און פון קינד;
אַ סדום די וועלט געוואָרן,
אין הפקר און אין זינד.

ווען כלו כל הקיצין,
קיין שטערנדל אין נאַכט;
ווען גאָט דער שער הרחמים
האָט אויך פאַר אונדז פאַרמאַכט... —

אין געטאָס דײַן געלעכטער
די טרייסט איז דאַן געווען;
אין רוצחים די נקמה,
זײַן סוף האָט מען דערזען.

געטרייסט האָט דאָן דײַן טוביה
מיט גוטע רייד, מיט טרער.
דער שטיין געוואָרן גרינגער,
געדריקט נישט אַזוי שווער.

דערגרייכט האָט דײַן געלעכטער
אין קרבנס אונטערערד, —
ווען אויבן האָט געלויערט
דער תליון מיט זײַן שווערד.

דו האָסט געטרייסט... דערוואָרט זיך
פון שחיטה־טעג דעם סוף.
אויף תליה הענגט דער תליון,
ווען טויט די בידנע שאָף — — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1964

# אין אַ טאָג פון יזכור

צום יאָרצײַט פון מײַנע פאַרטיליקטע
נאָנטע אין געטאָ וואַרשע
און געטאָ גראָדנע.

אויב נישט אין וואָר — איז אין מײַן חלום
איך זע זיי אין די נעכט.
זיי קומען פון די אַשן, שטויבן
און מאָנען זייער רעכט.

זיי קומען מײַנע אַלע נאָנטע,
ווי שאָטנס, גאָר אָן גוף.
און אין דער פינצטערניש פאַרנעם איך
מיט ציטער זייער רוף.

און ס'ווילט זיך בעטן זיי מחילה
וואָס כ'בין נישט צווישן זיי;

וואָס מיר באַשערט איז נאָך צו טראָגן
דעם אומגעשטילטן וויי.

אַז כ'קוק מיט חשד צום ווײַטן הימל,
צום שמייכלדיקן בלוי,
מיר דוכט אַלץ: ס'בלאָנדזשען הויך נאָך רויכן
פון אוישוויץ־בירקענוי.

זיי מאָנען די צעפּליקטע לעבנס,
די ניט־דערלעבטע יאָר... —
ווען די תּליונים נישט אין חלום,
נאָר לעבן אין דער וואָר.

זיי לעבן נאָך. אין מענטשן־מאַסקעס
באַוועגן זיי זיך פרײַ.
זיי טרוימען נאָך פון נײַע תּליות,
פון מאַסן־טויט אויף ס'נײַ.

די פרעמדע וועלט פאַרגעסט, איז מוחל,
ס'איז גרינג איר מוחל זײַן.
נאָר מיר — מיר טראָגן אונדזער יזכּור
אין אייביקייט אַרײַן — — —

בוענאָס־איירעס, 1966

## די סעפּטעמבער־טעג

אַ, יענע טעג, סעפּטעמבער־טעג פון נײַנצן נײַן און דרײַסיק —
דער ערשטער שוואַרצער אָנזאָג פון אַ פאָלקס פאַרגאַנג.
אין די מגילות יידישע זײַט איר פאַרחתמעטע פאַרבליבן
מיט אותיות פון אונדזער בלוט אויף דורות לאַנג.

דער הימל איבער וואַרשע כּלומרשט בלוי איז דאַן געווען,
מיט פאַלשן תּכלת אײַנגעהילט די גאַנצע שטאָט.
אַריבער די ממשלה איז צו שדים, צו משחיתים,
פאַרלאָזן האָט דעם ייִד דער אַלטער, אַלטער גאָט.

פון הויך צערעוועט האָבן זיך מעטאַלענע פֿאַרדאַרבערס,
די זון האָט פון דער זײַט להכעיס נאָך געלאַכט.
אַזוי ווי קאָרטן־שטיבלעך בלאָקן גאַנצע אײַנגעוואָלגערט
און שריפות אויפגעפרעסן אַלץ דורך טאָג און נאַכט.

דאָס איז דער שוואַרצער אָנהייב נאָר אין וואַרשע דאַן געוועזן,
די בשורה נאָר פון ימים בלוט, פון ווינד און וויי.
דער אָנהייב פון דער גרעסטער, פון דער פינצטערסטער עקידה,
דער אָנהייב פונעם בראָך, פון ייִדישן פֿאַרגיי — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1962

## פון די שנייקע טייגעס

### 1. עס טראָגט מיך דער חלום

ס'טראָגט אָפט מיך דער חלום אויף פליגל
צוריק צו די טײַגעס, צו שניי,
ווו גורל געשמידט מיך אין קייטן,
ווו טרערן געקאַפּעט אין וויי;

ווו וועלדער אוראַלטע און פליינען,
אין ווײַסקייט פאַרלירט זיך דער בליק;
ווו „זאָנעס" פאַרצאַמטע מיט דראָטן,
באַוואַכט פון טשעקיסטישן שטיק.

זעגסט יאָלקעס, האַקסטביימער, גראָבסט קזשאַקעס,
דײַן חבר — די האַק, צי די זעג.
פון פינצטער ביז פינצטער — נאָר שנייען
באַלײַכטן די קאַטאָרגע־טעג.

— „העי אַרבעט! פּוילישאַקעס, די נאַרמע!"
„אומזיסט אײַך אַ ,פּײַקע' — דאָס ברויט?!!" —
גרילצט דער בריגאַדיר, אַט דער נוגש,
דער שומר, דער שליח פון טויט.

און אָט אַ צערעווּעט אַ ווינט זיך,
אַווירבל, אַ ווילדע זאַווי;
פאַרהילט ווערסטו ווי אין תכריכים,
פאַרשאָטן מיט גליווער, מיט שניי.

עס פאָלגן די פיס נישט, די אברים,
עס פאָלגט שוין די זעג נישט, די האַק.
די פינגער פאַרשטײַפט שוין ווי קלעצלעך,
דוכט דאָ איז דײַן קבר בײַם קזשאַק.

ביז צפון־טאָג טונקעלער ווערט שוין
און שטאַרקער דער פראָסט ווערט צעברענט, —
עס טאָפּטשען אין שנייען בריגאַדעס
צו קאַלטע באַראַקישע ווענט.

און דאָס איז די „היים", די „מנוחה"
אויף נאַרע, וואָס שמוציק און האַרט;
קומט שלאָף און פאַרמאַכט דיר די אויגן —
דערויף האָסטו קוים זיך דערוואַרט — — —

ס'טראָגט אָפּט מיך דער חלום אויף פליגל —
כאָטש ווײַט יענע „זאָנע", העט ווײַט.
כאָטש ווײַט שוין פון יענע „דערלייזערס",
פון קנעכטשאַפט, פון פינצטערער צײַט — — —

בוענאָס־איירעס, 1966

2. קברים אין טײַגע

כ'פאַרגעס נישט די עלנטע קברים אין טײַגע,
זיי ליגן דאָרט נאָמענלאָז אונטערן שניי.
גאָר פלאַכע די קברים, פון קנעכט קאַרג פאַרשאָטן, —
פאַרשיט זיי דערפאַר מיטן שניי די זאַווי.

נאָך יאָרן פון מאַטער מיט זעג און מיט קירקע,
פאַרוואָרפן פון וועלט און פאַרוואָרפן פון היים;

נאָך שמוץ פון באַראַק אויף די ברעטער די האַרטע —
ווי גוט זײַנען לעצטע פיר איילן פון ליים.

דו דאַרפסט שוין נישט מערער די „פּײַקע" פון קלײַען,
ס'יאָגט מער נישט בײַם קארטשעוון דער בריגאַדיר;
זעסט מער נישט דעם שומר מיט ביקס אָנגעלאָדן,
וואָס לאָזט נישט אַראָפּ גאָר די אויגן פון דיר.

זעסט מער נישט בײַ אים אויף דער ברוסט די מעדאַלן,
דעם „האַמער און סערפּ" אויפן לאַץ פאַר זײַן „רום".
שוין פּטור פון אַלץ אין דער גרוב אונטער שנייען,
נאָר אייביקע, עלנטע שטילקייט אַרום — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1967

## דער בלויער ערגעץ

כאָטש כ'וויס, אַז ס'האָט דער ווײַטער בלויער ערגעץ
קיין גרענעץ נישט, קיין סוף, קיין ברעג —
דאָך גוט איז לאָזן זיך אין הפקר־וואָגל,
אין שיינעם אומבאַקאַנטן וועג.

כאָטש כ'וויס, דער לאָקנדיקער בלויער כישוף
ער ברענגט קיין מאָל אין ערגעץ ניט;
אַז ר'נאַרט דיך אָפּ ווי ס'נאַרט אַ חלום,
ווי ס'נאַרט אַן עכאָ פון אַ ליד... —

כאָטש כ'וויס... דאָך דווקא וויל דײַן קאָפּ אַש־גרויער
פאַרגעסן גאָר די טריבע וואָר.
די טריבע וואָר, וואָס קריצט די טיפע קאַרבן
מיט יעדן אויסגעלעבטן יאָר.

ווײַל בעסער איז דיר, ליכטיקער צו בלאָנקען
אין ווײַטקייטן מיט בלויען טרוים... —
מעג ערגעץ לויערן פאַרפירערישער שטן,
וואָס טראָגט דיר שוין דעם לעצטן תהום — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1965

## אין בלוי פון ספערן

**פאַניען**

פאַראַן אויך טעג, ווען קענסט פאַרגעסן;
דו טוסט זיך אויס פון לעבנס יאָך.
דו טרינקסט די גאָלדענע מעת־לעתן,
מיט כולו יום־טוב ווערט דײַן וואָך.

לעבסט־מיט מיט זון, מיט בערג און טאָלן
און מיטן כּישוף פון לאַזור;
פּאַלסט־צו צום ים, די כוואַליעס זאָלן
פון זאָרג פאַרשווענקען יעדן שפור.

אין בלויקייט זינקט דײַן הײַנט, דײַן נעכטן,
פאַרהילט אין זילבערנעם געשפּין;
די כוואַליעס זינגען און זיך פלעכטן
אין שפּיל פון זילבער און פון גרין.

פילסט אייביקייט אין בלוי פון ספערן
און דו — דו ביסט אין סאַמע מיט.
און אַ באַפרײַטער צו די שטערן
דיך טראָגט, דיך טראָגט אַוועק אַ ליד — — — —

מענטאָן, 1965

## די גרינע פרייד

מיך רייצן נישט די גלאַנציק־אַספאַלטירטע אויטאָסטראַדעס,
וואָס ציִען זיך אין אומבאַקאַנטער ווײַט אַוועק;
מיך לאָקן ליבערשט יענע דאָרפיש־שטילע, גרינע וועגן,
די ליבע וועגן פון די ווײַטע עבר־טעג.

מיך רייצן נישט די פלינקסטע שווינדלענדיקע עראָפּלאַנען,
וואָס שנײַדן ווי די רוחות הימלס פרײַען רוים;
מיך לאָקן ליבערשט ווײַסע וואָלקנדלעך, ווי סטאַדעס שעפּסלעך,
וואָס שוועבן אין די בלויקייטן ווי בלויער טרוים.

מיך רייצן נישט די וואָלקנקראַצערס אין די שטעט מאָדערנע,
וואָס רײַסן פרעך און גאַווהדיק זיך אין דער הויך;
עס איז מיר ליבער אַ קליין שטיבעלע צעווישן גרינקייט,
און פון זײַן קוימענדל זאָל גיין אַ בלויער רויך.

און פאַרן שטיבעלע — אַ קליינטשיק פאַרביק בלומען־גאַרטל,
אַ יונגפרוי זינגעוודיק באַגיסט מיט קאַן דאָס בייט.
מיך לאָקט גאָטס שטילקייט צווישן תפילהדיקע פעלדער־וועלדער,
מיך לאָקט, מיך ציט די הייליקע, די גרינע פרייד — —

רוא־האַנדאַ, 1963

## ס׳איז ווידער פרילינגדיק

ס׳איז ווידער פרילינגדיק מײַן שאָטנדיקע גאַס. פון ביידע זײַטן
זיך ציִען לאַנגע, אויסגעמאָסטן־גלײַכע שורות גרין.
און איבער גרויען ים פון דעכער שפּרייט אַ הימל זיך אין ווײַטן
און מאָרגן־זון צעוויקלט הויך איר גאָלדענעם געשפּין.

דו זיצסט במסובין, יום־טובדיק אויף דעם באַלקאָן דײַנעם אין לופטן
און לאָזסט זיך קושן צערטלעך פון דער זון אין פּנים בלאַס.
אַ בשמים־ווינטעלע דיר ברענגט פון ערגעץ ווי אַקאַציע־דופטן —
אַ גרוס פון פעלדער־וועלדער צו דײַן טריבער, גרויער גאַס.

עס ציט צו שוועבן, וואַנדערן. עס דוכט דיר, ערגעץ וועסט געפינען
אַ צויבער־וועג, וואָס פירט צו יענע ווײַטע, יונגע טעג.
אין מילדער בלענדעניש פון זון, אין פרילינגדיקן נס פון גרינען
דיר דוכט, אַז אויפעט דו וועסט אָנהייבן אויף ס׳נײַ דײַן וועג — —

פאַרמאַכסט די אויגן אונטער זון. אַ וואונדער־שפּילערײַ פון פאַרבן:
אָט פיאָלעט מיט גרין און געל, אָט גרוי מיט פלאַמיק־רויט.
ווערט אַלץ אַ שפּיל. אַן אייביק־לאַנגע שפּיל. אַ ליגן גאָר דאָס שטאַרבן.
ס׳האָט עמעצער אַ בייזער לץ גאָר אויסגעטראַכט דעם טויט — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1964

## מיך לאָקן ווייטקייטן

מיך לאָקן ווײַטקייטן, אין־סופֿן,
דוכט, ס'ליגט דאָך ווו דאָס ערגעץ־לאַנד.
איעדער וועג ליגט פֿרײַ און אָפֿן,
ציט יעדע ווײַט, וואָס אומבאַקאַנט.

האָסט קיין מאָל דאָך אין הפֿקר־וואַנדער
נאָך נישט דערגרייכט צו יענעם ברעג;
דײַן טרוים גייט תּמיד זיך פֿונאַנדער
מיט דײַנע נעכט, מיט דײַנע טעג.

דערפֿאַר דער אומרו אייביק יאָגט דיך
דורך ברייטע ימען, פֿרעמדער ערד.
און כאָטש דו ווייסט, אַז אומרו טראָגט דיך
צום סוף, וואָס איטלעכן באַשערט, —

דאָך גוט איז מיט אַ חלום לעבן,
ס'מאַכט שענער דײַנע טריבע טעג.
געפֿינסט אַ מאָל אויך רו אין שוועבן,
אין יעדן אומבאַקאַנטן וועג.

אין נעכט דיר שמייכלען ווײַטע שטערן —
די וועלטן קאָסמישע צעשפּרייט.
ווען ס'זינגט דער ים, ווען ס'זינגען ספֿערן,
זינגט־מיט, בן־אָדם, אויך דײַן פֿרייד — — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1965

## דער שלייער פֿון לבֿנה

(צײַט־מאָטיוו)

דאָס כּישוף־בלויע זילבער־פּנים פֿון לבֿנה
ווערט אַזוי אָפּט אַצינד פֿאַר אַלעמען פֿאַרשעמט:

עס גרייכן סאַטעליטן צו איר ווײַטער זאָנע,
פֿאַרטרעטלען־אָפּ איר נאַקעטקייט, אָן בלויען העמד.

פֿאַרוואָרפֿן אונדז פֿון הויך מיט פּאַטאָס; דעמאַסקירן
לבֿנהס שמייכל, וואָס איז צאַרט און מלא חן;
אַ שמייכל, וואָס האָט יונג און אַלט געטאָן פֿאַרפֿירן
אין ליבע־נעכט פֿון פֿרילינג, נאָכן זון־פֿאַרגיין.

איצט ווײַזט מען אונדז די וואָרע פּאַטאָס פֿון לבֿנה:
גאָר אַ פֿאַרזעעניש, צעפּאָקט און פֿול מיט קרעץ.
האָט אָנגעטאָן אַ שלייער, גלײַך ווי אַ מאַדאָנע,
און האָט געפֿאַנגען אונדז אין בלויען כּישוף־נעץ.

דאָך גליבט: זי וועט נאָך ווײַטער שטראַלן־נעצן שפּינען
און בלויען חלום שענקען אונדז אויף טריבער ערד.
זאָל זײַן ס'איז שמינקע, פּודער בלוי — דאָך אונדזער זינען
ווערט אײַנגעוויגט אין טרוים און ס'לעבן שענער ווערט — — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1966

## נישט יאָג אַזוי

נישט יאָג, נישט האַווע, פֿרײַנד, אָן אויפֿהער,
געדענק דעם חשבון פֿון די טעג.
פֿאַרגין זיך בהנאה זײַן פֿון שיינקייט,
וואָס ווײַזט זיך דיר אין גורל־וועג.

קוק־צו ווי ס'בלויט דאָס קאָרן־בלימל,
פֿאַרנעם דעם פֿויגלס טרילערײַ;
ווי העזל שפּרינגט דורך גרינער לאָנקע,
ווי טײַכל פּליסט מיט פּלאַפּלערײַ.

ווי וואַלד זיך ציט ביז האָריזאָנט אַזש,
דער סאָסנע־דופֿט איז ווי האַשיש. —
בלײַב שטיין אַ ווײַל און טיפֿער אָטעם,
און זאָג אַ שבח: „אַשרי האיש".

נישט יאָג, האָב צײַט. ווערסט אַלץ איינס קומען
צום סוף, וואָס אַלעמען באַשערט.
מתייחד זײַ זיך מיט די ווונדער,
מיט גרינער שיינקייט אויף דער ערד — —

קאָלאָניאַ סוויסאַ (אורוגווײַ), 1964

## דאָס פישעל׳ע אין גלות

דאָס קליינע בונטע פישעלע אין גלעזערנעם אַקוואַריום
אין אומרו שטענדיקן שווימט־אומעט הער און הין.
דער אומרו יאָגט עס אַלץ אין מעטערדיקן גלות־ימל,
פאַלט־צו עס מיטן קעפּל צו די גלאָז־ווענט גרין.

דאָס קליינע צאַרטע פישעלע האָט שפּײַז גענוג צו נאָגן:
עס זאָרגט דערפאַר אַן עמעצער, אַן אומבאַקאַנטע האַנט.
און פאַרבן האָט עס לאַקנדע די קליינע יפה־פיה,
דאָך יאָגט עס אַלע ווײַלע צו אַן אַנדער וואַנט.

עס שלאָפט צו מאָל צעווישן גרויע פעלדזן־מיניאַטורלעך,
וואָס אויפן גרונט פון גלאָז ס׳איז חכמהדיק געמאַכט.
נאָר ס׳קליינע פישעלע כאַפּט־אויף זיך מיט אַ פרישן אומרו.
אין די אַקוואַריום־וואַסערן — ווי ענג, עס שמאַכט.

עס שמאַכט, עס בענקט נאָך ליאַרעמדיקער אָקעאַנען־סטיכיע,
נאָך כוואַליעס ברויזיקע אין אומענדלעכער ווײַט;
צו שווימען פרײַ אין רהבותן, אין ווינט־געוואַי, אין שטורעם,
אָן גרענעצן, אָן גלאָז־ווענט פון אַיעדער זײַט — — —

קאָלאָניאַ סוויסאַ, 1964

## אין אייביקייט אַריין

די הויכע ווילדע בערגשפּיצן, די פעלדזן גרוי און גרין,
זיי וועלן סטאַרטשען דאָ אין ווײַטער אייביקייט אַרײַן.

דער וועלט־באַשאַפער האָט צעוואָרפן זיי אין זײַן קאַפּריז
פאַר דער אומענדלעכקייט, ווען דו, בר־נש, וועסט שוין נישט זײַן.

עס וועט אַ דור אַן אַנדערער פון שווימענדיקער צײַט
באַוווּנדערן די שיינקייטן פון אָט דער פעלדזן־קייט.
און אפשר וועט ער אויסגעפינען פון קאַפּריז דעם פשט,
און אויך דעם פשט פון דעם בר־נש, וואָס קומט און וואָס פאַרגייט.

אין דעם באַשאַף פון וועלטן פון מיליאָסן עד אין־סוף,
וואָס וואַרפן זייער שײַן דורך גאַנצע אייביקייטן ווײַט, —
דורך מדבר־רוים, צום טל־ומטרדיקן ערד־פּלאַנעט —
איז אַלץ מיט חשבון דאָך, געמאָסטן ווי די גרויע צײַט.

האָט עפּעס דאָך אַ זין אויך אָט דער ווילדער בערג־קאַפּריז,
און ס'מוז דאָך האָבן אויך אַ זין בן־אָדמס קורצער זײַן.
געוויס נישט סתם אַזוי די שפּיל פון לעבן און פון טויט, —
ס'איז דאָך אַ שפּיל, וואָס פלעכט זיך ווײַט אין אייביקייט אַרײַן — — — —

וואַזשע הערמאָסאַ,1966

## אין פלאַם פון שקיעה

אויף העכסטן באַרגשפּיץ זינקט די שקיעה
און נעמט מיט פלאַמען אים אַרום.
אין שטילער פּורפּורנער באַהעפטונג
אַליין די שכינה רוט דאָרט שטום.

דאָרט גאָט אַליין איצט דאַוונט מנחה,
די תפילה שפּרייט זיך קלאַנגלאָז, שטיל.
אין כאָר אין הימלישן דעם „אָמן"
פרום ענטפערן די כרובים פיל.

וואַזשע הערמאָסאַ, 1963

# פּאַריזער רעפלעקסן

כ׳בין ווידער אין דער אַלטער ליבער „שטאָט פון ליכטער״,
וואָס תּמיד איז זי אין זכרון מײַנעם פריש.
איך זע זי אַלץ נאָך אין פאַרוואָרפענע מרחקים,
ווען איך אַ מאָל אַן עבר־בלעטל טו אַ מיש.

איצט גיי איך ווידער איבער גאַסן און בולוואַרן,
מאַנמאַרטערס שמאָלע געסלעך ווי אַמאָל געווען.
די קנײַפּעס ליכטיקע, דער סען און די קלאָשאַרן,
פּיגאַל... מעטראָ באַרבעס — און „אונדזער״ גי־פּאַטען...

די גי־פּאַטען־חברים לאַנג אין וועלט צעפלויגן,
און דער און יענער שוין נישטאָ אַצינד בכלל...
כאָטש כ׳הער די זעלבע לידלעך דאָ פון קנײַפּעס גרעלע,
דאָך אומעטיק פאַר מיר איז איצטער דער פּיגאַל.

מיך לאָקט, מיך ציט אין די קאַפייען מאָנפּאַרנאַסער,
ווי נעכטן ערשט געווען, ווי תּמיד דאָ געדיכט.
אָט זיצט נאָך קינסטלער איקס; אַ פרוי לעם אים עקסצענטריש
און איגרעק אויכעט דאָ — באַבערדלט דאָס געזיכט.

מען זופּט דאָ ווײַן, אַפּעריטיוון; מען באַרעדט זיך,
און פרויען האַלטן־מיט דעם פלוידער ווײַבלעך, צאַרט.
ווער איז דאָ אויפן מאָנפּאַרנאַס איצט דער געזאַלבטער?
מסתּמא יעדער די אומשטאַרביקייט דערוואַרט...

און כ׳בלאָנקע אויך אין שמאָלע געסלעך פונעם „פּלעצל״,
ווו כשר־ייִדישקייט פון קרעמלעך קוקט אַרויס.
דאָ שמעקט מיט שטעטל נאָך פון אומגעבראַכטן נעכטן,
געפינסט אַ מקום־קדוש נאָך, אַ ייִדיש הויז.

דאָ־דאָרט אין שויפענצטער זעסט אותיות מרובעות —
מסתּמא נאָך אַ ייִדיש־לייענער פאַראַן.
פון דאָרט דיך טראָגט צום דענקמאָל נאָך די זעקס מיליאָנען:
עס איז אין שכנות, פון דער ריוואָלי אַ שפּאַן.

אין הויף באַגעגנט דיך אַ דענקמאָל נאָך די לאַגערס:
מאַסיווער „אוהל" פונעם טרויער־מאָנומענט.
און דריבנען אויף די ווענט, אין בילד — די אַלע גרוילן!
אַ וועלט, אַ גאַנצע וועלט, וואָס איז פאַרלענדט, פאַרברענט — —

אויפן אַטלאַנטיק, 1965

## אַלע טאָג

אַלע טאָג קומט די זון מיט אַ בשורה,
מאַכט ליכטיק, צעשטראַלט מײַן געמיט;
צינדט אָן פרייד — כל עצמותי תאמרנה,
צעקלינגט זיך מיט פרייד אויף מײַן ליד.

כ'גיי אַרום טיף באַרוישט איבער גאַסן,
איך טייל מיט די מענטשן מײַן פרייד.
אַזוי גוט צו מיר אויבן דער הימל,
מיט בלוי איבער ערדן צעשפּרייט.

אַלע נאַכט מיך באַפאַלן די שאָטנס,
ווען זון אינעם מערב גייט־אויס.
איך געפין גישט קיין מקלט פון טרויער,
דער טויט, דוכט, געגענט צו מײַן הויז.

איך אַנטלויף פון די אייגענע ווינקלען,
איך זוך מײַן פאַרשוווּנדענע פרייד.
אָבער קאַלט איז דאָס ליכט פון נעאָנען,
ווען זון פונעם הימל פאַרגייט.

אַלע טאָג קומט די זון מיט אַ בשורה,
ווערט ליכטיק אַזוי אין געמיט...
אַלע נאַכט לעשן אויס זיך די פריידן
און טרויער פאַרכליניעט מײַן ליד — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1966

## כ׳בין מקנא

כ׳בין מקנא דעם ים, וואָס וועט וויגן זיך אייביק,
וועט שטורעמען תמיד דעם ברעג —
מיט כוואַליעס געבערגלטע, ווײַסע פון שוימען,
מיט רוישן דורך נעכט און דורך טעג.

די שפּיל פון די כוואַליעס כסדר וועט אָנגיין,
די זון וועט זיי פאַרבן אין ראָז —
ווען ס׳וועט פון מײַן דור שוין קיין זכר נישט בלײַבן,
אויף זייערע קברים לאַנג גראָז.

די כוואַליעס זיי שפּריצן מיט זילבערנע פונקען
בײַם פעלדזיקן ברעג פונעם ים.
זיי קילן מײַן שטערן, נאָר קענען ניט שטילן
דעם טרויער אין האַרצן, דעם סם.

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1963

## רוישט דער ים

בלינדע נאַכט. ס׳רוישט דער ים הינטער פענצטער.
עס קרעכצן די לאָדנס פון ווינט.
וועמען האָט עס דער גורל פאַרשאָלטן?
פאַר וואָס און פאַר וועלכענע זינד?

ווער פאַרוואָגלט פון היים איז געוואָרן,
פאַרלוירן אויף אייביק זײַן וועג?
און ער האָט עס די וועלט איצט פאַרלאָזן,
אין אײַז־קאַלטע אָרעמס אַוועק?

אין די אײַז־קאַלטע ימישע אָרעמס
געפונען זײַן אייביקע רו.
ווײַל צו גרויס געווען זײַנע יסורים,
צו וויניק די כוחות דערצו — —

און דער ים האָט עס אים אויפגענומען
אַזוי ווי אַ מאַמע אַ קינד.
און דער ים אין דער נאַכט דאָס באַוויינט אים
און טרויעריק קלאָגט אויך דער ווינט — — —

מאר־דעל־פלאטא, 1964

## דער שוואַרצער גאַסט

דער שוואַרצער גאַסט קומט אומגעבעטן,
ער קומט גאָר אומגעריכט.
ער טוט אַ פּאָך מיט שוואַרצע פליגל,
לעשט פּלוצלינג אויס דאָס ליכט.

ער ווײַזט זיך תמיד, ווען דו גלייבסט נאָך,
מיט זומער שמעקט דײַן וועלט;
ווען ס׳בלויט דער הימל, שטערן גריסן
מיט פריד צו דײַן געצעלט.

עס רוישן וועלדער, ס׳זינגען קוואַלן,
פון פרייד ביסט קיין מאָל זאַט.
דאָס לעבנסבוך פאַר דיר ליגט אָפן,
מישסט דורשטיק בלאַט נאָך בלאַט.

דו גלייבסט, דו האָסט נאָך לאַנג צו מישן,
נאָך ווײַט צום עפּילאָג.
דער גאַסט דערשײַנט ערשט אומגעבעטן
און זאָגט: „ס׳איז לעצטער טאָג״...

ער טוט אַ פּאָך מיט שוואַרצע פליגל,
לעשט פּלוצלינג אויס דאָס ליכט.
אַ לעצטער שמייכל בלײַבט פאַרגליווערט
אויף בלאַסקייט פון געזיכט.

חלומות בלײַבן ניט־דערחלומט,
די ליבשאַפט — אָן פינאַל.

גלײַך ווי אַ סטרונע אַ געפּלאַצטע,
גלײַך ווי אַ שקיעה־שטראַל.

און ס׳הייבט זיך אָן די נאַכט פון קבר,
די נאַכט וואָס האָט קיין סוף.
אַ בליץ, אַן אויפפלאַם — און פאַרלאָשן
אין אייביק קאַלטן שלאָף — — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1964

## צו די אומשטערבלעכע

איר האָט באַשאַפן גאַנצע וועלטן,
פאַרחתמעט זיי אין שריפט;
ס׳טריפט אײַער גײַסט אין די געצעלטן,
ווי טוי פון הימל טריפט.

ס׳וועט אײַער גײַסט דערנערן דורות,
צום שוווּנג באַפליגלען זיי, —
כאָטש איר, די שעפער פון די תורות,
וועט זײַן אין קברים־ריי.

אין קברים־ריי אויף אַ בית־עולם,
מיט גראָז פאַרוואָקסן ווילד.
כאָטש גוט, וואָס איר דעם גרויסן אומזין
אין קבר שוין נישט פילט.

די קבר־נאַכט אין קאַלטע אָרעמס
אין אייביקייט אײַך פרעסט.
באַוויינט אײַך אויבן נאָר אַ פויגל,
וואָס האָט דאָ ווו זײַן נעסט.

איר האָט באַשאַפן גאַנצע וועלטן —
דאָך נישט פאַר זיך אַליין:
ווי אַלע שטערבלעכע פאַרמשפט
פאַר ווערעם אונטער שטיין — — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1966

## איך האָב מיינע יאָרן

איך האָב מײַנע יאָרן צעטרעננצלט.
איך ווייס גאָר נישט ווי, כ׳ווייס נישט ווען.
דאָס האָט מיט אַ דיכטער צעשטרײַטן
געקאָנט נאָר אַזעלכעס געשען.

פאַרגאַפּט זיך אויף שטערן, לבנה,
אויף פּורפּורנעם זונען־פאַרגאַנג;
פאַרשיכורט מיט דופטן פון וועלדער,
פאַרוויגט פונעם פייגל־געזאַנג.

געלאָזט זיך פון פרויען באַרוישן —
פון באַכוסעס טעכטער אַ קראַנץ.
און אָט אַזוי יאָרן צעטרענצלט
אין רויש פונעם פריילעכן טאַנץ.

האָב פּלוצלינג דערזען זיך אין שפּיגל —
אָ, גאָט! מײַנע לאָקן שוין גרוי.
שוין האַרבסט... און עס וויאַנען די רויזן,
עס נערט זיי קוים האַרבסטיקער טוי.

כ׳וואָלט גערן אויף ס׳נײַ אָנגעהויבן
דעם חשבון — דעם לעבנסגעוועט.
נאָר ס׳האָבן אַפּנים די געטער
קיין צוטרוי מער צו אַ פּאָעט — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1966

## אין ווייטן עתיד

כ׳הער קלוגע רייד פון ביכער, פון דער חכמה אויסגעלייען,
ווי ס׳וועט דער מענטש פון ווײַטן עתיד זײַן פון גליק באַהעלט;
זײַן לעבן — ווי אַ חלום; ווי אַן אָדלער וועט ער פליען.
און ס׳וועט לסוף שוין אַ גן־עדן וואָרער זײַן די וועלט.

עס וועט דער מענטש דערהויבן זיך צו ווײַטסטער סטראַטאָספּערע.
לבנה... מאַרס... — פֿאַר איטלעכן אַ פֿריילעכער שפּאַציר.
באַחרית־ימים אמתער נאָך דורות לאַנגע, שווערע,
און פֿרידן אייביקער וועט זײַן אויף ערד דער שענסטער ציר.

קיין קין און קיין הבל. אַלע, אַלע גלײַכע ברידער.
קיין שעיר לעזאָזל מער, דער ייִד — אויס אַהאַספּער.
און פֿאָלק צו פֿאָלק, און מענטש צו מענטש וועט זינגען ליבע־לידער,
אין אַקראַניזן לאַנג פֿאַרוואַנדלט זײַן וועט דאָס געווער.

איין שוואַרצע קללה נאָר וועט אייביק בלײַבן פֿאַר די צײַטן —
דער טויט! דער טויט וועט שאָטענען פֿאַר אַלע גלײַך.
עס וועלן קיין אַנטרינונג זײַן פֿאַר אים די ווײַטסטע ווײַטן,
כאָטש ס׳וועט די חכמה זײַן שוין אַזוי טיף און אַזוי רײַך — — —

פּיריאַפּאָליס, 1967

## צו מיין מוזע

וועסט קומען צו מיר אין די נעכט אין די שוואַרצע
און טרייסטן און וועקן געזאַנג;
וועסט צינדן דעם הייליקסטן פֿלאַם אין נשמה
און לײַטערן ווערטער אין קלאַנג.

פֿאַרטרײַבן פֿון מיר וועסט די פֿינצטערסטע רגעס,
ווען טויט, דוכט, שוין לויערט בײַם שוועל.
קאָנסט ווײַזן דעם כישוף, ווען די מרה־שחורה
צעזינגט זיך אויף לוסטיק אין זעל.

ס׳פֿאַרראַט ווען אַ פֿרײַנד, צי אַפֿילו אַ חבר,
דײַן דורכפֿאַל אַ מאָל ברענגט אים פֿרייד.
נאָר דו, מײַן באַשערטע, מײַן מוזע געטרײַע,
ביסט תמיד צו טרייסטן מיך גרייט.

דערשײַנסט צו מיר דעמאָלט, באַפֿליגלטער מלאך,
און שטעלסט זיך געטרײַ נעבן מיר.

און ליכטיק ווערט דאַן מיר, כ׳צעשטראַל זיך, צעזינג זיך
ווי כ׳פּיל נאָר דײַן פליגל־באַריר.

און כ׳וויס, וועסט אַזוי מיך כסדר באַגלייטן
ביז רגע ביז לעצטער אין וועג.
מיט ליד איז אויך גרינגער די לעצטע צעשיידונג,
ווען טאָג גייט אַוועק, גייט אַוועק — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1963

## גאַסטראָל

דו קומסט, בן־אָדם, אויף דעם ערד־פּלאַנעט נאָר אויף גאַסטראָל.
ס׳איז ווי אַ מעטעאָרן־גלאַנץ נאָר אויף אַ קורצער ווײַל.
ס׳איז אַ גאַסטראָל אויף נאָר איין איינציק, נאָר איין איינציק מאָל, —
טאָ דאַרפסטו אין דער קלײנער ווײַל דערזען כאָטש אויף אַ מײַל.

קוק רעכטס און לינקס און נעם, אָ, נעם די גאַנצע וועלט אַרום,
דעם בלוי פון ווײַטן הימל און דעם רייך פון בונטער ערד,
דעם כישוף פון דער ווײַטער זון, דעם ספינקס פון כל היקום;
פאַרנעם זשע דאָס געזאַנג פון פרילינג, וואָס דיר איר באַשערט.

עס דויערט דײַן גאַסטראָל אויף ערד־פּלאַנעט דאָך גאָר נישט לאַנג —
אַ געזעגן נאָר אין איביקייט אַרײַן, נישט מער, נישט מער. —
טאָ זאָל דײַן קורצער זײַן כאָטש בלײַבן ווי אַ שיינער קלאַנג,
אַ ליד, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט דאָ פון ווײַטער סטראַטאָספער — — —

מיניאַפּאָליס, 1967

## אין איינזאַמסטער שעה

איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט זײַן בײַ מײַן צוקאָפּנס
ווען קומען וועט אַ מאָל צו מיר די לעצטע שעה;
ווען הימל ווערן וועט אַלץ ווײַטער, אויסגעלאָשן;
ווען קיינער שוין, ווען קיינער איז שוין מער נישטאָ.

כ׳וואָלט וועלן מיטנעמען דײַן אָפּשייד־בליק דײַן שטומען,
דײַן צאַרטע האַנט אין מײַנער ווי אַ לעצט געשאַנק;
די לעצטע ליבשאַפֿט אין דער לעצטער, לעצטער רגע,
ווען אײַנשלאָפֿן וועט לאַנגזאַם, לאַנגזאַם דער געדאַנק.

זאָלסט שטײן אַזוי לעם מיר פֿאַרשטומט און מיט דײַן טרייסטשאַפֿט
און פֿאַלן זאָל אויף מיר דײַן ליבשאַפֿט דורך אַ טרער.
קאָן זײַן, כ׳וועל פֿילן עס, כאָטש כ׳וועל שוין שווײַגן, שווײַגן;
קאָן זײַן, ס׳וועט אויך דערגיין דײַן כליפּ צו מײַן געהער.

איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט זײַן בײַ מײַן צוקאָפּנס,
מיך שרעקט דער טויט אין שטומע עלנטע פֿיר ווענט, —
ווען דורכן פֿענצטער קוקט אַ גלײַכגילטיקער דרויסן;
ווען לעצטע רגעס אין יסורים אויסגעברענט — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1965

# וואַרט נאָך

אָ, וואַרט נאָך, זון, אין מערב,
און אײַל זיך נישט, אָ, נאַכט:
איך האָב נאָך אַלע גאַרבן
אין שײַער נישט געבראַכט.

זיי ליגן נאָך צעוואָרפֿן,
אויף ברייטן פֿעלד צעשפּרייט.
אָ, לאָז נאָך, זון, מיר זאַמלען,
פֿאַרגין מיר, נאַכט, די פֿרייד.

איך האָב געזייט די קערנער,
מיט ליבשאַפֿט זיי גענערט.
איז קומט דאָך מיר געניסן
די גאָבן פֿון דער ערד.

איז ווילט זיך אַלע גאַרבן
צונויפֿזאַמלען אַצינד.

טאָ קום נישט, נאַכט, פּריצישיק,
גלײַך ווי אַ שטורעמווינט.

אָ, וואַרט נאָך, זון, אין מערב,
און אײַל זיך נישט, אָ, נאַכט.
איך האָב נאָך אַלע גאַרבן
אין שײַער נישט געבראַכט...

בוענאָס־אײַרעס, 1966

## ראַנטשאָס אויף די וועגן

(אַרגענטינער מאָטיוו)

פאַר וואָס אַזוי פיל ראַנטשאָס בײַ די וועגן לאַנגע, ווײַטע —
געצעלטן פון דער אָרעמשאַפט אויף אַרגענטינער ערד?
די נאָרעס מענטשלעכע פון בלעכן, ברעטלעך, ליים און צווײַגלעך —
אַזאַ סאָרט „היים" פאַר מין פאַר „יחוסדיקן" איז באַשערט.

עס שמײַסן רעגנס, ס׳וואָיען ווינטן אין די ראַנטשאָ־לעכער,
אין אַלטע טראַנטעס צויטיקע פון הפקר קליין און גרויס.
בשכנות וואַקסן פאַרביקע טשאַלעטן אויס און רייצן,
אין נעכט פון יענע פענצטער ווינקט און לאָקט די פרייד אַרויס.

זעסט בײַ די ראַנטשאָס קינדערלעך, פון היץ און קעלט פאַרשוואַרצטע,
און מאַמעס מאַכן פײַערן פאַר מאָגער־בידנע טעפּ.
דאָ וואַקסן מענטשן אויס ווי צאַבערס שטעכיקע דערנעבן,
מיט טונקל־ברוינע פּנימער, מיט פעכיק־שוואַרצע קעפּ.

און ס׳וואַקסט אַזוי די אָרעמשאַפט אין אומענדלעכע פּאַמפּאַס,
און ס׳וואַקסט אַזוי דער צאָרן־פלאַם אין רויען מענטש פון נויט.
עס איז ווי אַ צר־להכעיס־שפּיל: פּאַלאַצן אין אַ שפע —
און ראַנטשאָס דאָ און דאָרט צעשפּרייט, ווו ס׳פעלט דאָס ביסן ברויט — —

רזאַ־האַנדאַ, 1963

# ישראל־מאָטיוון

## א. ישראל

דו האָסט זיך אײַנגעביסן טיף אין פעלדזן און אין שטײנער
מיט הײַזער־בלאָקן בלאַנקיקע, מיט שטעט זיך אויסגעשפּרייט.
געשניטן וויסטע, האַרטע בערג, מדבריות אויסגעפּלאַסטערט,
מיט גרינקייטן באַצויגן פלאַכקייטן אין לענג און ברייט.

טרײַבסט וואַסער — לעבן! — אין די גרויע וויסטקייטן אוראַלטע,
וואָס טויט שוין דורות־לאַנג געווען, אָן גרעזל און אָן פלאַנץ.
מחיה־מתימדיק צעגרינסטו ערד און ס'וואַקסן־אויס ישובים,
און קינדערלעך צעשפּילן זיך, צעזינגען זיך אין קראַנץ.

פון גורל די פאַרטריבענע, דורך רשעותן און גרוילן,
אַן אייגן מקלט אויסגעווילט, אַ קליינטשיק פּונקט אויף ערד.
מיט שוויס און בלוט געהייליקט איז איעדער שפּאַן געוואָרן, —
די נעסט די אויסגעחלומטע מיט ספר און מיט שווערד.

זועסטו דעם מקלט אָפּהיטן פאַר הײַנט און פאַרן מאָרגן,
אַ שוץ אַן אײַזערנע — די יונגע בראַווע טעכטער, זין.
טאָ זאָל זשע כאָטש איין ווינקעלע דאָס וואָגל־פאָלק פאַרמאָגן,
איין זיכער רויִק ווינקעלע צעווישן מענטשן־מין.

די פײַנט אַרום זיי לויערן פון אַלע, אַלע זײַטן,
מיט בלינדער קנאה־שנאה אָטעמט נאָך די פרעמדע וועלט.
נאָך ווייניק איז דײַן מס פון בלוט, ס'איז נאָך נישט זאַט דער תליון,
עס קאָכט, עס רייצט זײַן צאָרן אויף דײַן אויפגעשטעלט געצעלט.

אויף דײַנע וועגן־שטעגן די מצבות דיר דערמאָנען:
נישט אויף אַ טאַץ אַ זילבערנער געגעבן איז דאָס לאַנד.
נאָך געטאָס, גאַז־קאַמערס האָט הייליק אויפגעפלאַמט די גבורה,
די גבורה מאַקאַביייִשע אין שלאַכטפעלדער, אין בראַנד — — —

גבעתיים, אַפּריל 1965

ב. יעדער שפּאַן

יעדער שפּאַן, יעדער פּיצעלע גרינקייט,
יעדערביימל, אַיעדער ציפּרעס —
נאָר מיט שוויס און מיט בלוט אַלץ צו וועגן,
מיט געפּאַרן, געראַנגל און נס.

נאָר מיט יונגע חלומות, מיט לעבנס,
איז די וויסטקייט צעגריינט און צעבליט.
נאָר מיט גבורה פון יונגע גיבורים
איז דערוואָרבן אַיטוועדער טריט.

ווער מיט טרערן עס זייט, שניידט מיט לידער,
איצטער קלינגט אויף די פעלדער געזאַנג.
ווער עס מעסט איצט די בערג און די טאָלן —
וועט די שיינקייט אים בלייבן אויף לאַנג.

ווער איצט פרילינג־צייט שפּאַנט דורך פּרדסים,
וועט ער תּמיד שוין פילן דעם דופט;
וועט ער שפּעטער — אין פרעמדן און ווייטן —
תמיד הערן ווי ס׳לאַנד יענק אים רופט.

וועט ער בענטשן די הענט פון די בויערס,
ווער געאַקערט און ווער ס׳האָט געזייט.
און ווי זיי וועט ער אויך זיך צעזינגען
און מיט זיי וועט ער טיילן די פרייד — — — —

אויפן אַטלאַנטיק, 1965

## היים־רעמיניסצענצן

אויף דעכער שוין שפּילט זיך די זון,
כאָטש פּייכט נאָך, פון רעגן נאָך נאַס.
שוין פרילינגדיק. דופטיק די לופט.
און קינדערלעך שפּילן אין גאַס.

די פענצטער שוין פרײַ אויפגעפּראַלט,
וואָס ווינטער פאַרקלאַפּט געווען לאַנג.
אַ שטראַל איז אין שטיבל אַרײַן,
אַ צוויטשער, אַ פייגליש געזאַנג.

שוין פּסח־צײַט. הימל איז בלוי,
און בלוי אינעם שטעטל איז אויך.
פון לאַנקעס דער שניי שוין אַראָפּ,
און שוואַלבן אין שורות גאָר הויך.

שוין מצות מען באַקט אין „פּאָדריאַד" *,
צום פּסח אַיעדער זיך גרייט.
דער טאַטע אַ מלך וועט זײַן,
צו אונדז וועט אויך קומען די פרייד.

כאָטש אָרעם און טריב איז מײַן היים,
נאָר דלות על דלות אין נויט.
דער ווינטער פול דאגות און קעלט,
אַ נס יעדער פּיצעלע ברויט.

דאָך פּסח איז אויך אין מײַן היים,
מײַן טאַטע דאָך מלך איז דאַן.
מיט נסים ווערט מצה געגרייט
און מרור דאָך זיכער פאַראַן...

און אויב נישט קיין ווײַן — איז אויך גוט
אין כוסות גאָר פּשוטער טיי.
צום סדר איז אַנדערש דער טעם
און זיס קען אויך ווערן דער וויי.

און אָט ברענגט דער טאַטע איין טאָג
פון בוידעם די כוסות אַראָפּ.
און איך וועל די קשיות די פיר
אים פרעגן מיט ניגון, מיט טראָפּ.

---

*בעקערײַ, וווּ מ'באַקט קאָלעקטיוו מצות.

און קומט ערב פּסח נאָר אָן —
מיט טאַטן אין שולכל כ׳גיי־מיט.
דער חזן מתיקותדיק זינגט
און ס׳זינגט־מיט אַיעטוועדער ייִד.

ליל שימורים. די נאַכט רוקט זיך אָן.
אין שטיבער מען „זאָגט״ און מען זינגט.
פון נסים אַמאָל בײַ דעם ניל
אין געסלעך אין שטילע פאַרקלינגט.

און ס׳קלינגט „שפוך חמתך״ מיט פלאַם
פון איטלעכן שטיבל אַרויס.
הײַנט גייט אליהו אַרום,
זײַן כוס דאָך אין איטלעכן הויז.

און ס׳פליסט שיר־השירים לסוף,
ס׳קלינגט שלמהס געזאַנג אומעטום.
און נאַכט טראָגט דעם ניגון אַרויף
צום הימל, וואָס הערט זיך צו שטום — — —
— — — — — — — — — — — —

ווו יענע ניגונים אַצינד?
דער טאַטע פון ווײַטן אַמאָל?...
די היים אַ בית־עולם איז איצט,
פון מענטשישע ביינער אַ טאָל — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1965

## די הויף־בעטלערין

(אַן אַלט וואַרשעווער מאָטיוו)

גייט זי, בלאָנקעט איבער הויפן
מיט איר טאָרבע — איר פאַרמאָג.
רופט צו פענצטער, גוטע מענטשן,
רופט אַזוי זי אַלע טאָג:

אַלטע ברויט,
אַלטע זעמל,
אַלטע חלה —
וואַרפט אַראָפּ!

עלנט, קראַנק, אין ווינטער עלטער,
קאַלט אין קעלערשטוב און נאַס,
פּלאָגט דער דלות, נאָגט דער הונגער,
בלאָנקעט זי פון גאַס צו גאַס.

אַלטע ברויט... אאַז"וו.

וועט זי אויף די שטיינער פאַלן,
אויסגיין ביי אַ פרעמדער שטוב, —
קיינער וועט קיין קדיש זאָגן,
רוען וועט זי שוין אין גרוב...

אַלטע ברויט... אאַז"וו.

## אין יתומים־היים

(קינדער־מאָטיוו)

כ'האָב קיין טאַטן, כ'האָב קיין מאַמען
אין דער גרויסער וועלט;
קיינער גלעט נישט, קיינער קושט נישט,
אַז אַ מאַמע פעלט.

קיינער טוליעט נישט צום האַרצן,
ווישט נישט אָפּ אַ טרער.
ס'שטייען בעטלעך גאַנצע שורות —
נאָר פאַרוויגט דען ווער?

קינדער, ווער קען זינגען לידער?
איינס־צוויי, איינס־צוויי, איינס! —
לאָמיר זיך אַליין פאַרוויגן
מיט אַ ליד אַ שיינס.

וואַרשע, 1933

# אויף קבר־אָבות

כ׳וואָלט וועלן גיין אויף קבר־אָבות,
צום היימיש אַלטן „גוטן אָרט״;
צו יענע שטילע גראָזן, יאַלקעס,
אַ שטילקייט אייביקע איז דאָרט.

כ׳וואָלט וועלן קומען מיט מײַן יזכור,
פאַרגיסן אין דער שטיל אַ טרער:
ס׳האָט צו פיל צער זיך אָנגעקליבן,
עס איז אין האַרץ צו טראָגן שווער.

איז גוט אַרויסוויינען דעם טרויער
בײַ טאַטע־מאַמעס גרויען שטיין.
נאָר כ׳קען אַהין צו דעם בית־עולם
אויף קבר־אָבות קיין מאָל גיין.

ס׳איז וויסט, אַ הפקר דער בית־עולם;
אַ פאַשע־פעלד איז עס אַצינד.
צעוואָרפן אַלינקע מצבות,
עס יאָמערט דאָרטן נאָר דער ווינט.

מיט טאַטנס קבר זיך געזעגנט
אין יענער טרויעריקער צײַט, —
ווען ס׳האָבן ליגנערשע „דערלייזערס״
פאַרוואָרפן מיך אין טײַגעס ווײַט...

מײַן מאַמען נישט באַשערט קיין קבר —
פאַרברענט איז זי אויף אַש מסתם.
און אירע לעצטע זיקנה־טרערן
אַרײַן אין גרויסן טרערן־ים.

נישטאָ צו וועמען איצט צו קומען,
אויף קבר־אָבות איצט צו גיין.
וואַקסט גרעסער אַלץ דער צער, דער טרויער,
נישט אויסגעוויינט איז דאָס געוויין — — —

בוענאָס־איירעס, 1964

## ה. לייוויק

(צו זײַן ערשטן יאָרצײַט)

געבליבן ווי יתומים אָן אַ טאַטן דײַנע לידער,
אין גרויסן חלל טרויערט, יאָמערט דײַן געזאַנג.
עס דוכט זיך אַלץ, פון הינטער אַ קורטינע קומסטו ווידער.
דו ביסט אַוועק בלויז צײַטווײַליק, נאָר נישט אויף לאַנג.

עס דוכט, דײַן זילבער־ווײַסער קאָפּ דערשײַנט באַלד און דערפרייען
וועט די פאַרליבטע און פאַרבענקטע נאָך דײַן וואָרט.
עס גלייבט זיך נישט, אַז ביסט געווען ווי אַלע וואָס פאַרגייען;
אַז אייביק לידיק, פּוסט וועט בלײַבן שוין דײַן אָרט.

מיט ניט־געשטילטער בענקשאַפט תמיד פאָלק וועט דיך דערמאָנען, —
דערמאָנען, היטנדיק געטרײַ דײַן קרוין, דײַן רום.
האָסט מיט דײַן וואָרט באַפליגלטן געלאָקט מיט דיר צו שפּאַנען
צו שיינקייטן, וואָס ליגן ווו פאַרבאָרגן, שטום — — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1963

## פאַרלאָשן אַ שטערן

(אויפן טויט פון אַהרן גלאַנץ־לעיעלעס)

פאַרלאָשן אַ שטערן,
פאַרגאַנגען אַ ליכט.
אין הימלישע ספערן
אַוועק אומגעריכט.

אַוועק מיט זײַן שמייכל,
פאַרשטומט שוין זײַן וואָרט.
געבליבן אין היכל
אַ לידיקער אָרט.

אַ ליבשאַפט פאַרלאָשן,
אַ שטראַליקער ייִד;
אַ ריטער פון לשון,
אַ ריטער פון ליד.

באַקראַנצט מיט געזאַנגען
ער האָט אונדזער וועלט.
מיט קרעפּ איצט באַהאַנגען
איז ייִדיש געצעלט.

זײַן וועלט איצט — בית־עולם,
אַבלים — אַ סך,
און צווישן אַבלים —
זײַן ליד און זײַן שפּראַך — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1967

## צום ברודער — דיכטער

מיר קומען צו דעם פאָלק מיט ריינסטע איידלשטיינער,
מיר ברענגען אים די שענסטע פּערל פון געזאַנג;
נאָר אין דער גרויער גאַס מיר טרעפן קאַלטע שטיינער.
ווער וואַרט אויף אונדזער ייִדיש ליד? אויף אונדזער גאַנג?

ס'האָט אונדזער לשון, אונדזער ליד אַזוי פיל שונאים,
צעווישן ברידער אייגענע די מחנות פֿיינט.
זיי ציִען פרעמדע מאַסקעס אָן אויף זייער פּנים,
פאַר תרחס תרפים בוקט מען זיך אַפילו היינט.

דאָך גייען מיר אין אונדזער גאַנג אַלץ ווייטער, ווייטער;
מיר זינגען פאַר יחידים אפשר אונדזער ליד.
עס גיט די פליגל אונדז דער עתיד — אַ באַגלייטער, —
וואָס צינדט דעם קדושה־פלאַם אין טיפקייט פון געמיט — — — —

פּיריאַפּאָליס, 1967

## פאַרשעמטע אותיות

פאַרשעמטע אותיות מרובעות,
פאַרטריבן פונעם ייִדיש הויז.
פון ביכער־פּאָליצעס אין זאַלן
קיין צורת־אות קוקט נישט אַרויס.

מיט ראַזשינקעס און מאַנדלען מאַמעס
פאַרוויגן מער שוין נישט קיין קינד.
אין גלות — ייִדישע ניגונים,
אין היימען ווייעט פרעמדער ווינט.

אַוועק אין אייביקייט דער זיידע,
די גרויע באָבע אויך אַוועק.
מיט זיי דער מחזור, „קרבן מנחה״
אַוועק אויך אין דעם לעצטן וועג.

קיין צייכן ייִדישקייט געבליבן
אין היימען ייִדישע אַ סך.
אין די חדרים בלאָזט אַ פרעמדקייט,
עס בלאָזט מיט קעלט פון פרעמדער שפּראַך.

עס וואַקסן קינדער, אויסגעכאָליעט,
גאָר אָן אַ טראָפּן ייִדיש חן.
דער אַלף־בית וועט זיי נישט ברענגען
אין לאַבירינטן טיף און שיין — —

בועגאָס־איירעס, 1964

## ייִדיש

ווער עס ליבט דיך, האָט ליב אויך זײַן פאָלק,
איז נאָענט אים זײַן פרייד און זײַן לייד.
ביסט אַ קינד, וואָס געבוירן אין פּײַן,
דײַן וועג נישט מיט רויזן פאַרשפּרייט.

ביסט געבוירן אין וואָגל — דאָך ליב,
דאָך האַרציק בײַם פאָלק ביסט געווען.
ביסט געוואָקסן צוזאַמען מיט אים
בײַם ווײַסל, בײַם ריין, צי בײַם סען.

האָסט צעצווײַגט זיך אַזוי ווי אַ דעמב,
מיט זאַפטן מיט פרישע צעבליט.
האָסט פאַרוועבט זיך אין מאַמעס געבעט,
אַרײַן אין נשמה פון ייִד.

זינט דעם ערשטן געפּלאַפּל פון קינד,
פון וויגל ביז גריבל באַגלייט.
ביסט צוזאַמען אין וואָגל מיט פאָלק,
אין גלותן פרעמדע צעשפּרייט.

נאָר נישט אַלעמען דאָך דו געפעלסט,
דײַן יחוס נישט אַלעמען פּאַסט.
ווי אַ שטיפקינד מען יאָגט דיך פון שטוב,
מען חוזקט פון דיר און מען שפּאַסט.

און אַפילו אין היימישן לאַנד,
ווו קינדער זיך זאַמלען פון פרעמד —
דאָרטן לאָזט מען צום טיש דיך נישט צו,
פון אייגענע ברידער פאַרשעמט.

דאָרטן האַלט מען דיך אַלץ פון דער ווײַט,
מען וואַרפט דיר נאָר צו קוים אַ ביין...
דאָך דײַן שיינקייט — אין טרויער פאַרהילט —
זי וויל נישט, זי וועט נישט פאַרגיין — — —

אויפן אַטלאַנטיק, 1965

## מיר זיינען נישט די לעצטע

(מחשבותן)

מלך ראַוויטשן,
צו זײַן ווערן אַ בן־שבעים.

אַ ניין! אַ ניין! מיר זײַנען נישט די לעצטע זינגער
אויף אונדזער יידיש־יידישן פאַרנאַס.
עס וועלן מאַמעס נאָך פאַרוויגן קינדער
מיט לידער יידישע אין אונדזער גאַס.

מיט צאַרטע לידער וועגן ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,
ווי אין דער אַלטער,ליבער, גוטער צײַט.
פון פענצטער וועלן שבת־ליכט מיט קדושה פינקלען
אין שטעטלעך יידישע פון נאָענט און ווײַט.

און חתן־כלה צו דער חופּה וועט מען פירן
מיט קלעזמערס פריילעך דווקא צו דער שול;

מיט מצווה־טענצלעך שמחהדיק פון ויידע־באָבע,
מיט ליכט, הבדלות און מיט כוסות פול.

אין אַלטע שולן וועלן זקנים ברענגען ראַיות
על־פּי קבלה ווען משיח קומט.
אין די משמרים־נעכט פון הינטער דעם פּרוכת
אַ קול פאַרנעמען זיי — די שכינה ברומט.

און אין די אלול־טעג וועט פרים דער שופר שאַלן
ביי שחרית אין בית־מדרש פון באַגין.
מגידים — למד־וואָוו — פון בימהס וועלן וועקן
צו תשובה, תפילה פאַרן יום־הדין.

און יוגנט ווידער וועבן וועט חלומות שיינע
פון עתיד ליכטיקן, אין ווייטער ווייט...
און ווידער וועלן לידער האָפענונג צעקלינגען
פון איין מאָל אָפּגענאַרטער נייער צייט — —

עס וועלן דורות ייִדישע נאָך קומען, קומען
מיט כישוף פון פאַרשניטענעם אַמאָל...
פון מאַסן־גריבער וועלן ניסימדיק נאָך אויפגיין
די קדושים, וואָס כחול הים, אָן צאָל — —

אַ ניין! מיר זיינען נישט די לעצטע... אונדזער ייִדיש לשון
וועט איבערגיין נאָך לאַנג פון דור צו דור.
בחינם די באַווײנערס און אומזיסט דער קדיש,
וואָס ס'זינגען־אויס קברנים אין אַ כאָר...

בוענאָס־איירעס, 1963

## X

# אויף שטילע וועגן

(בוענאָס־אײַרעס, 1971)

## פרעלוד

אָ, ליד מײַנס, כ׳וועל מיט דיר זיך קיין מאָל שיידן —
אַפילו ביזן לעצטן טאָג.
פון אַלע שײנקייטן, פון אַלע פרײדן
ביסטו מײַן לויטערסטער פאַרמאָג.

כ׳גיס אין געזאַנגען אויס מײַן הייסע תפילה,
מײַן פרייד, צי טרויער פון געמיט.
אין טעג פון וויסטן רעש, אין נעכט אין שטילע
ביסטו אַ טרייסט פאַר מיר, מײַן ליד.

פון אַלע מײַנע ליבשאַפטן אַ לאָגל
ביסט תמיד דאָך פאַר מיר געווען;
און אַלע טרערן, פײַנען פון מײַן וואָגל
דער לאָגל אויפנעמען אויך קען.

אַפילו אין די סאַמע לעצטע רגעס
מײַן ליד וועט זײַן דער לעצטער זאָג;
די לעצטע תפילה בײַ די פינצטער שטומע ברעגעס
פון יענער זײַט אין לעצטן טאָג — — —

1969

# עס האָט מיך מיין גורל...

עס האָט מיך מײַן גורל פֿאַרוואָרפֿן
פֿון גרינער, פֿון היימישער ערד, —
אַזוי ווי אין ווינטיקן שטורעם
אַ גרעזל געשלײַדערט עס ווערט.

פֿאַרוואָרפֿן אין ערגעץ אַ פֿרעמדקייט,
ווו פֿרעמד איז מיר הימל און ערד;
גייט־אויס די נשמה אין בענקען,
פֿון לעכצעניש ווערט זי פֿאַרצערט.

עס שײַנען אין פֿרעמדקייט אויך שטערן,
די זעלבע לבנה און זון;
נאָר ס׳ווערט נישט מײַן בענקען געלאָשן,
עס ווערט מיר נישט גרינגער דערפֿון.

איך זע אַלץ די ווערבעס, בעריאָזקעס,
דאָס טײַכל, די כאַטקעס פֿון ליים;
דערבײַ אויך דאָס בערגל־בית־עולם, —
ס׳איז אָרעם געוועזן מײַן היים...

די אָרעמע ייִדישע געסלעך,
געשטאַלטן פֿון ווײַטן אַמאָל — —
(כאָטש כ׳ווייס, אַז פֿון אַלע געבליבן
נאָר טרוקענע ביינער אין טאָל — — —), —

דאָך טראָגט מיך אַהין אַלץ מײַן בענקען,
כ׳זע היים אַלץ אין חלום צי וואָר.
מײַן בענקען ווערט גאָר נישט פֿאַרלאָשן,
כאָטש ס׳לעשט זיך אַ יאָר נאָך אַ יאָר — — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1968

# אַנטלויפֿן אין חלום...

עס גלוסט זיך אַנטלויפֿן אין חלום
פֿון גרויקייט, פֿון זשאַווער, פֿון יאָך.
אין חלום איז פֿאַרביק, איז זוניק,
אין יום־טוב פֿאַרוואַנדלט איז וואָך.

אין חלום דערזעסטו זיך ווידער
אין יונגער, פֿאַרלוירענער וועלט.
צעזומערט, צעדופֿטעט די וועלדער,
דער הימל צעבלויט און צעהעלט.

דערזעסטו די ווערבע בײַם פֿענצטער
פֿון שטיבל, וואָס מער שוין נישטאָ.
איר רויש פֿלעגט פֿאַרשפּינען אין טרוימען
אין שטומער, אין נאַכטיקער שעה.

דערזעסטו געשטאַלטן, געשטאַלטן...
אַ ליבשאַפֿט, וואָס פֿול איבער ברעג.
דערזעסטו די לאָנקעס, די פֿעלדער,
דעם גרינעם, דעם דאָרפֿישן וועג.

דו בלאָנקעסט באַרוישט פֿון אַקאַציעס,
די זאַנגען זיך נייגן פֿאַר דיר.
דו פֿליקסט די „פֿאַרגעס־מיך־ניט"־בלימלעך —
דוכט, אַלץ איז פֿאַר מיר, איז פֿאַר מיר.

שפּרײַזט־אום איבער שטעטלשע געסלעך.
ס'איז הייליקער שבת פֿאַרשפּרייט.
נשמה־יתירה אין היימען,
מיט שלווה פֿון פֿענצטער עס ווייט — —

אַזוי ווי ס'וואָלט גאָר נישט געווען
אין צווישן דער מבול פֿון בלוט — —
און ייִדן מיט טלית און תּפֿילין
צום דאַווענען זיי גייען באַרוט — — —

אָפּט גלוסט זיך אַנטלויפן אין חלום
פון גרויקייט, פון זשאַווער, פון יאָך.
אין חלום איז פאַרביק, איז זוניק,
אין יום־טוב פאַרוואַנדלט איז וואָך.

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1968

## בגילופין

דער פרילינג קומט מיט כישוף, קומט מיט נײַע פריידן,
מיט יונגער גרינקייט און מיט בלענדנדיקן צווייט.
ער ברענגט אַ גרוס מיר פון מײַן ייִנגלשן גן־עדן,
וואָס האָט אַמאָל געבליט און לאַנג שוין אָפּגעבליט.

שווימט־אויף דעם גלחס סאָד, די לאָנקעס, פרײַע וועגן.
מיט רייזן — פּרק דאָרטן גאַנצע טעג פאַרבראַכט.
און בלויער בעז פאַרשיטן פלעגט מיך ווי אַ רעגן,
און „איך־און־זי"־חלומות אין לבנה־נאַכט...

טוט ווײ. ווערט אומעטיק. צום גליק, איך קען פאַרגעסן,
ווער ממש שיכור מיטן דופט פון דעם זשאַסמין.
און זון פאַרכליניעט מײַנע איצטיקע מעת־לעתן.
עס זשומט מיר ווי אַמאָל די זינגעוודיקע בין.

איך ווער אַזש בגילופין, שלינג דעם בלוי פון הימל,
שוועב מיטן ווײַסן וואָלקנדל אין בלויען רוים.
די סאָסנעס וויגן־אײַן מיך אין אַ זיסן דרימל,
און וואָר ווערט וואָס געוועזן; וואָר ווערט איצט דער טרוים — — — —

בוענאָס־איירעס, 1969

## סך־הכלען

איך וויל נישט אונטערצײען קיין סך־הכלען,
זאָל ווײַטער גיין דער חשבון ווי ער גייט.

איך וויל נישט וויסן וואָס עס וועגט אַריבער:
צי צער און טרויער, אָדער רגעס פרייד.

כ'האָב מורא פאַר סך־הכלען אין מײַן לעבן:
דער חשבון קען פאַרוואָלקענען די טעג.
עס האָבן דאָך די יאָרן, טעג אַ גרענעץ
און קײַקלען זיך און קומען צו איין ברעג.

איז גלײַכער מאַכן זיך אָן אַלץ פאַרגעסן
און לעבן מיט דער קאַרגער פרייד פון טאָג.
בענטש יעדן טאָג און בענטש די זון אין הימל
און צו דער בלויקייט שטיל אַ תפילה זאָג.

שלינג, אָטעם טיף אַרײַן די אַראָמאַטן
פון יעדן בוים, פון בלימעלע אין פעלד.
און זינג אַ שבח מיט שמעטערלינג צוזאַמען,
וואָס נאָר איין טאָג בײַ אים די גאַנצע וועלט — — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1968

## צעזונגענע כוואַליעס

און ווידער אַ בלויקייט פון ים און פון הימל,
און ווידער אַ מעוועס־געפלאַטער בײַם ברעג;
די זאַמדן וואָס בריִען, די פרויען וואָס בליִען,
דער רייץ פון אַמאָליקע זוניקע טעג.

עס רופן דיך, לאָקן דיך שוימיקע כוואַליעס,
די פרויען־געלעכטערס אין רויש פונעם ים;
עס ריידן די לײַבער פון טיפע באַגערן,
די אויגן, די ליפּן — פון תאווהשן פלאַם.

פאַרגעסט אין די רגעס אָן לאַסט פון די יאָרן,
ביסט אויבעט אַ גאַסט אויף דעם יום־טוב פון פרייד.
דער הימל, דער ים, די צעזונגענע כוואַליעס —
פאַר אַלעמען גלײַך איז דער יום־טוב געגרייט — — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1967

## אין פרעמדן ווינטער

כ׳האָב אין ווינטער אין פרעמדן פֿאַרבענקט זיך
נאָך אַ וועג אונטער זילבערנעם שניי;
נאָך אַ שליטן מיט פערדעלעך פלינקע,
מיט צעפלאַמיקטע פערדעלעך צוויי.

ס׳זאָלן שפּילן בײַ סוסים די גלעקלעך
אין נאַכטיק געלאַף, אין גאַלאָפּ;
ס׳זאָל מײַן מיידל זיך טוליען און לאַכן:
— „כאַ־כאַ־כאַ! ווי עס דרייט זיך מײַן קאָפּ״...

זאָל אויך לאַכן לבנה פון אויבן
צו אונדזביידן אויף זילבערנעם וועג.
— העי, העי, פורמאַן! טרײַב גיכער, טרײַב שנעלער
אין דער ווײַסקייט, וואָס האָט נישט קיין ברעג.

און אונדז זאָלן באַגלייטן אין קיטלען
ווײַסעביימער אין וועג בײַ דער זײַט.
שניי און פרייד, שניי און יונגער געלעכטער,
שניי און פרייד און אַ סופלאָזע ווײַט — — —

כ׳האָב אין ווינטער אין פרעמדן פֿאַרבענקט זיך
נאָך אַ וועג אין לבנה און שניי —
ווען די גרויקייט דאָ פרעסט די נשמה,
ווי סקעלעטן די ביימער אין ריי.

בוענאָס־אײַרעס, 1969

## אייביקע שטילקייט

עס קוקן אַראָפּ מאַיעסטעטיש פון הויכקייט
די זקנים מיט גרײַז־גרויע קעפּ:
די שניי־בערג — די מחנה פון פעלדזיקע ריזן —
אויף פאָן פונעם הימל־געוועב.

בן־אָדם, קום לערן זיך פרידן און שווײַגן —
די אייביקע געטלעכע שפּראַך.
די טויזנטער־יאָריקע זקנים — זיי ווייסן,
זיי קענען דערציילן אַ סך.

צופוסנס פון אַט־אָ די גרײַז־גרויע זקנים
געברויזט האָבן דורות אַ ריי.
די מענטשלעכע מילבן געקומען, פאַרגאַנגען,
קיין צייכן געבליבן פון זיי.

זיי ווייסן, די זקנים, פון לעבנס, פון קאַמפן:
די מילבן — אין אייביקער שלאַכט.
נאָר ס׳שווײַגן די ריזן, ווי עדות ווי שטומע,
אין אייביקייט תמיד פאַרטראַכט.

עס קוקן אַראָפּ מאַיעסטעטיש די זקנים,
פאַרריסן די שניי־ווײַסע קעפּ.
אין אָזיערעס בלויע זיי שפּיגלען זיך אונטן,
באַצירטע אין הימל־געוועב.

באַרילאָטשע, 1969

## עס וויגט זיך אַ שיף...

עס וויגט זיך אַ שיף אויפן ים —
עולם קטן... אין גאַנצן אַליין.
נאָר הימל און וואַסער אַרום.
און עס פּורפּורט אַ זון בײַם פאַרגיין.

וווהין ציט די שיף? ווו איר ציל?
און צי זוכט זי אַן אַנדערע ערד?
אַן ערד גאָר אָן טרויער, אָן צער?
גאָר אָן טרערן, אָן בלוט און אָן שווערד?

ווער זײַנען די מענטשן אין שיף?
ווער איז פירער? ווער איז קאַפּיטאַן?

עס וויגט זיך אַ שיף און זי זוכט —
ס'איז מסתם אַזאַ ערד ווו פֿאַראַן.

דערווײַל זינקט די זון אינעם ים
און דער פּורפּור אין ווײַטקייט צערינט;
און די שיף ווערט פֿאַרזונקען אין נאַכט,
אין געפּאַנגשאַפֿט פֿון חושך און ווינט — — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1970

## אין די וואַנדער־יאָרן

איך האָב אין מײַנע וואַנדער־יאָרן
אַיעדן שפּור פֿון דיר פֿאַרלאָרן.

פֿאַרבליבן ביסט פֿאַר מיר אין בליִען,
ווען ס'פֿלעגט דײַן כּישוף לאָקן, ציִען.

פֿלעגסט וועקן האַרץ, צעברויזן זינען,
גלײַך ווי אַ רויז בײַ מחנה בינען.

אַרומגערינגלט פֿון ריוואַלן,
ווי אַ בת־מלכּה פֿלעגסטו שטראַלן.

נאָר שטורעם האָט צעשיידט, צעריסן,
ס'האָט מבול בלוט גענומען פֿליסן.

דערטרונקען לעבנס אין מיליאָנען — — — —
פֿלעג איך דיך אָפּט, גאָר אָפּט דערמאָנען:

צי האָסט דעם גיהנום אויסגעמיטן?
געגלייבט, ווי אַלע אויך פֿאַרשניטן — — —

איצט נאָך אַזוי פֿיל טריבע יאָרן
ביסט לעבעדיק פֿאַר מיר געוואָרן.

איך זע דיך ווידער — אַלט, געבויגן.
איך גלייב אַליין נישט מײַנע אויגן.

ווּ איז דײַן פּלאַם? אַלץ אויסגעלאָשן.
שוין נישט דײַן שטים, שוין נישט דײַן לשון.

אַ נעץ פון קנייטשן אויף דײַן שטערן,
ווי נאָך אַ יאָך אַ לאַנגן, שווערן.

און וואָס דײַן קאָפּ פון פּלאָג און דאגות,
ווי וואָס דער שניי פון יענע טײַגעס.

אין טײַגעס, ווּ דו האָסט פאַרלאָרן
דײַן ווײַבלעכקייט און דײַנע יאָרן.

ס'איז יענע רויז שוין לאַנג צעטראָטן
פון בייזן שטורעם, בייזן שטן — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1970

## ערגעץ ווּ...

ערגעץ ווּ איז דער ווינטער אַ ווײַסער,
אונטער שנייען דער וועג און דער שטעג.
ווײַסע פליטערלעך הימל טוט שיטן
און באַצירט אַזוי גרויקייט פון טעג.

ערגעץ ווּ שטייען וועלדער אין קיטלען,
אין שמונה־עשרה פאַרגליווערט און פרום —
ווי פאַרטיפטע אין תפילה בלחש,
אין דער שטילקייט פון ווײַסן אַרום.

אויף די טעלעגראַף־דראָטן די קראָען
זײַנען פונקט ווי אין נאָטן צעשטעלט, —
קראַקען־אויס זיי דעם זמר פון ווינטער,
אָט דעם זמר פון שנײַ־ווײַסער וועלט.

ווערט אַ מאָל אויך די שטילקייט צעריסן
דורך אַ שליטל מיט גלעקלעך־געקלאַנג;

און אין שליטל אַ פּאָרל פאַרליבטע
מיט געלעכטערס, מיט גלוסטיק געזאַנג.

ערגעץ ווו... אָבער דאָ ליגן פּאַמפּאַס
נאַקעט־גרוי און פון ווינטער פאַרשמאַכט.
סטאַרטשען דערנער בײַם ראַנד פון די וועגן,
אונטער קאַלטער לבנה בײַ נאַכט.

אַרגענטינישער ווינטער איז — אומעט,
אַרגענטינישער ווינטער איז גרוי.
קומען נעפּלען און פײַכטקייט און רעגן,
און זעלטן דער הימל איז בלוי.

און אַ גרויקייט קריכט אויך אין נשמה,
קריכט פון פּאַמפּאַ אין האַרצן אַרײַן.
און עס בענקט זיך נאָך ווײַסקייט פון שנייען
אונטער צאַרטקייט פון זוניקן שײַן — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1970

## מיינע אוצרות

כ׳בין רײַך, כ׳בין אַן עושר — איך זאַמל און זאַמל:
דאָס גאָלד פון דער זון און דאָס זילבער פון ים;
די בלויע סאַפּירן פון הימל אין פרילינג;
די בליצן־בריליאַנטן פון העלישן פלאַם.

איך זאַמל די איידלסטע פאַרבן פון שקיעות;
די שאַרפע געווירצן פון בלומיקן בייט;
די זאַפטן פון בעכערלעך צאַרטע פון רויזן;
די דינסטע פאַרפומען, פון פרילינג געגרייט.

די פערל, וואָס כ׳קלײַב פון צעטרילערטע פייגל;
דעם ווײַסן אַלבאַסטער פון מיידלשן לײַב.
כ׳בין רײַך, כ׳בין אַן עושר פון טײַערע אוצרות.
אַ לעבן די שיינקייטן אַלע איך קלײַב.

איך האָב זיי, די טײַערע אוצרות, פֿאַרשלאָסן
בעת הייליקע רגעס אין פֿערזן פֿון ליד...
נאָר ווײ! ווער וועט זײַן פֿון די אוצרות דער יורש?
אַז קנאַפּער ווערט אַלץ דאָך דער לייענער־ייִד — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1971

## אַ קאַרשן־בוים

כ׳האָב הײַנט געזען אַ קאַרשן־בוים אין ווײַסן בליִען, —
אין אַ צעגרינטער ווילע בלויז איין קאַרשנבוים.
און ס׳האָט דער אַראָמאַט אין עבר מיך פֿאַרטראָגן,
צום גערטל היימישן, וואָס לעבט נאָך אין מײַן טרוים.

צו יענעם גערטל פֿון מײַן אַלטער גוטער באָבען,
וואָס רוט שוין לאַנג אונטער אַ שטיין אויף „גוטן אָרט״.
אַוודאי איצטער פּאַשען דאָרטן זיך שוין ציגן
און ס׳קלינגט נישט אלול־צײַט שוין קיין „אל מלא״ דאָרט.

ווײַל אַלע ייִדן דאָך אַוועק צו דער עקידה
און שטעטל איז געבליבן אָן אַ סימן ייִד.
איז ווייס איך נישט וואָס איז מיט יענעם בוים געוואָרן,
וואָס האָט אַמאָל פֿאַר מיר אין ווײַסן זיך צעבליט...

כ׳האָב הײַנט געזען איין קאַרשן־בוים אין סאַמע בליִען —
אין ווײַסן בלי, וואָס האָט אַזוי פֿיל מיר דערמאָנט.
אַ גאַנצע וועלט פֿאַר מיר איז פֿלוצלינג אויפֿגעשטאַנען,
געשטאַלטן, וואָס געווען מיר אַזוי ליב און נאָנט — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1967

## וויקל זיך איין

נעם וויקל זיך אײַן אין דײַן חלום,
אין חלום פֿון בלויען געשפּין;

און שוועב אויף אַ וואָלקנדל ווײַסן
אין הויכקייט מיט האַרץ און מיט זין.

אַנטלויף פון דער ערד מיט איר גרויקייט,
איר זשאַווער, וואָס פרעסט דײַן געמיט;
ווו אויסגעלאַכט ווערן חלומות,
צעטראָטן ווי רויז, וואָס צעבליט.

ווו ס'ווערן פאַרשעמט די גערעכטע,
די הייליקייט יעדע פאַרשוועכט;
פון גריבער יללה פון קדושים
עס טראָגט זיך אין פינצטערע נעכט.

אַנטלויף פון דער ערד, ווו רציחה
געוועלטיקט אָן משפט, אָן דין...
נעם וויקל זיך אײַן אין דײַן חלום,
אין חלום פון בלויען געשפּין — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1970

## סע לאַ ווי...

סײַ ווי סײַ ווערסט אַלץ לאָזן אין מיטן,
נישט פאַרענדיקן אַלץ אויף דער ערד.
סע לאַ ווי — אַז אַזוי איז דאָס לעבן,
ס'איז פון אייביק אַזוי שוין באַשערט.

אַז דו ביסט נאָר אַ גאַסט אויף אַ ווײַלע,
נאָר אַ גלאַנץ טאָן האָסטו דאָ געקענט;
נאָר אַ שלונג טאָן פון זון און פון בלויקייט,
פלוצלינג ווערן אין שיינקייט פאַרברענט.

ס'וועט דײַן וועג צו קיין ציל קיין מאָל ברענגען,
כאָטש ווי אײַליק נישט זײַן זאָל דײַן טריט.
און ס'וועט איבערגעריסן גאָר ווערן
אָט אַזוי אויך אין מיטן דײַן ליד — —

איז נישט יאָג זיך אַזוי, דו בן־אָדם,
און נישט פלאַטער ביז ווערן פאַרצערט.
סע לאָ ווי — אָט אַזאַ איז דײַן גורל,
ס׳איז פון אייביק אַזוי שוין באַשערט — — — —

בוענאָס־איירעס, 1970

## מיט יעדן טאָג...

מיט יעדן טאָג ווערט מערער מיט אַ בלימל
אויף מײַן באַלקאָן אין איטלעכן וואַזאָן.
עס וועקט זיי אויף דער פרילינג ווי פון דרימל
אין גרויער שטאָט פון אײַזן און בעטאָן.

ווערט פריידיקער און ס׳גאַרט נשמה זינגען,
דרינגט הימל־בלויקייט אויך אין מײַן געמיט.
און אויף מײַן שויב אַ שמעטערלינג טוט שפּרינגען
און רופט צו מיר, און וועקט מײַן פרייד, מײַן ליד.

און ס׳טראָגט אַוועק מיך פון דער שטאָט דער קאַלטער
אין ווײַטקייטן אַריבער תהום און ים;
און ס׳ברענגט מיך צו אַ טאָל, צו היים צו אַלטער,
ווו אויפגעגאַנגען איז מײַן ערשטער פלאַם.

און זון פאַרבלענדט מיך, מאַכט אַ ווײַל פאַרגעסן,
אַז היים איז חרוב דאָך אין אַש און שטויב...
און ווען פאַרבלענדט — דוכט: אַלץ איז ווי געוועזן,
און ס׳זינגט אַרויס פון מיר צו וועלט אַ לויב — — —

קאָר־דעל־פלאַטאַ, 1970

## ס׳וואָלט גוט געווען

ס׳וואָלט גוט געווען צו זײַן איצט אַ חוני המעגל
און צו פאַרזינקען אין אַ לאַנגן, טיפן שלאָף;

פאַרשלאָפן אונדזער קראַנקן דור דעגענערירטן —
ביז נעמען וועט צו אַלע שוידערן אַ סוף.

פאַרשלאָפן גלוסט זיך איצט דעם סדום און דעם עמורה —
ביז אויסגעוואָרצלט ווערן וועט דאָס שלעכטס;
ביז ס'קומט דער סוף צו דער ממשלה פון טײַוואָלים:
פון רויטן טײַוול לינקס, פון שוואַרצן — רעכטס.

אַז מוחל כ'בין די גאַנצע חכמה, טעכנאָלאָגיע,
די קאָסמאָס־פּלי׳ערײַ אין הייך און ווײַט:
אַז מענטש געוואָרן חיה, וועלט — אַ וויסטער הפקר,
די ערד אין טומאה זינקט. פאַר־מבול־צײַט.

און כ'וואָלט געוואָלט זיך אויפכאַפּן פון שלאָף פון לאַנגן
שוין נאָכן מבול, נאָכן אַלדאָס בייז, —
ווען אויפגיין וועט די זון אַריבער ערד באַנײַטער
און מענטש וועט אָנהייבן פון אַלף־בית — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1971

## אַ יעדן זומער־טאָג...

איך בענטש אַיעדן זומער־טאָג פון מײַן באַשערטקייט —
געשענקטע ליבע גאָבן מײַנע אויף דער ערד.
איך טרינק, איך שלינג די זון, איך ווער אַזש בגילופין.
אַ יעדער וועג מײַנער אַ גרינער טעפּיך ווערט.

ס'באַגלייטן פייגל־כאָרן אין מײַן זומער־וואַנדער,
אַז פריילעכער זאָל זײַן דער וועג וווהין ער גייט.
וווהין ער גייט... ווער וויס דען ווו דער „טערמינאַל" איז...
איז כאַפּ, בר־נש, דערווײַל אַרײַן וואָס מערער פרייד.

איז בענטש איך יעדן זומער־טאָג פון מײַן באַשערטקייט.
דוכט: יוגנט מײַנע אָט דערשײַנט דורך בלוי און גרין.
דער רויש פון וואַלד וועקט־אויף פאַרלאָשענע חלומות.
לאָקט בלויע ווײַטעניש — נישט פרעג, נישט פרעג: וווהין? — —

בוענאָס־אײַרעס, 1971

## שטערן מיינער!

אָ, שטערן מײַנער! נישט פֿאַרלאָז מיך, לײַכט מיר אין דײַן גאַנג.
מאַך לאַנגזאַמער דײַן ווײַטן קרײַז, דײַן הימלשפּאַן.
מיך שרעקט, כ'וועל נישט באַווײַזן אויפֿזאַמלען ביז אונטערגאַנג
די אַלע פֿרוכטן פֿון מײַן פֿעלד — נאָך פֿיל פֿאַראַן.

געזייט מיט מי, געזייט מיט טרערן — קומט מיר אויך דאָך פֿרייד,
נישט רײַס אין מיטן איבער מײַן צעברויזט געזאַנג.
כ'וויל אַלע פֿרוכטן אויפֿזאַמלען נאָך איידער זון פֿאַרגייט —
חלומות אויסגעחלומטע אַ לעבן לאַנג.

כ'וויל אַלע לידער אויסזינגען נאָך איידער ס'קומט די נאַכט.
מיך שרעקט די פֿינצטערניש, מיך שרעקט דער קאַלטער שלאָף.
אָ, שטערן מײַנער! האָסט דאָך בשורות ליכטיקע געבראַכט —
טאָ נישט פֿאַרלאָז מיך, היט מיך פֿונעם טרויער־סוף — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1967

## אין מיטן נאַכט

אין מיטן נאַכט, אין מיטן חושך
אָפֿן מײַנע אויגן.
ערשט זע איך קלאָרער, זע איך בעסער
אַלץ וואָס איז פֿאַרפֿלויגן.

איך זע אַ וועלט, וואָס איז שוין חרוב;
וואָס אַוועק אין פֿלאַמען.
איך זע געשטאַלטן, וואָס נישטאָ מער;
כ'זע מײַן שוועסטער, מאַמען.

איך זע מײַן היים, די דלד אַמות
פֿול מיט ליבשאַפֿט, פֿריידן:
אַ קינד איך צערטל — מײַן בן־יחיד.
גוט איז אונדז דאָן ביידן.

דורך פענצטער בלויט אַ רחבות־הימל,
זון בלענדט דורך די שויבן.
אין הויף צעזינגען זיך די פייגל,
ס'פליִען ווײַסע טויבן — — —

אין ווינקל זינגט ווער דורכן ראַדיאָ
אַריעס און דועטן:
עס הערשן נאָך אין וועלט פון שלום
זינגערס און פּאָעטן...

— — — — — — — — — — —

אין מיטן נאַכט, אין מיטן חושך
היים קומט ווי אַ חלום.
און אין דער פרי אויף יעדן קדוש
כ'זאָג עליו השלום — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1969

## צו זײַן מאַיעסטעט דעם טויט

ביז דו וועסט זיך ווײַזן וועל איך נאָך אַלץ זינגען,
איך קען מיט מײַן מוזע זיך קיין מאָל נישט שיידן.
זי וועט, אַ געטרײַע, מיך תמיד באַגלייטן
אין וועגן פון טרויער, אין וועגן פון פריידן.

פון פורפור פון רויטן, פון פלאַמיקער שקיעה
איך וועל מײַנע פערזן ווי זײַד־פעדים שפּינען.
וועל טרינקען ביז שיכרות דעם ראַזיקן אויפגאַנג
ווען טאָג ווערט געבוירן, אין יונגן באַגינען.

מעג טאָג זײַן ווי קורץ און זײַן בלענדן פאַרגענגלעך,
אַ שמעטערלינג־פלאַטער דאָס גאַנצענע לעבן, —
פון אייביקייט זינג איך, וואָס האָט נישט קיין גרענעץ,
מיט שירה אין הימלישע ספערן כ'טו שוועבן.

ביז דו וועסט זיך ווײַזן וועט זײַן בײַ מיר יום־טוב,
אַ פרייד מיט לבנה, אַ חדווה מיט שטערן.
כ׳וועל זינגען מײַן שירה צו וועלט און צו לעבן
ביז כ׳וועל מיט די שטערן פאַרלאָשן אויך ווערן — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1969

## וועסט אַמאָל דערמאָנען

וועסט זיכער מיך אַמאָל דערמאָנען,
די רגעס בײַם געברויז פון ים, —
ווען כ׳וועל נישט זײַן שוין. נאָר אַ זכר
וועט זײַן מײַן ליד, מײַן גראַם און שטראַם...

דער זעלבער ים, די זעלבע כוואַליעס —
זיי וועלן רוישן ווי אַצינד;
אין שפּיל אין אייביקן זיך יאָגן,
געטריבן פון אַ הפקר־ווינט.

די זעלבע זון וועט שיטן זילבער,
ווען ים וועט שפּיגלען זיך אין פריד.
וועסט מיך דערמאָנען דאַן מסתמא —
דעם בעל־חלומות מיט זײַן ליד — —

און אפשר וועל איך אויך דערשפּירן
דײַן בענקעניש אין מײַן ניט־זײַן.
עס ווילט זיך גלויבן, אַז אַן עפּעס
וועט בלײַבן ווי אַ ווײַטער שײַן — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1970

## איבער די וואַסערן...

איבער די וואַסערן שווימען פיל שיפן,
שווימען זיי הין און הער.

איך האָב מײַן שיף אין אַ האַפן פאַרלוירן
און איך געפין זי נישט מער.

בלאָנקע איך אום אויף אַ ברעג אויף אַ פרעמדן,
כ׳וואַרט אויף מײַן שיף אַלץ און וואַרט.
ס׳קרייצן אין ווײַטעניש שיפן און רויכן,
צאַפּלט נשמה און גאַרט.

כ׳האָב ערגעץ ווו, ערגעץ ווען דאָך געהאַט אויך
היימישע ליבע פיר ווענט.
האָט מיך אַ שטורעם פאַריאָגט און פאַרטראָגן,
חרוב די היים און פאַרברענט.

איבער די וואַסערן שווימען פיל שיפן,
ציִען מיך, לאָקן פון ווײַט.
כ׳וואָלט ווי אַ מעווע פון פרעמדקייט געפלויגן
צוריק, צו אַמאָליקער צײַט — — —

מאר־דעל פלאטא, 1968

## ביסט אומעטום אַ גר

ווּהין דו זאָלסט נישט קומען — ביסט אומעטום אַ גר,
ביסט אומעטום און תמיד דער ייִד דער אַהאַספער.

די ווײַטע שטעט און לענדער, די ראַסן אַלערליי,
די מענטשן אויף די גאַסן — אַ פרעמדער ביסט פאַר זיי.

פון קיינעם נישט פאַרשטאַנען, פון קיינעם נישט געזען,
פאַרבלאָנדזשעטע נשמה, וואָס קיינער וויס און קען.

עס לײַכטן העלע פענצטער — דאָך פרעמד דער גלאַנץ, די פרייד;
און פרעמד די יום־טוב־טישן, די שמחות וואָס געגרייט.

זעסט פרויען־קעפּ דורך שויבן, זעסט שמייכלען, הערסט געזאַנג, —
דערמאָנען זיי דײַן נעסט דיר, וואָס חרוב שוין פון לאַנג.

קאַלט דײַן געצעלט אין וואָגל. נאָר ווינט צו גאַסט עס קומט.
באַוויינט ער דײַנע יאָרן. ער יאָמערט און ער ברומט.

אין לעכצעניש גייט אויסעט דײַן חלום פון אַ היים.
בלויז זיכער די פיר איילן, באַשערטע ווו אין ליים — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1969

## ווייט, ווייט ביים ניעמאַן

העט ווײַט, העט ווײַט בײַם ניעמאַן איז פאַראַנען אַ בית־עולם;
נישטאָ שוין דאָרט קיין ייִדן מער — די קברים לאַנג פאַרוויסט;
קומט קיינער נישט אויף קבר־אָבות; פּאַשען דאָרט זיך ציגן;
עס רוישן, קלאָגן נאָר די סאָסנעס דאָרט, נאָר הימל טרערן גיסט.

העט ווײַט, העט ווײַט בײַם ניעמאַן — דאָרטן איז מײַן טאַטנס קבר.
דאָס „גליק" צו שטאַרבן אין אַ בעט געווען איז אים באַשערט.
פאַרזונקען דער מצבה־שטיין שוין לאַנג בײַ זײַן צוקאָפּנס;
ער האָט שוין לאַנג קיין קדיש, קיין „אל מלא" נישט געהערט.

דאָס איז דער קבר איינציקער, וואָס איז מיר נאָר געבליבן —
אַז אַלע מײַנע נאָענטע דאָך אין פײַערן אַוועק;
די אַשן זייערע צעיאָגט פון בייזע ווינטן, שטורעמס,
און ס'איז נישטאָ שוין לאַנג פאַר מיר צו זיי קיין שטעג, קיין וועג.

אין יאָרצײַט־טעג איך שיק צו זיי מײַן יזכור אין מרחקים,
איך זאָג מײַן קדיש אין דער שטיל און שיק אים דורכן ווינט.
דער שליח־ווינט וועט אפשר דאָרט אין פעלדער אויסגעפינען
די אַלע אַשן, שטויבן פון מײַן גאַנצן הויזגעזינד — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1969

## אַ חלום

עס זײַנען הײַנט בײַנאַכט געקומען
צו מיר צװײ געסט צוזאַמען:
אין שװאַרץ געהילט, װי דעמער־שאָטנס —
מײַן שװעסטער מיט מײַן מאַמען.

פֿון יענער־װעלט, פֿון אַשן, שטױבן,
צעשפּרײט אױף פּױלנס פֿעלדער.
געבליבן זײער „שמע" דער לעצטער
אין רױש פֿון יענע װעלדער.

זײ האָבן זיך צו מיר גענענטערט —
מײַן שװעסטער מיט מײַן מאַמען.
איך שױדער אױף: דאָך בײדע זײַנען
שױן לאַנג אַװעק אין פֿלאַמען.

„אַ, זון מײַנער!"... — פֿאַלט־צו מײַן מאַמע
צו מיר אין שלײער שװאַרצן.
און בײַ איר קוש דערװאַך איך פּלוצלינג
מיט קלאַפּעניש אין האַרצן.

איך קוק מיט גרױל אין נאַכט און חושך,
כ'זע די מײַדאַנעק־פֿלאַמען...
אַהין דאָך זײַנען זײ געגאַנגען
מײַן שװעסטער מיט מײַן מאַמען — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1969

## דורכן װאַגאָן־פֿענצטער

(פֿון ציקל: „אַרגענטינער פּײזאַזשן")

עס טױשן זיך סטאַדעס אין סטעפּעס אין ברײטע
אַזױ װי אױף פֿאָן פֿון אַ גרינעם עקראַן.

אַט קיִעלעך ברוינע, צעזייטע, צעשפּרייטע;
אַט שוואַרצע — זיי צופּן דעם סטעפּישן מן.

אַט ווײַזט זיך אַ מחנה פון אָקסן שוואַרץ־ווײַסע,
זיי קריכן און פּרעסן מיט גרויס אַפּעטיט.
די אָקסישע קעפּ — ס׳איז זיי פרעמד יענע מעשה
פון חלף, וואָס טוט איבער העלדזער אַ שניט...

אַט בלאַנקעט פון שעפעלעך ווײַסע אַ סטאַדע;
ווער ס׳מעקעט צום הימל, ווער ס׳קײַט שטיל דאָס גראָז.
אַט פערדלעך צעשפּילטע, שוין זאַטע אַוודאי,
און דאָרטן מאַכט פּיס אַ דערשראָקענער האָז.

אויף איינעם אַ פעלד צווישן ווילדגראָז און בלעטער
אַ בושעל שפּאַצירט, פול מיט גאווה, אַליין;
פאַרריסן דעם קאָפּ הויך, נאָר רחבותן זעט ער;
באַוויליקט אַ שלונג טאָן אַ ווערעמל קליין.

אין צוג, 1971

## דיין וועלט ווערט פוסטער

דײַן וועלט ווערט פּוסטער, שיטערער עס ווערט.
ווי אָפּט די שוואַרצע רעמלעך שרעקן פון דער צײַטונג־זײַט.
לוויות טומלדיק צי שטיל — אַלץ איינס שלינגט־אײַן די ערד.
און ס׳קומען אָט די „גרוסן" סײַ פון נאָענט, סײַ פון ווײַט.

דײַן וועלט ווערט שיטערער, גלײַך ווי אַן אויסגעהאַקטער וואַלד.
אַזוי זשע פאַלן דעמב נאָך דעמב, סײַ אַלט, סײַ יונג און צאַרט.
נישט איינעם די אומשטאַרביקייט בײַם לעבן האָט געשטראַלט,
צו לעבן אין די דורות ווײַטע יעדער האָט דערוואַרט.

נאָר אַחרי מות... פאַרגעסנקייט אַכזריותדיק זיך שפּינט.
אויף פּאָליצעס די ספרים מיט אַ שימל צוגעדעקט.
אַוועק די טרוימערס. יעדער אין זײַן גרוב זײַן רו געפינט.
מיט איטלעכן זײַן מאָס אומשטאַרביקייט אין פאַלק זיך עקט.

דו ציילסט די קברים פון חברים... זיכער, אַז דו ווייסט:
מיט דײַן אָװעקגיין קײנער וועט דײַן חשבון פירן מער.
קלערסט: אפשר שפעטער מיט אַ דור? דו זוכסט פאַר זיך אַ טרייסט.
ס׳איז די דעלוזיע פראַסטיק־קאַלט, איז שווידערלעך און שווער.

איז גלייב זשע בלית־ברירה: ס׳וועט נאָך קומען ווען אַ דור,
וואָס וועט צום קבר־בערגל דײַנעם ברענגען דיר דײַן קרוין.
כאָטש ס׳קבר וועט מיט גראָז פאַרוואַקסן זײַן פון יאָר נאָך יאָר,
איז גוט כאָטש אין דעם ווײַטן שפּעטער פונעם פאָלק דער לוין — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1971

## וועגן מיינע

וועגן, וועגן, מײַנע וועגן,
כ׳ווייס וווהין איר צילט:
ערגעץ איז אַ ברעג פאַראַנען,
אין אַ סוד פאַרהילט.

ס׳איז אַ ברעג — עס גייען אַלע
סוף־כל־סוף אַהין.
מעג עס זײַן באַצירט מיט סאָסנעס,
דופּטיק, פריש און גרין.

ס׳איז אַן אָרט פון בערגלעך, בערגלעך,
שכנותדיק אין ריי. —
קומט אַמאָל ווער מיט אַ בלימל,
לאָזט אַ טרער אויף זיי.

קלינגט אַ מאָל דאָס קול פון חזן,
וואָס „אל מלא” מאַכט.
סײַ ווי בלײַבט אַליין דאָס בערגל
אין דער לאַנגער נאַכט — — —

ביז אַ צײַט... ביז אויך דער „עמעץ”
ווערט אַ שכן דאָ.

אַזוי טוישן זיך די גייערס
אין אַ טריבער שעה...

וועגן, וועגן, מײַנע וועגן,
כ'וויס וווּהין איר צילט.
יעדער, ווער עס וויל אײַך מײַדן,
סוף־כּל־סוף פֿאַרשפּילט — — —

בוענאָס אײַרעס, 1971

## שוואַרצע רעמלעך

ווי אָפּט, צו אָפּט די שוואַרצע רעמלעך
דיך „גריסן" אין דער פֿרי.
דײַן קרײַז ווערט ענגער, אײַנגעשרומפּן,
אַ טריבער אונטערצי.

דו נעמסט די צײַטונג און דו ציטערסט:
ווער נאָך פֿאַרלאָזט די וועלט?
אַ חבר... אַ בן־דור... אַ נאָנטער...
עס ווייט מיט קבר־קעלט.

לוויה־טריט... גייסט־מיט אין טרויער,
מיט ציטער אין די קני.
ס'מאַכט אַ בעל־מספּיד דעם סך־הכּל,
דעם לעצטן אונטערצי.

ווערט גרעסער אַלץ די סביבה דײַנע
אויף אָט דעם „גוטן אָרט".
ווערט שיטערער די מחנה היטערס
פֿון בידנעם יידיש וואָרט.

ווער ירשענען וועט די חלומות
פֿון דור, וואָס גייט אַוועק?
צי שטאַרבן זיי גלײַך מיטן טרוימער
אין לעצטן, לעצטן וועג?

ווערט יתומדיקער די אַליינקייט
אין לעבנס־מדבר דײַן.
פּאַר לעצטע פון אַ דור ווי טריב איז,
ווי טרויעריק צו זײַן — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1968

## רויטע ליכט

(אַ קאָשמאַר)

סטאָפּ! רויטע ליכט. בלײַב שטיין.
דו קענסט נישט ווײַטער גיין.
באַלד ענדיקט זיך דער וועג.
דאָ איז שוין נאָנט דער ברעג.

פאָרויס אַ טונקלקייט.
אַ קראָ פּליט־אָן פון ווײַט.
זי קראַקעט און זי דראָט.
ווער שיקט זי: שד צי גאָט?...

ווער האָט מיך דאָ געבראַכט
צו פינצטערניש און נאַכט?
איך שטעל אַ טריט צוריק —
אַ תהום דערזעט דער בליק.

ווער האָט מיך דאָ פאַרנאַרט?
געמיינט: דאָס גליק דערוואַרט.
אַ שפּאַס, אַ טרוימערײַ.
אַ בלענד — און שנעל פאַרבײַ.

צום הימל כ׳הויב דעם קאָפּ —
אַ כמאַרע קוקט אַראָפּ.
קיין שטערנדל, קיין שײַן.
דוכט, כ׳פאַל אין תהום אַרײַן.

סטאָפּ! רויטע ליכט. בלײַב שטיין.
איך רוף — איך בין אַליין.
איך פֿאַל — איך זינק אין שלאָף.
זעט אויס, פּיגי. דער סוף — — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1967

# פינאַל

פינאַל — ס׳איז אַ קאַסטן: דײַן פּעקל מיט ביינער.
דעם גורל עס מײַדט נישט אויס קיינער, אָ, קיינער.

מנוחה אַזאַ אין אַן אייביקן דרימל.
פון אויבן אַ שטומער, אַ שווײַגיקער הימל.

פון אויבן אַ בערגל פאַרוואַקסן מיט גראָז.
אַן עלנטער שטיין אין זײַן אַלטקייט פאַרלאָזן.

ס׳וועט קיינער נישט קומען. קיין קדיש, קיין „מלא“.
און דאָס איז, בן־אָדם, דײַן אייביקע דאָליע.

דו טרייסט זיך מיט ברעקלעך ביז לעצטן סך־הכל.
אַ בידנער „לחיים“, אַ פרומער „שהכל“...

עס וועט דאָך סײַ ווי קיין מאָל אַנדערש נישט ווערן:
וואָס העלפן דען בכיות? וואָס העלפן דען טרערן?

און דאָס „חי — געלעבט“ הייסט, און דאָס איז דאָס לידל,
אַ זונג און אַ טאַנץ און — דער סוף פון יאַרידל — — — —

בוענאָס־אײַרעס, 1968

# כ׳בין אַליין

כ׳בין אַליין בײַ אַ ים־ברעג אַ ווילדן,
דאָרט ווו אייביק אַ כוואַליעס־געברום;

ווײַט פון שטאָט, ווײַט פון מענטש, ווײַט פון לעבן,
ווײַט פון וועלט, ווײַט פון כל היקום.

ווײַט פון וועלט, ווו עס שעכטן זיך פעלקער;
ווו פאַר הערשאַפט עס מבולט מיט בלוט.
כל דאלים — ווער שטאַרקער עס רצחנט,
אונטער פאָנען געוועלטיקט דער קנוט.

כ׳בין אַליין, כ׳וויל אָן אַלץ גאָר פאַרגעסן,
איך פאַרנעם נאָר דעם רויש פונעם ים, —
ווען אין וועלט רויט־געשלייערטער ליגן —
עס צעשפרייט זיך ווי טויטיקער סם.

כ׳בין אַליין, ווײַט פון סדום ועמורה, —
גאָט, באַשאַף שוין אַן אַנדערע ערד!
שאַף אַן ערד נאָר פון ליבשאַפט — אָן קינס,
נישט בחרבך, נישט אויף דער שווערד — — —

מאַ־דעל־פּלאַטאַ, 1970

## פון ווײַ און וואַנדער

אויף טאַבלאַדאַ־פעלד* ליגן חברים
פון ווײַ און פון וואַנדער.
אַלדי גלותן וויסטע, פורעניות
זיי טיילן פונאַנדער.

האָבן שיפן געבראַכט זיי פון ווײַטן
צו נײַע געצעלטן.
יעדער איינער מיט זײַנע אַבידות,
פאַרלוירענע וועלטן.

נישט דערוואַרעמט די הימען די נײַע —
אַ פרעמדקייט געבליבן.

---

* טאַבלאַדאַ — בית־עולם אין בוענאָס־אײַרעס.

אַלטע היים נאָך אין האַרץ, אין נשמה,
שווער נײַע צו ליבן.

פרעמד די פּוסטקייטן ברייטע און ווײַטע,
דער מענטש און דער דאָרן.
איז אַ יעדער מיט זײַנע תּרעומות
פאַרלאָשן געוואָרן.

די יסורים, דעם ווי פּונעם וואָגל
טאַבלאַדאַ פאַרשלונגען.
עס האָט יעדער זײַן שטיק און זײַן זכר,
אין רו שוין פאַרזונקען.

ס'איז בשכנות דער דענקמאָל נאָך קדושים —
פאַראַשטע אין פײַנען — —
און צו זיי אויך די ברידער פון וואָגל
מצרף מיר זײַנען — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1967

## ווינטער־רעמיניסצענצן

ווו איז יענער ווינטער
מיט קווייטן אויף שויבן ?
מיט רחבותן ווײַסע,
מיט האַרץ פול מיט גלויבן.

מיט שטיבלעך אין קיטלען,
מיט געסלעך פאַרשיטע,
מיט קינדער אויף גליטשן
מיט בעקלעך צעגליטע.

מײַן קינדערשער שליטל,
געמאַכט פון מײַן טאַטן.
און ווו די חברים,
די האַרציקע יאַטן ?

מיר פלעגן זיך שליטלען
פון באַרג־שלאָס צום נידער,
מיט קולות, געלעכטער,
מיט לוסטיקע לידער.

און ווו יענע ייִדן ?
די טאַטעס, די מאַמעס ?
און „סענדערס בית־מדרש" ?
און איטשע דער שמש ?

דער פּרוש — מײַן רבי,
זײַן ניגון, העוויה :
„אוי, אָמר רב פּפּא,
אוי, אָמר אַביי" — — —

ווו איז יענער ווינטער?
די זון אויף די שנייען?
אין לעכצעניש טעג דאָ
פאַרגייען, פאַרגייען — — —

## צוויי ליכטיקע זיילן

(לזכר ישראל ציגבערג
און שמעון דובנאָוו)

צוויי ליכטיקע זײַלן פאַרמאָגט האָט מײַן אומה,
וואָס האָבן אונדז יאָרן באַלויכטן דעם וועג;
פאַרשריבן לדורות די דברי הימים, —
און ביידע ווי קדושים צום אומקום אַוועק...

אַ טײַוול אַ „רויטער" מיט פאַן פון „דערלייזער"
פאַרלענדט מיט רציחה האָט איינעם פון זיי:
העט ערגעץ פאַרוואָרפן אין וויסטע מרחקים,
ווו ס'שמאַכטן קרבנות, ווו ימים פון שניי...

אַ טײַוול אַ „ברוינער" פאַרלענדט האָט דעם צווייטן,
מיט מחנה פון קדושים אין קאַמער פון גאַז.
מיט שטאָלץ ר'איז געגאַנגען פון געטאָ מיט ייִדן
צום אומקום, געטריבן דורך רוצחים מיט שפּאַס.

צוויי ליכטיקע זײַלן פאַרמאָגט האָט מײַן אומה...
אויף אייביק אין פאָלק איז געבליבן דער ווײ.
אַליין זיך אַ דענקמאָל געשטעלט האָבן ביידע,
מיט יראת הכבוד דערמאָנען מיר זיי — — —

בוענאָס־איירעס, 1970

## אַ ישׂראלדיק וויגליד

געשריבן אונטער דער מעלאָדיע פון ה. ד. נאָמבערגס
„ס׳לויפן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקנס״.

ס׳לויפן, ס׳יאָגן עראָפּלאַנען
ווי אַ שטורעמווינט. —
שלאָף זשע רויִק, אוצר מײַנער,
שלאָף, מײַן האַרציק קינד!

דאָרטן בײַם סועץ דײַן טאַטע
איז אַ גרויסער העלד.
קעגן שונא קעמפט ער מוטיק
סײַ אין היץ און קעלט.

דאָרטן ווײַזט דײַן טאַטע וווּנדער
אין זײַן עראָפּלאַן —
ווי עס ווײַזט זיך נאָר דעם שונאס
רוצחים־קאַראַוואַן.

ס׳קעמפט דײַן טאַטע דאָרט אין סיני
פאַר ישׂראלס ערד. —
שלאָף זשע, קינד מײַנס, אוצר שיינער,
ס׳איז אַזוי באַשערט.

ס׳שיקט דערווײַל צו אונדז דײַן טאַטע
גרוסן פון דער ווײַט. —
שלאָף זשע רויִק. לאָמיר וואַרטן
ביז דער שלום־צײַט — — — —

בוענאָס איירעס, 1970

## אונטער פאַרשוועכטע פאַנען

(צום 50סטן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע)

אונטער פאַרשוועכטע רויטע פאָנען
מיט האַמער, סערפּ באַצירט,

אַ לאַנד — צוויי הונדערט אַזש מיליאָנען! —
איז אָפּגענאַרט, פֿאַרפֿירט.

שוין פֿופֿציק יאָר פֿון יאָך פֿון שווערן
אין גרויסן לאַנד פֿאַרבײַ.
פֿון בלוט, פֿון בלוט איז רויטער שטערן,
אין בלוט די שקלאַפֿערײַ.

אַז די „דערלייזערס" גאָר טיראַנען, —
איז ווינד דעם פֿאָלק און וויי.
אַזוי אין יאָך מיליאָנען שפּאַנען
אין לאַנד פֿון אײַז און שניי.

סיבירער טײַגעס ווײַטע, קאַלטע
מיט קבֿרים אויסגעזייט.
דאָרט פֿוילן שקלאַפֿן יונגע, אַלטע —
און קנעכטשאַפֿט ווײַטער גייט.

בײַם „ווענטל" אומגעבראַכט מיליאָנען
אין קעלערס דורך אַ שאָס.
עס וועלן דורות חשבון מאָנען:
„פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס?" — — —

„דערלייזערס" אין דעם לאַנד זיך בײַטן —
די קנעכטשאַפֿט ווי געווען.
דער קרבן וואַרט אויף „נײַע צײַטן",
עס זאָל אַ נס געשען.

אויף נסים אויך מײַן פֿאָלק טוט וואַרטן —
דער ערגסטער קרבן דאָרט:
פֿאַריאָכט זײַן גוף אין גורל האַרטן,
פֿאַרחרמט אויך זײַן וואָרט — — —

## עס שעכטן זיך פעלקער

עס שעכטן זיך פעלקער מיט וואָפן מאָדערנע,
מיט נײַסטע מעטאָדן אַצינד.
די שווערד און די ביקס שוין געוואָרן פאַרעלטערט,
אַ שפּילעכל נאָר פאַר אַ קינד.

עס איז איצט עפּאָכע פון טויטן מאַסאָווע,
דער מאַסן־טויט גיט איצט דעם טאָן.
אַ בײַשפּיל געגעבן נישט לאַנג האָט מײַן אומה:
מיט טויטן געצאָלט זעקס מיליאָן.

עס שעכטן זיך מענטשן פון אַלע קאָלירן
נאָך הערשאַפט אין וויסטן געיעג.
ווער ס׳כשרט די שחיטה אין נאָמען פון מאַרקסן —
און ס׳גיסט אַזוי בלוט זיך אָן ברעג.

פאַרוואַנדלט חלומות אין בלינדער רציחה,
פון לאַנג רויטע פאָן איז פאַרשוועכט,
פון פרײַהייט געניסן נאָר הענקערס, נאָר שעכטערס,
געטראָטן מיט שטיוול די רעכט.

אויף טראָנען איצט זיצן גאָר פעסט קאַניבאַלן,
מען פוצט זיך אין שלייערן רויט.
און ס׳שפרייט זיך דער ליגן מיט מאַכט פון ראַקעטן
דורך פײַער, שגעון און טויט — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1968

## 12טער אויגוסט 1952

(צום יאָרצײַט נאָך די פאַרטיליקטע
סאָוועטיש־ייִדישע שרײַבערס)

אַזוי פיל יאָרצײַטן פון גורל תמיד אונדז באַשערט.
ווו נישט? ווען נישט? כל דור ודור. אויף יעדער גלות־ערד.

אַמאָל רוצח איז געווען דער ווילדער הײַדאַמאַק,
אַמאָל אַ „רויטער גואל״ אויפגעהויבן האָט די האַק.

אַמאָל אַ „פירער״ פון אַ פאַרגעשריטן „דיקטער־לאַנד״
געבראַכט האָט גרעסטן חורבן אונדז דורך שחיטה און דורך בראַנד;

דורך „קולטורעלע״ טויט־פאַבריקן און דורך גאַז־„ציקלאָן״:
עס האָט געקאָסט אונדז אין סך־הכל גאַנצע זעקס מיליאָן.

און ס׳האָט פאַרקוקט זיך אויף דעם „פירער״ אויך דער „רויטער״ קאַט,
וואָס האָט דורך פײַן און בלוט פאַרשריבן אויך אַ ייִדיש בלאַט.

דער „גואל״־קאַט, וואָס האָט אין רויט פאַר פעלקער זיך געצירט;
פאַרשקלאַפט מיליאָנען און זײַן אייגן ריזן־לאַנד פאַרפירט.

איז ייִדיש פאָלק אין יענעם לאַנד שוין לאַנג אין גענאָסיד;
אין חרם אונדזער אַלף־בית, אין חרם נאָמען ייִד.

האָט יענער „רויטער גואל״־קאַט אַ יאָרצײַט אונדז געשענקט:
דעם 12טן אויגוסט יעדער ייִד אין פרײַער וועלט געדענקט.

ר׳האָט אויסגעוויילט די ליכטיקסטע, די שענסטע ייִדן דאָרט —
די סאַמע פרינצן פון פאַרנאַס, די פרינצן פונעם וואָרט.

די זינגערס־זאָגערס ייִדישע — קרבנות פונעם קאַט.
געהערט דעם זאַלפּ האָט נאָר די נאַכט אין יענעם קאַזעמאַט — —

בוענאָס־איירעס, 1969

## מיר וועלן דערמאָנען...

מיר וועלן אײַך שטענדיק דערמאָנען,
איר מערדערס „אין רויטע כאַלאַטן״*...
די „פעלקער־באַפרײַער״, „משיחים״,
דעם געץ דעם געקרוינטן — דעם „טאַטן״...

---

* פּאַראַפראַזע פונעם ביַלבול קעגן ייִדישע דאָקטוירים — די „מערדערס אין ווײַסע כאַלאַטן״.

איר שעפער פון לאַגערן, תּפיסות,
וווּ ס'לעשן זיך לעבנס מיליאָנען.
איר האָט אַלץ פאַרשלייערט אין רויטן,
אין פלאַמיקן פורפור פון פאָנען.

מיר וועלן דעם ייִדישן חשבון
פאַר וועלט אייך דערלאַנגען און מאָנען.
דאָס בלוט, וואָס פאַרגאָסן „ביים וועגטל",
פאַרדעקן וועט איר קיין מאָל קאָנען: —

דאָס בלוט פון אַ מאַרקיש, אַ נסתּר,
פון האָפשטיינען, פון בערגעלסאָנען —
עס שרייט פון דער ערד און וועט אייביק
די רויטע תּליונים דערמאָנען.

ס'איז לאַנג, אוי, דער ייִדישער חשבון, —
אַ חשבון פון בלוט און פון טרערן.
איר וועט פון די אַלע רציחות
שוין קיין מאָל געלייטערט נישט ווערן — — — —

בוענאָס־איירעס, 1970

## די גראָדנער תּפיסה

כ'האָב יאָרן לאַנג געזעסן די תּפיסה,
איר דיקע ווייסע מויער־וואַנט;
נאָר ווי און וואָס געווען איז דרינען
געווען פאַר מיר איז אומבאַקאַנט.

כ'האָב יאָרן לאַנג געזעסן די תּפיסה
אין היימשטאָט, ביי דעם ניעמאַן־ברעג.
ביז אָנגעקומען אַ צעטרייסלונג
מיט פּחדים און קאָשמאַרנע טעג.

ס'האָט רויטע פאָן מיט סערפּ און האַמער
געפלאַטערט איבער ניעמאַן־שטאָט.

די עיר וואָס איז שטום געוואָרן,
פאַרשעמט געוואָרן מענטש און גאָט...

פון אינעווייניק יענע תפיסה
דערזען האָב איך צום ערשטן מאָל:
ס'האָט רויטע מאַכט מיר דאָן געוויזן
פאַר מענטש דעם שוואַרצן יאָמערטאָל — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1970

## צעלע נומער 16

(אַ דערמאָנונג)

אין תפיסה־צעלע נומער זעכצן,
אין היימיש־ליבער ניעמאַן־שטאָט,
געשמאַכט כ'האָב טאָג און נאַכט, אַ וואָכער,
אין קלעם פון „רויטן" האָטענטאָט.

איך האָב געפילט, אַז מאַמע, שוועסטער,
זיי זײַנען אויכעט תמיד וואָך.
איין הויז פון תפיסה־וואָנט, בשכנות,
זיי טיילן דאָרט מײַן פּײַן און שמאָך.

כ'בין אויפן האַרטן דיל געלעגן,
צוקאָפּנס — די פּאַראַשאַ * באָנט.
דורך קראַטן־פענצטערל אַ רוישן —
האַרמאַטן ציִען עס צום פראָנט.

דאָס אײַלן „רויטע" צו „באַפרײַען"
אויך ליטע, ווי מײַן ניעמאַן־שטאָט.
די וועלט פאַרוויקלט איז אין כמאַרעס,
אַלץ גייט אויף טײַוולשן באַראָט.

* נאַכט־צעבער פאַרן מענטשלעכן געברויך.

געשמאַכט כ׳האָב טאָג און נאַכט אין צעלע,
אין דמיון האָב איך אַלץ געזען:
לבנה־נעכט אויף ניעמאַן־ברעגעס,
די וועלט אַ חלום איז געווען...

די סאָסנעס האָבן מיך פאַרשיכורט
מיט שטילן רויש און אַראָמאַט.
און יונגוואַרג זינגט פון נײַע צײַטן,
ווען אַלע מענטשן פרײַ און זאַט...

ווען איבער שטעט און איבער דערפער
וועט פלאַטערן די רויטע פאָן — — —
געקומען די געגאַרטע „פרײַהייט״,
מיט תפיסה גאַר זי הייבט זיך אָן.

מיט תפיסה און מיט אַ פּאַראַשאַ
צוקאַפּנס אויפן האַרטן דיל.
דערפון די יוגנט האָט געחלומט?
צי דאָס געוועזן איז דער ציל? — — —

און דער פינאַל — אַ פּי־צוג לאַנגער,
געקראַטעוועטער עשעלאָן;
ער פירט צו טײַגעס און צו שנייען,
ווו ס׳הייבט די קאַטאָרגע זיך אָן.

און דער פינאַל — אין די מרחקים
אַ „זאָנע״ מיט אַ הויכן צוים — — —
איז דאָס געווען דער יוגנטס חלום?
איז דאָס געווען דער צוקונפט־טרוים? — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1971

## איך קען נישט פאַרגעסן

איך קען נישט פאַרגעסן פון צפון די שנייען,
די „זאָנע״, די טײַגע, די שנייבערג, זאַווייען,

די יאָלקעס אין טײַגע, גראָב עטלעכע מעטער —
גיי זעג זיי, גיי האַק זיי בײַם פּראָסטיקן וועטער.

ווי קלעצלעך ווי שטײַפע פון פראָסט ווערן פינגער.
עס קרעכצן די שקלאַפן — צי עלטער, צי ייִנגער.

עס „נו'קען", דערמאָנען אַלץ די בריגאַדירן:
— „פּוילאַקעס, איר וועט דאָך די „פּײַקע" פאַרלירן"...

נאָר ס'ברענט און עס שנײַדט זיך דער פראָסט אין די גלידער,
דער אײַזיקער טויט פרעסט די שקלאַפּישע ברידער.

געבראַכט זיי צום אומקום האָט גרויזאַמער שטן.
נישט איינער עס בלײַבט אונטער שנייען פאַרשאָטן.

— „העי, זשיוואָ! ראַבאָטײַ! [1] — עס גרילצן „סטריעלאָקן" [2].
און אָט פאַלט שוין איינער פאַרגליווערט — אָ זקן.

די טײַגע אומענדלעך און פאָדערט קרבנות.
מיליאָנען די קנעכט — און נישטאָ קיין רחמנות.

מלוכה דאַרף שקלאַפן — נו, „שאַפט מען" פאַרברעכער:
פון פשוטע בירגער ביז ראַנגען אויף העכער.

מ'דאַרף האָלץ, מען דאַרף קוילן און נאַפט פאַר מלחמות,
מ'דאַרף פאַנגען דאָך פעלקער, פאַרקנעכטן בשמות.

מען דאַרף דאָך פיל לענדער מיט כוח „באַפרײַען",
עס דאַרף „סערפּ און האַמער" די וועלט דאָך באַנײַען...

די קנעכטשאַפט געכשרט מיט פלאַם־רויטע פאָנען —
נו, מעגן אין לאַגערן שמאַכטן מיליאָנען — — —

איך קען נישט פאַרגעסן פון צפון די שנייען;
בריגאַדעס, וואָס טאָפּטשען, וואָס קריכן, וואָס גייען.

[1] העי, לעבעדיק! אַרבעט! — [2] נ.ק.וו.ד.־שומרים מיט אויטאָמאַטן.

עס האָט זיי געבראַכט דאָ אַ שטן אַ בייזער —
אַ געץ, וואָס געקרוינט האָט זיך פאַר אַ „דערלייזער" — — —

בוענאָס־איירעס, 1969

## פּראָיעקט פון אַ סטאַלין־דענקמאָל

אַ הויכער באַרג פון גאָלע שאַרבנס,
מיליאָנען שאַרבנס קאָמפּאָנירט.
די פאָרעם — ווי אַ פּיראַמידע,
פּראָנטאָן — מיט האַמער, סערפּ באַצירט.

און פאַר דער גרויסער פּיראַמידע,
פאַר אָט דעם הויכן טויטן־טראָן —
רופט: „אַרבעטער פון אַלע לענדער"
אַ ברייט צעפלאַטערט רויטע פאָן.

אויף שפּיץ פון אָט דער פּיראַמידע —
דער פעלקערס „פאָטער" פונעם לאַנד.
ער קוקט־אַראָפּ ווי אַ „באַפרייער",
מיט שאַרפער קאָסע אין דער האַנט.

מיט קאָסע, וואָס האָט אויסגעשאָכטן
אַזוי פיל שענסטע, בעסטע קעפּ.
און הויך זאָל זיין די פּיראַמידע,
צום שאַרבנס שפּיץ כאָטש טויזנט טרעפּ.

און ביי די פיס פון דעם „באַפרייער" —
אַ גאַנצע גאַלעריע קנעכט,
מיט לויב פאַר אים און פאַר זיין קאָסע:
— „דיין משפּט, „פאָטער", איז גערעכט"...

אין דורות ווייטע, פרייע וועט מען
צום דענקמאָל קומען אינעם לאַנד:
דערמאָנען וועט מען יענע קנעכטשאַפט,
מיליאָנען טויטן און די שאַנד — — —

מאַר־דעל־פּלאַטאַ, 1967

## אַ „לעבעדיקער" גרוס

באַקומען כ'האָב אַ „לעבעדיקן" גרוס הײַנט
פון טויטער היים מײַנער, פון היים פון אַלטער:
קיין ייִד קיין איינציקער נישטאָ איצט דאָרטן,
און ס'נעמט מיך דורך פון גרוס אַ שוידער קאַלטער.

איצט שטייען הײַזער דאָרטן פעסטע, נײַע,
און אַנדערע די גאַסן און די נעמען,
קיין זכר שוין נישטאָ פון מקום־קדוש:
נישטאָ די ייִדן מער — נישטאָ פאַר וועמען.

אויך דער בית־עלמין איז שוין אויס בית־עלמין,
איצט פּאַשען דאָרט בהמות זיך און ציגן,
מצבות לאַנג אַוועק פאַר בוי־פּלאַן נײַעם,
אַרט וועמען וואָס דאָ טויטע ייִדן ליגן?...

געוואָרן אַ „סאָווכאָז" איז איצט דאָס שטעטל,
„סאָיוז סאָוויעטסקי" * האָט דאָרט איצט וואַרשטאַטן,
צי אַרט איוואַנען וואָס געלעבט דאָ ייִדן?
די קברים פון אַ מאַמען? פון אַ טאַטן? — — — —

באַרילאַטשע, 1969

## פּאַרפּאַלן...

(סקערצאָ)

פּאַרפּאַלן, איך קען זיך נישט שיידן
מיט יאַמב, אַנאַפּעסט און טראָכיי:
זיי שלייפן מײַן פרייד, מײַנע ליידן,
שוין צוגעוווינט יאָרן מיט זיי.

* סאָוויעטסקי סאָיוז — ראַטן־פאַרבאַנד.

צו שפּעט זיי אַצינד צו פֿאַרראַטן,
אויף תּמיד מיט זיי איך פֿאַרבלײַב, —
אַזוי ווי מיט מאַמען, מיט טאַטן,
אַזוי ווי מיט אייגענעם ווײַב...

זיי מקריבֿ זײַן בלויז פֿאַר דער מאָדע —
בין איך נישט מחויבֿ. צו וואָס?
ס'איז גוט מיר מיט ריטעם, — כ'ליב גראָדע
פֿון וואָרט די מוזיק און די מאָס.

אַ „זײַטנשפּרונג" כ'קען מיר פֿאַרגינען
מיט פּערזן מיט ווײַסע, אָן גראַם.
נאָר, גלייבט מיר, איך קען נישט געפֿינען
אין זיי דאָן דעם אמתן טעם.

זײַט מוחל דעם „פֿינצטערלינג"-דיכטער,
איר דיכטערס אָן ריטעם, אָן גראַם...
און זײַט נישט קיין גרויזאַמע ריכטער
אויב עמעץ נאָך האַלט פֿון אַ צאַם...

ס'איז זיכער באַקוועמער און גרינגער
אַנטלויפֿן פֿון גדר, פֿון עול...
פֿאַרפֿאַלן, כ'געהער צו די זינגער,
וואָס זײַנען פֿאַרליבט אין אַמאָל — — —

בוענאָס אײַרעס, 1971

# אינהאַלט:

## געזאַנג אין פאַרנאַכט



## I אַקאָרדן



## II רגעס פון טרויס

## III צווישן פיר ווענט

## IV שטאָט־קאַשמאַרן



## V מיטן אַש אויפן קאָפּ

## VI יאָרן אין וואַנדער



## פון בוך: „ווערבעס בײַם וואַסער"

## VII פון אַלע געזינדן



## פון בוך: „ווערבעס בײַם וואַסער"



## VIII אויף פרעמדער ערד

## IX פון הייסן אַש

## X אויף שטילע וועגן

# ביכער פון אַברהם זאַק:

אַקאָרדן (לידער); גראָדנע, 1918.
" (צווייטע אויפלאַגע); פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע, 1921.
רגעס פון טרוים (טאַנקעס); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1919.
צווישן פיר ווענט (לידער); פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע, 1920.
אונטער די פליגל פון טויט (צווייטע אויפלאַגעס); פ"ג „די צייט", וואַרשע, 1921־3.
" " " " " (דריטע אויפלאַגע); בנימין האַרץ־פ"ג, בערלין־ווין, 1929.
אין שאָטן (נאָוועלן); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1922.
די הורבה און דער פּאַלאַץ (קינדער־מעשה); פאַרלאַג „אַלט־יונג", וואַרשע, 1923.
אַ זומער־חלום (נאָוועלן); פאַרלאַג א. י. שאַפּיראָ, וואַרשע, 1923.
אונטער היימישע הימלען (פּיעסע אין 3 אַקטן); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.
שטאָט־קאָשמאַרן (לידער); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.
פאָניע גנב יאַ כראָניק); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1929.
די פדוי פון שטאָט (נאָוועלן); קאָאָפּ' „ביכער", וואַרשע, 1931.
מיט אַש אויפן קאָפּ (לידער); פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947.
יאָרן אין וואַנדער (לידער און פּאָעמעס); פ"ג „דאָס פּוילישע ייִדנטום", ב. איירעס, 1949.
צווישן שאָטנס (דערציילונגען); פון דער סעריע „ביכער פון ייִדי פּען־קלוב", פּאַריז, 1950.
אין אומרו פון יאָרן („וואַרשע 1939" א"אַנד); פ"ג „ייִדבוך", בוענאָס־איירעס, 1954.
(פּרעמירט מיט דער סטאָלאַר־פּרעמיע ביי „די אידישע צייטונג", ב"א, 1955).
פון אַלע נע־ונדן (לידער); הויפּטפּאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, ב"א, 1955.
קנעכט זיינען מיר געווען (באַנד 1); פ"ג „דאָס פּוילישע ייִדנטום", בוענאָס־איירעס, 1956.
קנעכט זיינען מיר געווען (באַנד 2); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום", (פּרעמירט מיט
דער סוראָוויטש־פּרעמיע פון קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1957).
אויף שליאַכן פון הפקר (באַנד איינס); פאַרלאַג „ייִדבוך", ב"א, 1958.
אויף שליאַכן פון הפקר (באַנד צוויי); פאַרלאַג „ייִדבוך", ב"א, 1958.
(פּרעמירט מיט דער לויס לאַמעד־פּרעמיע אין ניו־יאָרק, 1959).
אויף פרעמדער ערד (לידער און פּאָעמעס); הויפּטפּאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, ב"א, 1962.
אין אָנהייב פון אַ פרילינג (זכרונות); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום", ב. איירעס, 1962.
אויף וועגן פון גורל (דערציילונגען); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום", ב"א, 1964.
אין קיניגרייך פון ייִדישן וואָרט (עסייען און דערמאָנונגען); הויפּטפּאַרקויף: „ייִוואָ",
בוענאָס־איירעס, 1966.
פון הייסן אַש (לידער און פּאָעמעס); הויפּטפּאַרקויף: ייִוואָ, ב"א, 1967.

